## 1. אַרייַנפיר

ס׳איז שווער, אומגעהויער שווער צו שרייבן איצט וועגן דער לאַגע פון יידן אין פוילן. מען האָט שוין אַזוי פיל געשריבן וועגן אונטערגאַנג און אויסגאַנג פון פוילישן יידנטום, אייניקע האָבן שוין אַפילו אַזוי טיף באַגראָבן און אַזוי שטאַרק באַוויינט און באַקלאָגט די פוילישע יידן, אַז אויף דעם געביט איז שווער עפּעס אויפצוטון. און איך בין זיך מודה פון אָנהויב אָן, אַז איך קלויב זיך בפירוש קעמפן קעגן דער דאָזיקער *אַבסאָלוטער* אונטערגאַנג־טעאָריע, קעגן דער דאָזיקער אַבסאָלוטער אויסזיכטלאָזיקייט. איך האַלט עס פאַר אַ חוב צו באַקעמפן די דאָזיקע יאוש־ און פאַרצווייפלונג־טעאָריעס ניט נאָר מחמת זיי ברענגען צו אַ שרעקליכער אָפּהענטיקייט און פּאַסיווקייט, נאָר דער עיקר מחמת זיי זיינען ניט ריכטיק, זיי שטימען ניט מיט דערווירקליכקייט.

איך זאָג *אַבסאָלוטע* אונטערגאַנג־טעאָריע, מחמת מען קאָן מסכים זיין, אַז ס׳זיינען פאַראַן שיכטן באַם פוילישן יידנטום, וועלכע מוזן זוכן רעטונג אין אויסוואַנדערונג. נאָר אַזוינע שיכטן זיינען אויך פאַראַן באַ די פּאָליאַקן. פון פוילן, אין זיינע איצטיקע גרעניצן, האָבן אויסגעוואַנדערט פאַר דער מלחמה בערך אַ פערטל מיליאָן נפשות יערליך — איצט עמיגרירן דורכשניטליך בערך נאָר ביז 100 טויזנט נפשות אַ יאָר. און די עמיגראַציע־פראַגע איז איינע פון די שווערסטע און וויכטיקסטע פּראָבלעמען פאַר דער פוילישער מלוכה. אָבער קיינער וועט דאָך נישט שטעלן אַזוי די פראַגע, אַז עמיגראַציע איז די *איינציקע* רעטונג פון דער איבערבאַפעלקערונג אין פוילישן דאָרף, פון דער גרויסער אַרבעטלאָזיקייט אין די שטעט, פון דער ביליקייט פון אַרבעט־קראַפט צוליב דער גרויסער קאָנקורענץ פון אַרבעט־זוכנדיקע א. א. וו. א. א. וו. געוויס איז די נויט באַ יידן אין עמיגראַציע אַ סך שטאַרקער, ווי באַ דער אַרומיקער באַפעלקערונג — מאַכן דאָך טאַקע יידן אויס אין דער איצטיקער אויסוואַנדערונג פון פוילן צווישן 20 און 25 פּראָצענט, מער ווי צוויי מאָל אַ העכערן פּראָצענט, ווי יידן אין דער באַפעלקערונג. און געוויס זיינען די עמיגראַציע־באַדערפענישן און אויך די פסיכישע עמיגראַציע־גרייטקייט באַ יידן אַ סך גרעסער און שטאַרקער, ווי באַ דער אַרומיקער באַפעלקערונג. אָבער צושפּיצן די יידישע פראַגע אין פוילן אַזוי, אַז ס׳זאָל זיך ממילא באַקומען אַן ענטפער, אַז די יידישע מאַסן האָבן נאָר איין וועג אויף זיך צו ראַטעווען, און דאָס איז *אויסוואַנדערן*, אַנטלויפן, זיך אַרויסרייסן פון דעם דאָזיקן גיהנם — אָט אַזאַ שטימונג שאַפן איז געוויס שעדליך.

האַלט דאָך אָן די פּאַניק באַ דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן אָט שוין גאַנצע צען יאָר, כמעט אָן הפסקות, כמעט אָן אָפּשוואַכונגען, אַ פּאַניק, וואָס איז געוואָרן פון אַ רעזולטאַט פון שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען כמעט אַ פאַקטאָר פון אָפּשוואַכן און דערשלאָגן די ענערגיע און מוט פון די מאַסן אין זייער קאַמף פאַר זייערע פּאָזיציעס. האָט דאָך די יידישע פּרעסע באַוויינט דעם גורל פון פוילישן

יידנטום אין זעלבן נוסח און מיט דער זעלביקער פאַרצווייפלונג אי אין די יאָרן פון אינפלאַציע, ווען די אינדוסטריע האָט אויפגעלעבט, אין אין די ערשטע יאָרן באַלד נאָך דער אינפלאַציע, ווען דער קריזיס האָט דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה, אי אין די גוטע יאָרן 1927—1928 און ענדליך אין די לעצטע חדשים, ווען ווירקליך דער קריזיס האָט נאָך אמאל פאַרכאַפּט אין זיין קלעם דאָס גאַנצע לאַנד און אין דער גרעסטער מאָס אלע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די עקאָנאָמישע אויפלעבונג פון די יאָרן 1927 און 1928 האָט געצוואונגען די אייראָפּעאישע פּרעסע און די אייראָפּעאישע וויסנשאַפט אויפהערן ריידן מיט ביטול וועגן „פּוילישער ווירטשאַפט“ און „פּוילישער מלוכהשקייט“; דאָס באַטראַכטן פּוילן ווי א „סעזאָן־מלוכה“, ווי א „זיבעלע“, וואָס וועט זיך ניט קאָנען שטעלן אויף די אייגענע פיס און וועט מוזן כסדר געפירט ווערן פון ניאַנקעס — אט די דאזיקע חוזק־באַציאונג צו פּוילן האָט אויפגעהערט. און הכל מודים, אז פּוילן האָט דורכגעמאכט א קאָלאָסאַלע אנטוויקלונג, דאָס פאַרהיילט א סך וואונדן, היסטאָרישע פון דער גאָר אַמאָליקער צעטיילונג, פרישע פון דער וועלט־מלחמה און פון די נאָכמלחמהדיקע נאָכווייענישן. פּוילן האָט אויפגעשטעלט די באַנען, אויך אויפגעבויט נייע באַנען און אויפגעשטעלט א נייעם האַפן; זי האָט אויפגעבויט צענדליקער און הונדערטער רואינירטע שטעטלעך און דערפער; האָט שוין ביז א געוויסער מאָס צוריק צוזאַמענגעבונדן און צוזאַמענגעקניפּט די צעריסענע טיילן פון אמאליקן פּוילן; האָט אריינגעלייגט ביז צען מיליאַרד זלאָטעס אין מלוכה־אונטערנעמונגען; האָט א שטאַרקן שטופּ געטאָן פאָרווערטס דעם קולטורעלן צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג; האָט אין דער אַגראַר־ווירטשאַפט שטאַרק איבערגעיאָגט דעם פאַרמלחמהדיקן צושטאַנד און אפילו אין דער אינדוסטריע האָט שוין אויך פּוילן איבערגעיאָגט דעם דאזיקן צושטאַנד; האָט געשאַפן א סטאַבילע וואַלוטע, א גרויסע נעץ פינאַנץ־אינסטיטוציעס און א גאַנץ גרויסע פאַרשיידנאַרטיקע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג א. א. וו. א. ד. ג. און דאָס אַליץ אין איינע צען יאָר און בּאַ די שווערסטע און אומגינסטיקסטע באַדינגונגען: די אמאל אָפּגעריסענע פון פּוילן טיילן זיינען אין משך פון הונדערט יאָר אזוי עקאָנאָמיש צוזאַמענגעוואַקסן געוואָרן מיט די זיגער־מלוכות, אז דאָס אָפּרייסן זיי צוריק פון די דאזיקע מלוכות איז געווען א קאַטאַסטראָפע פאַר יעדן פון די דאזיקע טיילן; צוויי דריטל אָדער דריי פערטל פון איצטיקן פּוילן איז געווען דער פּלאַצדאַרם פון דער וועלט־מלחמה, און דער חורבן איז דאָ געווען אומגעהויער; די דייטשע אָקופּאַציע האָט אויך פּוילן ניט וואָלוול געקאָסט — לויט די דאַטן פון די לאָדזשער פאַבריקאַנטן האָט מען נאר פון לאָדזשער קרייז אַרויסגעפירט מאַשינעס און סחורות אויף 865 מיליאָן זלאָטעס*) און מיטן געלט, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן אין רוסלאַנד בּאַ די קונים און אין די בענק, האָט די לאָדזשער אינדוסטריע געהאַט היזק ביז צוויי מיליאַרד זלאָטעס*); פּוילן ליגט צווישן צוויי גרויסע פיינטליכע מלוכות, מיט וועלכע זי פירט און וועלכע פירן מיט איר אַן עקאָנאָמישע מלחמה און גאָר אין די לעצטע טעג איז געשלאָסן געוואָרן אַ האַנדלס־אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד, וועלכער איז אויך נאָך לעת־עתה ניט ראַטיפיצירט געוואָרן; פּוילן האָט כמעט ניט באַקומען קיין אויסלענדישע הלוואות און האָט געמוזט די גאַנצע רעקאָנסטרוקציע־אַרבעט דורכ־

*) Kryzys wlokiennictwa lodzkiego, Lodz, 1929, S. 36.

פירן אויפן חשבון פון דער פאַראָרימטער באַפעלקערונג; און ועל כולם — די גאַנצע צייט לעבט פוילן אין פאָליטישן פיבער, אין פאָליטישער היץ, וואָס שוואַכט ניט נאָר אָפּ די קרעדיט-פעאיקייט פון לאַנד, נאָר צעטרייסלט דאָס עקאָנאָמישע לעבן און שאַפט אַ שעדליכן נערוועזן צושטאַנד.

איך וויל ניט זינגען קיין לויב-געזאַנג פוילן, נאָך ווייניקער דעם פאָליטישן רעזשים, איך ווייס אויך זעהר גוט ווי מיליטאַריסטיש דאָס איצטיקע פוילן איז און אַז אַ דריטל פון מלוכה-בודזשעט גייט אַוועק אויף דער אַרמיי. נאָך ווייניקער קלייב איך זיך פאַרלייקענען אָדער פאַרדעקן די אמת טרויעריקע און טאַקע אין אַ סך פּרטים ממש טראַגישע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג. איך האָב גענוג מאַטעריאַל געזאַמלט וועגן דער דאָזיקער טרויעריקער לאַגע און האָב גענוג דלות און דחקות געזען מיט די אייגענע אויגן און האָב קיין שום אינטערעס ניט דאָס אַלץ ניט דערציילן דעם לייענער-עולם. מיר גייט אָבער ניט נאָר אין דעם, אַז מיר זאָלן באַקומען אַ ריכטיק בילד פון דלות אין איצטיקן מאָמענט; ס'גייט מיר אַ סך מער אין דעם, אַז מיר זאָלן אָנטאַפּן די אמתע סיבות פונם קריזיס אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן, מיר זאָלן פעסטשטעלן די אַנטוויקלונג-פּראָצעסן אין יידישןווירטשאַפטליכן לעבן און זאָלן געפינען אַ מאָסשטאַב אויף אָפּצושאַצן די מעגליכע עקאָנאָמישע צוקונפט פון פוילישן יידנטום.

די הויפּט-פראַגע באַשטייט דאָך אין פאָלגנדיקן:

א) צי איז דער איצטיקער קריזיס אין פוילן אויסשליסליך אַ פ ו י ל י ש ע ר קריזיס, וואָס האַלט אָן די גאַנצע צייט פון דער פוילישער מלוכה-זעלבשטענדיקייט און האָט נאָר איצט, צוליב צוגעפאַלענע צייטווייליקע אינטערנאַציאָנאַלע סיבות, דערגרייכט זיין העכסטע שאַרפקייט, ד. ה. איז דער קריזיס אַן אָ ר ג א נ י ש ע ר, וואָס קאָן ניט פאַרשווינדן מיטן פאַרשווינדן פון די דאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע סיבות אָדער, פאַרקערט, די נאָרמאַלע, געזונטע, אָרגאַנישע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון פוילן, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שטייגן, איז איבערגעהאַקט און איבערגעריסן געוואָרן פון דרויסנדיקע פאַקטאָרן, און במילא מיטן פאַרשווינדן פון די דאָזיקע פאַקטאָרן מוז פאַרשווינדן אויך דער פועל-יוצא — דער פוילישער קריזיס?

ב) אויב דער קריזיס איז אַ ספּעציפיש פוילישער, וואָס האַלט אָן די גאַנצע צייט פון דער פוילישער זעלבשטענדיקייט, צי שטעקן דאַן זיינע סיבות אין דער אָרגאַנישער סתירה, וואָס האָט זיך געשאַפן אין זעלבשטענדיקן פוילן צווישן דער גרייטער גרויס-אינדוסטריע און דער הויכער אַגראַר-פּראָדוקטיווקייט, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסן בײַ גאַנץ אַנדערע אָפּזאַץ-באַדינגונגען, און צווישן די אינעווייניקסטע און אויסנווייניקסטע אָפּזאַץ-מעגליכקייטן איצט, ד. ה. צי שטעקן זיי אין דער אַבסאָלוטער אוממעגליכקייט צו לייזן וויפיל ס'ניט איז די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון די באַשטאַנדטיילן פון פוילן אָן די פאַרלאָרענע אָפּזאַץ-מערק, ווי רוסלאַנד פאַר דער טעקסטיל-אינדוסטריע, דייטשלאַנד פאַר די פּויזענער און פּאָמערשער אַגראַר-פּראָדוקטן און פאַר די שלעזישע קוילן, עסטרייך פאַר די אַגראַר-פּראָדוקטן און זאַלץ און נאַפט פון גאַליציע; אָדער דער דאָזיקער טאַקע ספּעציפישער פוילישער קריזיס איז ניט קיין אָרגאַנישער, נאָר אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגיאָריקער פאַלשער עקאָנאָמישער פּאָליטיק: פון אַ שלעכטער שטייער-סיסטעם; פון אַן איבערטריבענעם מיליטער-בודזשעט; פונם

פעלן פון אייגענע קאַפּיטאַלן און אומפעאיקייט צוציען פרעמדע קאַפּיטאַלן; פון די צו גרויסע אינוועסטיציעס אין מלוכה-אונטערנעמונגען און מלוכה-אינסטיטוציעס דורך אויספּאַמפּען די לעצטע מיטלען בײַ דער אַזוי אויך פּאַראָרימטער פון דער מלחמה און פון דער אינפלאַציע באַפעלקערונג; פון דער פּאָליטישער אומזיכערקייט אין לאַנד; פון אַן אויפרייס-פּאָליטיק לגבי די שטאַרקערע שכנים, — הכלל, פון א גאַנצן פּאַק סיבות, וואָס ווירקן די גאַנצע צייט פון דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט אלע צוזאַמען אָדער מיט קליינע הפסקות און אָפּשוואַכונגען פון דעם אדער יענעם שטענדיקן פאַקטאָר, וואָס ליגן אָבער אלע אין די ראַמען פון דער פּוילישער מלוכה ווי זי איז און זייער לייזונג איז בגדר המעגליכקייט?

און ערשט נאָכדעם שטעלט זיך די פראַגע:

צי איז די יידישע באַפעלקערונג אזא אָרגאַנישער טייל פונם גאַנצן ארום, אז זי מוז איבערלעבן און דורכלעבן אַלץ, וואס די גאַנצע מלוכה מאכט דורך, ובכן, ניט נאר קריזיסן און ירידות, נאר אויך אויפלעבונגען און עליות, ניט נאר שווערע צייטן, נאָר אויך גוטע טעג, אָדער די יידן זיינען שוין אזוי איזאָלירט און פאַררוקט אין א זייט פון גרויסן שליאַך פון עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד, אז זיי קומען אָן נאר די שטיינער און ניט די זונען-שטראַלן, אז זיי פארלירן אפילו דעמאלט, ווען אלע געווינען? ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אז די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג לגבי די יידן, וואס איז באַקאַנט מיטן נאמען „עטאַטיזם“ און וואס מיר וועלן ווייטער גענוי באַשרייבן, שוואַכט אָפּ די ווירקונג פון די אויפלעבונג-מאָמענטן אויפן יידישן לעבן, מאכט קלענער דעם אָנטייל פון יידן אין די עליות און גרעסער זייער חלק אין די ירידות. אבער א באַפעלקערונג, וואס האלט אין אירע הענט צוויי דריטל פון גאַנצן האַנדל אין לאנד און אין א סך שטעט און אין א סך צווייגן דערגייט איר אנטייל ביז 80—90 פּראָצענט; אַ באַפעלקערונג, וואס האט א פערטל פון דער אינדוסטריע אין אירע הענט און פון די אונטערנעמער — א גאַנץ דריטל און אין אייניקע צווייגן און אין אייניקע שטעט דערגייט איר אָנטייל ביז צוויי דריטל און מער — אַזאַ באַפעלקערונג קאָן ניט זיין אין דער אדער יענער מאָס א שותפטע צו פּאָזיטיווע עליה-דערשיינונגען אין עקאנאמישן לעבן פון לאַנד. געוויס, די מאָנאָפּאָליזירונג פון א סך אינדוסטריע- און האַנדלס-צווייגן, וואָס ברענגט מיט זיך אַן ארויסשטויס פון אַלע יידישע עלעמענטן פון די דאָזיקע צווייגן; די קאַרטעליזירונג מיטן אָנטייל פון דער רעגירונג, וואָס ברענגט אויך צו אַן אָפּשטויס פון יידישער ארבעט-קראַפט; דאס צו שטאַרקע אריינמישן זיך פון דעם רעגירונג-אַפּאַראַט אין ווירטשאַפט-לעבן מיט רעגולירן דעם עקספּאָרט און אימפּאָרט, מיט סטאַנדאַריזירן די ארויספיר-סחורות וכדומה לאזט זיך אויך אויס צו יידישע קעפּ, ווייל דער רעגירונג-אַפּאַראַט איז אויסשליסליך א פּוילישער און פירט א באַוווסטזיניקע אַנטיסעמיטישע עקאָנאָמישע פּאָליטיק; די אַנטיסעמיטישע קרעדיט-פּאָליטיק פון די רעגירונג-בענק און די געוואַלטיק אויפגעצויגענע שטייער-שרויף, וואָס טרעפט אויך אין א סך א גרעסערער מאָס די יידישע באַפעלקערונג, ווי די קריסטליכע; דער באָיקאָט פון יידישער און גייסטיקער אַרבעט-קראַפט דורך די מלוכהשע, שטאַטישע און אַנדערע עפנטליכע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען די באַדייטנדיקסטע און זיכערסטע אונטערנעמער אין לאַנד — דאָס אַלץ מוז אפילו בײַ די בעסטע עקאנאמישע באַדינגונגען שטאַרק אָפּשוואַכן דעם אָנטייל פון דער יידי-

שער באַפעלקערונג אין עקאָנאָמישן אויפשטייג און אַראָפּשלאָגן אים ביז דער נידעריקסטער מדרגה. די דאָזיקע עקאָנאָמישע פּאָליטיק קאָן, בכן, אָ פּ ש וו אַ כ ן, אַ ר אָ פּ ש ל אָ ג ן דעם אויפשטייג פון די יידן אין א גוטער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג; זי קאָן אָבער ניט דעם דאזיקן אויפשטייג אינגאנצן פארניכטן, ווייל צו גרויס איז די באטייליקונג, די אומיטלבאַרע באַטייליקונג פון דער דאָזיקער באַפעלקערונג אין די וויכטיקסטע באשטאנדטיילן און צווייגן פון אזא עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג; צו א גרויסער מחותן איז די יידישע באפעלקערונג בא א גוטער און נאך מער, פארשטייט זיך, בא א שלעכטער עקאָנאָמישער קאָניונקטור, אז מען זאל זי קאנען פשוט אוועקרוקן פון חתונה-טיש און מאַכן צונישט איר ארבעט, איר פלייס, איר רירעוודיקייט, איר געניטקייט, אירע האַנדלס-טראַדיציעס און האַנדלס-פארבינדונגען. ניין, דאָס לאָזט זיך ניט דורכפירן אַפילו בא נאָך אַ שאַרפערער אנטי-יידישער עקאָנאָמישער פּאָליטיק. ס׳קאָנען ליידן ט יי ל ן פונם יידישן פאָלק; די שוואכערע מער, די שטאַרקערע ווייניקער, אָבער ס׳מוזן אויך זיין עלעמענטן, וועלכע זאָלן הנאה האָבן, איינע מער, אנדערע ווייניקער, אָבער ס׳ מ ו ז ן זיין אזעלכע. און אזוי ווי יידן זיינען בא זייער גאנצער פּאָליטיש-נאַציאָנאַלער שוואכקייט עקאנאמיש א שטאַרקע גרופּע און דערצו א געניטע און אויסגעפּרוּווטע אין קאַמף פאר עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, א גרופּע מיט עלנבויגנס, וואָס גיט זיך גאָר ניט אזוי גרינג אונטער, וואָס איז גענוג דערפינדעריש אינם קאַמף פאַר איר עקסיסטענץ און שלאָגט זיך פאר יעדן עקאָנאָמישן פּלאַץ עקשנותדיק, ניט מיד צו ווערן, מוז מען אָנעמען די הנחה, אז בא אַן אַלגעמיינער נאָרמאלער געזונטער עקאנאמישער אנטוויקלונג אדער בא א גוטער אויסנאַם-קאָניונקטור מוזן יידן אויך באַקומען א חלק און א געוויסער פּראָצענט יידן — אפילו א פעטן חלק.

די אלע שמועסן זיינען ניט סתם טעאָרעטישע הנחות און אַבסטראַקטע סברות — זיי האָבן פאר אונז א גרויסן פּראַקטישן באַטייט באַם אויסארבעטן די ריכטליניעס פון אונזער ווירטשאַפטליכער פּאָליטיק אין פּוילישן יידנטום.

ווארום אויב די פּוילישע מלוכה איז בכלל א שוואכער און קראנקער, אין עקאָנאָמישן זין, אָרגאַניזם, וואָס קאָן בשום אופן ניט פארנייען דעם ריס, וואָס די אמאָליקע צעטיילונג האָט געמאכט; אויב פּוילן איז אזא אונטערגעפּוילטער בנין, וואָס קאָן זיך האַלטן נאר בא אַ געוויסער פּאָליטישער סיטואציע, און נאָר האַלטנדיק זיך באַ די פּאָלעס פון אירע אַפּיטרופּסים, דעמאָלט איז ווירקליך יעדע קאָנסטרוקטיווע ארבעט אין פּוילן אַן ארויסגעווארפענע ארבעט, און אלע געדאנקען און האָפענונגען דארפן זיין קאָנצענטרירט אויף אויסוואַנדערונג, ווי קליין אירע מעגליכקייטן זאָלן ניט זיין. דעמאָלט איז אונזער חוב צו זאָגן די יידישע מאַסן אין פּוילן: ראַטעוועט זיך וואס גיכער, ווער ס׳קאָן נאָר! פּליט אפילו אין ווענעצועלע, אפילו אין קובע, ווייל ערגער ווי אין פּוילן וועט שוין ניט זיין! מיר זיינען מחויב דאָס צו זאָגן ניט נאר די שוין שוואכע און שוין אָרימע יידישע מאַסן, נאָר נאָך מער די פאַרמעגליכע און נאָך פעסטע עלעמענטן — זאָלן זיי בעסער זיך ארויסראַטעווען, ווען זיי פאַרמאָגן נאָך גענוג פיזישע און מאַטעריעלע כוחות אויף אָנהויבן ערגעץ ווו א ניי לעבן; זאָלן זיי ניט ווארטן אויף דעם אומפארמיידליכן אומגליק, וואָס מ׳ז זיי טרעפן אינם עקאָנאָמיש האָפענונגלאָזן און פערספעקטיוולאָזן פּוילן. דעמאָלט

מוז ווירקליך טראָגן די גאַנצע סאָציאַלע אַרבעט אַ גיכן הילף־כאַראַקטער און א צדקה־פאָרם, און דער צענטראַלער געדאַנק מוז זיין אָנגעשטעלט אויף אַרויסשלעפּן וואָס מער פאַרמשפּטע אויף אונטערגאַנג יידן, אַרויסרייסן וואָס מער קרבנות. דעמאָלט איז אַ פּאַניק, אַ שטענדיקע אומאויפהערליכע פּאַניק אפשר א געזונטע דערשיינונג — דאָס איז א התראה די יידישע מאַסן, אז זיי זאָלן זיך ראַטעווען פון א שיף, וואָס מוז אונטערגיין, וואָס איז פאַרמשפּט אויף ראַנגלען זיך תמיד מיט די אַרומיקע פיינט־ליכע כוואַליעס, אָבער תמיד אָן דערפאָלג.

גאָר אַנדערש איז אָבער אונזער גאַנצער צוגאַנג, אויב מיר קומען צום אויספיר, אַז פּוילן איז עקאָנאָמיש א גאַנץ געזונטער אָרגאַניזם, וואָס אַנטוויקלט זיך גאַנץ גוט, וואָס ווערט נאָר געשטערט פון זיינע אומגעלומפּערטע פּאָליטיקער, וועלכע האָבן ניט קיין מוט ניט צו הערשן אליין און ניט אַוועקצוגיין און האַלטן דאָס לאַנד אין איין פיבערן און דערלאָזן ניט אויף אזא אופן צו שאַפן די נויטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען פאַר א בעסערער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. גאָר אַנדערש איז אָבער אונזער צוקונפטס־קוק און אונזער האָפענונגס־מוט, ווען מיר קומען צום אויספיר, אַז פּוילן האָט א גע־זונטן באָדן פאַר א ווייטערדיקער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, אַז פּוילן האָט געווינ־שאַנסן אויף א געזונטער ווירטשאַפטליכער צוקונפט, און ס'פעלט נאָר אַ געזונטע פּאָליטיק בכלל און א געזונטע עקאָנאָמישע פּאָליטיק בפרט, אַ געזונטע קרעדיט־און שטייער־סיסטעם און א צושטראָם פון קאַפּיטאַל, אָן וועלכע רייכערע און מעכטי־קערע לענדער וואָלטן ניט געוועזן אַרויס פון דער נאָכמלחמהדיקער קלעם. קומט מען צו אַזעלכע אויספירן, דעמאָלט שטעלט זיך די גרויסע פראַגע, ווי צוצופּאַסן די יידי־שע מאַסן צו די געענדערטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, ווי אויסקעמפן פּולשטענ־דיקע עקאָנאָמישע גלייכבאַרעכטיקונג, ווי איבערשיכטן די יידישע מאַסן ניט אויף עמיגרירן, נאָר אויף בלייבן, ניט אויף דערווייל, נאָר אויף לדורות, ניט נאָר אויף תיכפדיקער הילף, נאָר אויך אויף א קומענדיקן פעסטן באָדן, ניט אַבי איבערקומען די בייזע שעה, נאָר אויף בויען א פעסטן און זיכערן בנין.

עמיגראַציע איז און בלייבט א קאָלאָסאַלער פאַקטאָר אויף צו פאַרגרינגערן די לאַגע פון די איבערגעבליבענע. און אפילו בײַ די איצטיקע געשלאָסענע טירן רייסן זיך אַרויס פון פּוילן ביז 25.000 יידן יערליך און דאָס דאַרף מען געוויס ניט נאָר שטיצן און אונטערהאַלטן, נאָר אויך מעגליך פאַרברייטערן דעם שטראָם, אָבער די איינ־שטעלונג פון די דריי מיליאָן יידן מוז שוין זיין ניט אויף דער דאָזיקער עמיגראַציע, וואָס קאָן אפילו ניט צונעמען דעם יערליכן נאַטירליכן צוואוקס, נאָר אויפן קאַמף אויף די ערטער — קאַמף קעגן די אויסערליכע כוחות, וואָס ווילן אונז פאַר־שפּאַרן אין א מאַציאַלן געטאָ, קאַמף קעגן דער אינעווייניקסטער אַפּאַטיע, קעגן דער פאַרצווייפלונג, קעגן דער היסטערישער פּאַניק, וואָס שטערט אזוי דער קאָנסטרוק־טיווער אַרבעט, קאַמף פאַר קאָנצענטרירן אַלע כוחות און אַלע געדאַנקען אויף פּאָ־זיטיווער דאָזיקער אַרבעט.

דאָס איינענע איז אויך מיטן צווייטן ציקל פראַגן, וואָס מיר האָבן אויבן פאָרמו־לירט — זיי האָבן זעלבן דעם פּראַקטישן ווערט, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס אויסגעלייגט.

וואָרום האַלט מען, אַז די יידן זיינען שוין אזוי איזאָלירט פונם גרויסן שליאַך פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון פּוילן, אַז אפילו בײַ גוטע קאָניונקטורן געוינען

זיי גאָר ניט און קיינע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג געווינען גאָר ניט אין ס׳קומט באַ אונז פאַר אַן אַלגעמיינע אַבסאָלוטע ירידה, דעמאָלט מוז מען מאכן די אויספירן, וואס מיר האָבן נאָר וואָס געמאַכט באַ דער הנחה, אַז פוילן האָט ניט קיין עקאנאמישע צוקונפט. האַלט מען אָבער, אַז באַ אַן אַלגעמיי-נער עקאָנאָמישער אויפלעבונג מוזן יידן אויך הנאה האָבן און באַ אונז קומט פאָר ניט קיין אַלגעמיינע און אַבסאָלוטע, נאר אַ טיילווייזע און רעלאַטיווע ירידה, קומט מען צו די אויספירן פון דעם צווייטן מין, וואָס מיר האָבן געמאַכט באַ דער הנחה, אַז פוילן האָט יאָ גוטע אויסזיכטן אויף אַ בעסערער עקאנאמישער צוקונפט.

די פראגע וועגן כאראקטער פון יידישן עקאנאמישן קריזיס פאַר זיך, ד. ה. צי איז דער יידישער קריזיס נאָר אַ קאָניונקטור-קריזיס, ארויסגערופן פון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער הערשנדיקער איצט עטאַטיסטישער פּאָליטישער סיס-טעם, ארויסגערופן פון פאָראיבערגייענדיקע עקאָנאָמישע שוועריקייטן און אָפּזאַץ-מני-עות, צי ער איז דער עיקר אַ סטרוקטור-קריזיס, וואס שטעקט אינם אומ-נאָרמאַלן פאַרעלטערטן און אָפּגעלעבטן סאָציאַלן בוי פון דער יידישער באַפעלקערונג, אין דער ניט-פּראָפּאָרציאָנעלער פּאַרטיילונג פון די סאָציאַלע גרופּן און קלאַסן באַ יידן, אַ סטרוקטור-קריזיס, וואָס דויערט שוין אַ סך יאָרן, נאָר האָט אָנגענומען קאַטאַ-סטראָפאַלע פאָרמען און מאָסשטאַבן צוליב די ספּעציפישע עקאָנאָמישע און פּאָלי-טישע באַדינגונגען, וואס הערשן איצט אין פוילן — אויף דער דאָזיקער ערנסטער און האַרבער פראַגע וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין איינעם פון די ווייטערדיקע קאַפּיט-לעך פון אונזער ארבעט. דאָס מאָל ווילן מיר בלויז קאָנצענטרירן אונזער גאַנצן גע-דאַנק אויף דער פראַגע איבער אַלע פראַגן — אויף דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון פוילן. מיר האַלטן דעריבער פאַר ביז גאָר וויכטיק פריער פון אַלץ זיך באַקענען מיט דעם אַנטוויקלונג-וועג פון פוילן פאַר די יאָרן פון זיין זעלבשטענדיקייט.

אבער איידער מיר גייען איבער צו די מאַטעריאַלן, וואָס גיבן אַ תשובה אויף דער דאָזיקער פראַגע, דאַרפן מיר באַמערקן, אַז אין אונזער באַטראַכטונג קאָנען מיר ניט אריינעמען די זעהר פאַרוויקלטע פּאָליטישע סיטואַציע, באַזונדערס די זעהר האַרבע און שטארק אָנגעוויטיקטע פּראָבלעם פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פוילן, ס׳איז ווירקליך גענוג צו פאַרברענגען אַ שטיקל צייט אין מזרח-גאַליציע, כדי גלייך דערפילן דעם ריח פון פולווער און דערשפירן, אַז מ׳זיצט דאָרטן אויף אַ וואולקאַן, וואָס קאָן יעדן טאָג אויפרייסן. די זעלבע שטימונג איז אין וואָלין און אין אַלע איבעריקע ווינקעלעך פון פוילן, ווו די אוקראַאינער האָבן אַ מערהייט.

אויך אויף דער ליטוויש-ווייסרוסישער גרעניץ איז די לאַגע גאַנץ קאָמפּליצירט, און באַזונדערס אויף דער גרעניץ מיט דייטשלאנד. מען פאַרשפּאָרט צו זאָגן, ווי וויכטיק דאָס אַלץ איז פאַרן עקאָנאָמישן גורל פון דער פּוילישער מלוכה און איר צוקונפט און ממילא שוין פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

גאָר ווי וויכטיק ס׳זיינען ניט די דאָזיקע אַלע פּאָליטישע פראַגן באַם באַטראַכטן די עקאָנאָמישע פּערספּעקטיוון פון פוילן, מוזן מיר זיך אָבער אָפּזאָגן אַריינעמען זיי אין חשבון, מחמת מ׳קאָן דאָ זאָגן נאָר נביאות און השערות, און קיין מענש אין דער וועלט ווייס ניט, ווען און ווי אַזוי דער פלאַם וועט נאָך אַמאָל אויפלאַקערן אין מזרח-אייראָפּע און ווען און ווי אַזוי ער וועט פאַרלאָשן ווערן. מיר מוזן זיך דעריבער באַגענוגענען

מיט דער קאָנקרעט געגעבענער סיטואַציע — מיט דער פּוילישער מלוכה אין אירע קאָנקרעטע גרעניצן און אָנעמען, אַז די לאַגע וועט מער אָדער ווייניקער אַ לענגערע צייט בלייבן סטאַביל. צען יאָר זעלבשטענדיק פּוילן גיבן אונז די מעגליכקייט פעסט־צושטעלן דעם דורכגעמאַכטן וועג פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער מלוכה — זיי וואַרפן אויך אַ שיין אויף די מעגליכע פּערספּעקטיוון פונם דאָזיקן לאַנד, אויף די וואַרשיינליכע וועגן פון זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג.

## 2. דער באַשטאַנד און דער וווּקס פון דער באַפעלקע־רונג אין פּוילן

לויט דער ציילונג פון 1921־טן יאָר האָט פּוילן געהאַט איינוווינער — 27.176.717. יידן זיינען דעמאָלט געווען לויט דער רעליגיע — 2.845.364 אָדער 10,5 פּראָצענט*). לויט דער גרויס פון דער באַפעלקערונג פּאַרנעמט, הייסט עס, פּוילן דאָס זעקסטע אָרט אין אייראָפּע (רוסלאַנד, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע און פּוילן). אויפן ערשטן יאַנואַר 1929, ד. ה. זיבן יאָר מיט דריי חדשים נאָך דער ציילונג, האָט מען גערעכנט אַ באַפעלקערונג אין פּוילן פון 30.408.247 נפשות**). ס'איז צוגעקומען פאַר זיבן יאָר מיט דריי חדשים — 3.231.530 מענשן, אָדער באַ 445 טויזנט אַ יאָר, אַנדערהאַלבן מאָל מער ווי דער צוואַקס אין דייטשלאַנד, וואָס פאַרמאָגט צוויי מאָל מער מענשן. פאַר זיבן יאָר איז דער צוואַקס געווען 11,8 פּראָצ. אָדער דורכשניטליך בערך 1,6 פּראָצ. אַ יאָר — דאָס איז נאָך רוסלאַנד און איי־ניקע באַלקאַן־מלוכות דער העכסטער צוואַקס אין אייראָפּע. דער זעלבער מחבר, וואָס האָט אויסגערעכנט די גאַנצע באַפעלקערונג פון פּוילן, קומט צום אויספיר, אַז אויפן 1־טן יאַנואַר 1929 זיינען געווען יידן אין פּוילן — 2.968.207 אָדער 9,8 פּראָצענט. דער מחבר איז אַליין מודה, אַז באַ יידן ווערט אַ גרויסע צאָל קינדער ניט פאַרשריבן און די אָפיציעלע דאַטן וועגן דעם יידישן נאַטירליכן צוואַקס שטימען ניט. פון אַנדערע מקורות ווייסט מען, אַז, למשל, איז אַזאַ קהלה, ווי לאָדזש, ווערט בערך אַ גאַנץ דריטל יידישע ניי־געבאָרענע ניט רעגיסטרירט. מ'מוז דעריבער רעכענען, אַז די צאָל יידן אין פּוילן איז בערך מער מיט אַ 70—80 טויזנט פון דער נאָר וואָס געבראַכטער ציפער, און ווען מ'נעמט אָן, אַז איצט זיינען פאַראַן אין פּוילן ניט ווייניקער פון דריי מיליאָן יידן, פאַרקלענערט מען ניכער די אמתע צאָל יידן, איידער מען פאַרגרעסערט זי.

דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון דער פּוילישער מלוכה איז, לויט די אָפיציעלע דאַטן פון 1921, געווען אַזאַ:

| | | |
|---|---|---|
| פּוילן | 69,2 | פּראָצענט |
| אוקראַינער | 14,3 | " |
| יידן | 7,8 | " |
| ווייסרוסן | 3,9 | " |
| דייטשן | 3,9 | " |
| אַנדערע | 0,9 | " |
| **סך־הכל** | 100,0 | " |

*) Rocznik Statystyki 1925/26, Warszawa, 1927, S. 25.
**) Kwartalnik Statystyczny 1929, T. VI. Warszawa, 1929, S. 1560.

אין א דייטשער אויסגאַבע*), וועלכע שטיצט זיך אויפן עסטרייכישן סטאַטיס־טישן אַמט, איז געווען א גאַניץ אַנדערע צוזאַמענשטעלונג פון די פעלקער אין פוילן.

דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון פּוילן (1922):

| | | |
|---|---|---|
| פוילן | 55,5 | פּראָצענט |
| אוקראַינער | 18,2 | " |
| יידן | 11,4 | " |
| דייטשן | 7,3 | " |
| ווייסרוסן | 5,8 | " |
| ליטווינער | 0,9 | " |
| אנדערע | 0,9 | " |
| **סך־הכל** | 100,0 | " |

לויט דער דאָזיקער רעכענונג, וואָס נעמט אָן, אז אין פוילן איז שוין אין 1922־טן יאָר געווען 3,100,000 יידן, קומט אויס, אז אין דער פוילישער מלוכה מאַכן אויס די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן כמעט גאַנצע 45 פּראָצענט. מיר מיינען, אז ביידע גע־בראַכטע צוזאמענשטעלונגען זיינען ניט ריכטיק. אז די אָפיציעלע דאַטן וועגן נאַציא־נאַלן באַשטאַנד פון פוילן זיינען ניט ריכטיק, איז קלאָר. די צאָל אוקראַינער איז געווייס געווען גרעסער. ראשית, האָבן די אוקראַינער אין א סך קרייזן פון מזרח־גאַליציע באָיקאָטירט די ציילונג; שנית, האָבן די באַאַמטע אין א סך ערטער פשוט פאַרשריבן פאַר פּאָליאַקן גלידער פון אַנדערע נאַציעס. די אוקראַינער טענהן, אז זיי האָבן געהאַט אין פוילן אין 1921־טן יאָר א באַפעלקערונג ניט פון 3,898,431, ווי די אָפיציעלע ידיעות גיבן אָן, נאָר פון גאַנצע 5,700,000 אדער 21,1 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין פוילן**), ד. ה. אַנדערטהאַלבן מאָל מער. ניט ווייני־קער טענות האָבן אויך די ווייסרוסן. מעגליך, אז זיי טרייבן אביסל איבער אין זייערע טענות, אז די ציילונג איז געווען גאָר און גאָר א געפעלשטע, אבער אז זי איז געווען שטאַרק צוגעפּוצט און אין א סך ערטער פשוט צוגעשניטן לויט א באַשטימטן פון צענטער נוסח איז גאָר קיין ספק ניט. מיר וועלן זיין, מיינען מיר, נאָענט צום אמת, אויב מיר וועלן אָננעמען, אז דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון פוילן איז געווען בערך פאָלגנדיקער:

| | | |
|---|---|---|
| פוילן | 60 — 61 | פּראָצענט |
| אוקראַינער | 17 — 18 | " |
| יידן | 10 — 10,5 | " |
| ווייסרוסן | 5 — 5,5 | " |
| דייטשן | 4 — 5 | " |
| אַנדערע | 1 — | " |

די נאַציאנאַלע מינדערהייטן מאַכן געווייס אויס ביז 40 פּראָצענט פון דער גאַנ־צער באַפעלקערונג פון פוילן, און אין 1921 האָבן זיי אויסגעמאַכט נאָך אַביסל מער, ווייל ערשט די לעצטע יאָרן האָבן א סך דייטשן אויסגעוואַנדערט פון פוילן.

*) Dr. C. Poralla-Berlin: „Polen“. Breslau, 1927, S. 11.

**) פּראָפ. י. שימאַנאָוויץ: „לאַנד און באַפעלקערונג“ (אוקראַיניש), לעמבערג ז. 20.

אויפֿן גרונט פֿון פֿארשיידענע אויסרעכענונגען קאָן מען אָננעמען, אז דער וווּקס פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין פּוילן פֿאר די לעצטע הונדערט יאר איז געווען פֿאָלגנדיקער*):

| | |
|---|---|
| 1825 . . . . . . . | 1,100,000 |
| 1880 . . . . . . . | 2,350,000 |
| 1900 . . . . . . . | 3,000,000 |
| 1921 . . . . . . . | 2,845,364 |
| 1930 . . . . . . . | 3,000,000 |

אין די ערשטע 55 יאָר האט זיך די יידישע באפֿעלקערונג מער ווי פֿארדאפּלט – דער יערליכער דורכשניטליכער צוּוואַקס איז געווען מער פֿון 2,0 פּראָצענט; פֿון 1880 ביז 1900, דוּגם ס׳האָט זיך שוין דעמאלט אנגעהויבן א מאַסן-אויסוואַנדערונג קיין אמעריקע פֿון גאליציע, ליטווישע און ווייסרוסישע גובערניעס און אין א געוויסער מאָס אויך פֿון קאָנגרעס-פּוילן און די אויסוואנדערונג פֿון פּויזן קיין בערלין האָט זיך אויך פֿארשטארקט, איז דאָך דער אָרטיקער צוּוואַקס נאָך געווען גאַנץ באַדייטנדיק און האָט אויסגעמאַכט א יערליכן דורכשניט פֿון בערך 1,4 פּראָצענט; אין די ערשטע צוואנציק יאָר פֿון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט איז די אַבסאָלוטע צאָל יידן אפילו קלענער געוואָרן אויף 115,000 – דאס איז דער רעזולטאט פֿון דער מלחמה און די עוואַקואַציעס און עפּידעמיעס, וואָס האָבן זי באגלייט; פֿאר די גאָר לעצטע יאָרן – פֿון דער ציילונג פֿון 1921-טן יאָר אָן – איז צוגעקומען בערך א 150 טויזנט יידן. אין אָט די גאר לעצטע יאָרן וואנדערט אוים פֿון פּוילן בערך פֿופציק פּראָצענט פֿונם יידישן נאַטירליכן צוּוואַקס, ווען בא דער גאנצער באַפֿעלקערונג וואנדערט אוים נאר איין פֿינפֿטל, אזוי אז דער פּראָצענט יידן מוז זיך מיט דער צייט פֿארקלענערן, בפֿרט נאך, אז אויך דער נאַטירליכער צוּוואַקס איז בא יידן אביסל קלענער ווי בא דער ניט-יידישער באַפֿעלקערונג, אויסמאכנדיק בערך נאר 1,2 ביז 1,3 פּראָצענט.

ווי פֿארשיידן ס׳זיינען געוואָרן די טיילן פֿון פּוילן, וואס האָבן העכער הונדערט יאָר געלעבט אין פֿאַרשיידענע באַדינגונגען – דאָס אליין איז א טעמע פֿאר א גאַנץ ווערק. מיר וועלן ברענגען נאָר אַ פּאָר ביישפּילן צו אילוסטרירן. די צאָל אַנאַלפֿאַבעטן איז געווען אין 1921 באַ דער באַפֿעלקערונג עלטער פֿון 10 יאר**):

| | |
|---|---|
| אין גאַנץ פּוילן . . . . . . . | 37,2 פּראָצענט |
| אין פּויזענער וואָיעוואָדסטווע . . . | 8,7 " |
| אין פּאָלעסיער וואָיעוואָדסטווע . . | 71,1 " |
| אין וואָלינער וואָיעוואָדסטווע . . . | 68,9 " |
| אין שלעזיע . . . . . . . | 3,6 " |
| אין וואַרשעווער וואָיעוואָדסטווע . . | 37,4 " |
| אין קראָקעווער וואָיעוואָדסטווע . . | 21,3 " |
| אין לעמבערגער וואָיעוואָדסטווע . . | 35,9 " |

*) חוץ 1921 זיינען די דאטן פֿאר אלע איבעריקע יאָרן מיינע שאַצונגען. – י. ל.

**) Rocznik Statystyki, Warszawa 1927, S. 39.

אויף איין קוואדראט-קילאָמעטער האָבן געוווינט
אין גאַנץ פוילן אין 1921-טן יאָר . . 70 נפשות
" אין 1928-טן יאָר . . . . . 78 "
אין שלעזיע . . . . . . . . . 266 "
אין לאָדזשער ראַיאָן . . . . . . 118 "
אין פּאָלעסיע . . . . . . . . 21 "

פּויזן ניט א געדעטעניש פון א העקטאר צוויי מאָל מער ווי גאַליציע און אנדערט-האַלבן מאָל מער ווי קאָנגרעס-פוילן.

לאמיר נאך גאַנץ קורץ זיך אָפּשטעלן אויפן וווקס פון די גרויסע שטעט אין זעלבשטענדיקן פוילן, ווייל דאָס איז דאָך געווים אויך איינער פון די סימנים, וואס כאַראַקטעריזירט די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פון לאַנד.

דער וווקס פון די גרויסע שטעט אין פוילן*):

| שטאָט | 1910 | 1919 | 1921 | 1929 |
|---|---|---|---|---|
| ווארשע . . . . . . . . | 781.179 | 820.180 | 936.713 | 1.086.305 |
| לאדזש . . . . . . . . | 408.442 | 309.608 | 451.974 | 597.183 |
| פּויזן . . . . . . . . | 156.691 | 156.091 | 169.422 | 247 753 |
| לעמבערג . . . . . . . | 206.113 | 198 066 | 219.388 | 239.692 |
| קראקע . . . . . . . . | 151.886 | 179 341 | 183.706 | 205 262 |
| לובלין . . . . . . . . | 65.870 | 81.198 | 94.412 | 116.314 |
| קאטאוויץ . . . . . . . | 43.173 | 47.706 | 50.020 | 123.780 |
| ווילנע . . . . . . . . . | 181.442 | 128.954 | — | 190.172 |

דעם גרעסטן רעלאטיוון צוואקס פאר די לעצטע צען יאָר — 1919—1929 — האָבן געהאַט לאָדזש, קאַטאָוויץ און פּויזן; אבסאָלוט האט אויך ווארשע געהאט זעהר א גרויסן צוואַקס פון 266 טויזנט מענשן. לאָדזש האָט זיך כמעט פארדאפּלט; דער צוואקס האָט אויסגעמאכט גאנצע 93 פּראָצענט. א גרויסן צוואַקס האט דאָ געהאט אויך די יידישע באַפעלקערונג, הגם ניט אזא גרויסן, ווי די ניט-יידישע. אזוי זיינען געווען יידן אין לאָדזש אין 1921 — 156.155 אדער 34,5 פּראָצענט און אין 1929 — 195.000 אדער 32,7 פּראָצענט. פאר זיבן יאָר איז צוגעקומען קרוב צו 40 טויזנט יידן אין לאָדזש, ווען דער נאטירליכער צוואַקס האט באטראָפן מאַקסימום באַ צען טויזנט; א סימן, אז פון דער פּראָווינץ איז צוגעקומען גאנצע 30 טויזנט יידן. קאַטאָוויץ האָט נאָך מער ווי פארדאפּלט איר באַפעלקערונג — פון 47.706 אין 1919 אויף 123.780 אין 1929. די יידישע באַפעלקערונג האָט דאָ אויך געהאַט זעהר אַ גרויסן צוואַקס. פון דריי טויזנט ערב דער מלחמה איז די יידישע באַפעלקערונג אויסגעוואקסן אויף 7—8 טויזנט אין 1930. אין פּויזן איז צוגעקומען אין צען יאָר כמעט 100 טויזנט איינוווינער; די יידישע באַפעלקערונג, וואס האָט

*) Rocznik Statystyki Rzeczpospolitej Polskiej, Warszawa 1929, S. 13.

געהאַלטן פאַר דער מלחמה אין איין פּאַלן און האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין 1921־טן
יאָר ביז 2018 נפשות, האָט די לעצטע יאָרן געגומען וואַקסן אויפן חשבון פון א
צוואַנדערונג פון פּוילישע יידן און מען רעכנט איצט שוין קרוב צו 5 טויזנט יידן
אין פּויזן און אפשר נאָך מער. די צוואַנדערונג פון פּוילישע יידן וואָלט געוויס
געווען א סך גרעסער, נאָר דאָ האָבן זיך פאַראייניקט די אַרטיקע באַפעלקערונג
מיט די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען און טוען אָן אַזעלכע נגישות און פּלאָגן יעדן
צוקומענדיקן ייִדן, אַז נאָר גרויסע עקשנים און בריות האַלטן זיך דאָ איין. אויך אין קאַ־
טאָוויץ איז דער אַנטיסעמיטיזם ניט קליין און אויף די צוגעוואַנדערטע פּוילישע יידן קוקט
מען דאָ אויך מיט געגוג בייזע אויגן און מען טוט זיי אָן ניט ווייניק צרות, אָבער
קאַטאָוויץ ליגט צו נאָענט צו א געדיכטער יידישער באַפעלקערונג און קאָן זיך בשום
אופן ניט אויסהיטן פונם עקשנותדיקן דראַנג פון די פּוילישע יידן אין דער דאָזיקער
שטאָט, וואָס האַלט אין איין וואַקסן. מ׳רעכנט, אַז פאַר די לעצטע 7—8 יאָר זייגען
אַריינגעפאָרן קיין פּויזן און שלעזיע ביז 20 טויזנט יידן פון קאָנגרעס־פּוילן און גאַ־
ליציע. די נאָענטע פאָלקס־ציילונג וועט אפשר באַווייזן נאָך א גרעסערע צאָל יידן אין
די דאָזיקע קאַנטן, וואָס זייגען אין משך פון הונדערט יאָר געווען א שטענדיקער רע־
זערוואַר פאַרן דייטשן יידנטום און האָבן צענדליקער טויזנטער יידן אַריבערגעשיקט
קיין בערלין און אין אַנדערע גרויסע שטעט און זייגען געוואָרן כמעט יידן־ריין. איצט
ווערן זיי צוריק באַלעבט דורך א שטראָם יידן פון די מזרח־קאַנטן פון פּוילן, און אין
די שטעטלעך, וווּ די בתי־מדרשים זייגען שוין געשטאַנען יאָרן פאַרשפּאַרט אָדער
זייגען געהיט געוואָרן פון די לעצטע איינצלנע מתפּללים, בויען זיך אויף נייע יידישע
קהלות, אָבער שוין ניט נאָר מיט בתי־מדרשים און מקוות, נאָר אויך מיט ליי־ און
שפּאָר־קאַסעס, מיט סוחרישע און האַנטווערקערישע אָרגאַניזאַציעס, מיט ביבליאָטעקן
און קולטור־פאַראיינען. אין קאַטאָוויצער קהל, וועלכן איך האָב באַזוכט, האָט מען
מיר שוין געענטפערט אויף ייִדיש — מען מוז זיך נעבעך צופּאַסן צו די נייע יידישע
איינוווינער, הגם אין די אַלע קהלות, ווו ס׳זייגען נאָך פאַרבליבן „דייטשע“ יידן,
פירן זיי אָן מיטן קהלשן לעבן און לאָזן ניט די אַזוי גערופענע „אָסט־יידן“ איבער־
נעמען די אָנפירונג מיט די קהלשע ענינים, ניט געקוקט דערויף, וואָס כמעט אומעטום זיי־
נען די לעצטע אין דער מערהייט. אין לעמבערג איז צוגעקומען פאַר די באַטראַכטע צען
יאָר מער פון 40 טויזנט נפשות און אויך דער פּראָצענט יידן איז געוואַקסן, אַזוי
זייגען געווען יידן אין לעמבערג:

1910 — 57.387 — 27,8 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג
1921 — 76.854 — 35,0 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג
1926 — 80.410*) — 35,1 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג

אין אַלגעמיינעם קאָן מען אָנגעמען, אַז דער וווּקס פון דער יידישער באַפעלקע־
רונג אין די גרויסע שטעט פון איצטיקן פּוילן שטייט ניט אָפּ פונם וווּקס פון דער
באַפעלקערונג אין די דאָזיקע שטעט בכלל און דאָס הייסט, אַז זיי באַטייליקן זיך
אין דער אַנטוויקלונג פונם האַנדל און אינדוסטריע אין די גרויסע שטעט אין אַן אַנט־
שפּרעכנדיקער פּראָפּאָרץ. אויב גראָד אין וואַרשע האָט זיך דער פּראָצענט יידן א קליין

*) די דאָזיקע ציפער האָב איך באַקומען אין לעמבערגער שטאָטישער סטאַטיס־
טישער ביוראָ. — י. ל.

ביסל פארקלענערט די לעצטע יאָרן, דערקלערט זיך דאס אויסשליסליך דערמיט, וואס ווארשע איז איצט די הויפּט־שטאָט פון א זעלבשטענדיקער מלוכה מיט זעדר א גרויסן מלוכה־אַפּאַראַט, אין וועלכן יידן זיינען אַבסאָלוט ניט פארטראטן.

נאָך דעם דאזיקן אלגעמיינעם קורצן איבערבליק איבער דער באַפעלקערונג פון דער פוילישער מלוכה, וועלן מיר איבערגיין צו איר עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פאר דער צייט פון איר זעלבשטענדיקייט, פארגלייכנדיק ווי מעגליך דעם נאכמלחמהדיקן צושטאנד מיטן פארמלחמהדיקן.

## 3. די אגראר־ווירטשאפט אין פוילן

די אַגראַר־ווירטשאַפט, פון וועלכער ס׳ציען חיונה מער פון צוויי דריטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין פוילן, איז דער יסוד פון דער פוילישער עקאָנאָמיק, און מיר וועלן פון איר אָנהויבן. מיר מוזן גלייך צוגעבן, אז די גרויסע דיסקוסיע, וואס האָט זיך עטליכע יאָר געפירט אין דער פוילישער וויסנשאפטליכער און פובליציסטישער ליטעראטור איבער דער פראגע, צי זאָל פוילן שטרעבן צו ווערן אַן אינדוסטריעל־אגראר־לאנד, דאס הייסט אין דער ערשטער רייע שטרעבן אנטוויקלען וואָס מער די אינדוסטריע, צי, פארקערט, פוילן מוז בלייבן אן אגראר־אינדוסטריעל לאַנד און מוז דעריבער פריער פון אלץ הויבן איר אגראר־ווירטשאפט אויף א העכערער מדרגה, — אט דער דאזיקער ויכוח האט זיך ארויסגעוויזן פאר ווייניק פרוכטבאַר, ווייל פוילן איז גאָר ניט פריי אין דעם פרט אויסצוקלייבן. דער וועג קיין מזרח־אייראָפּע, ווו זי וואָלט געקאנט אָפּזעצן אירע אינדוסטריעלע סחורות און וואלט געקאנט פארמיטלען דאס אריינפירן סחורות פון אנדערע אינדוסטריעלע לענדער, אָט דער דאָזיקער געשיכטליך אויסגעטראָטענער און איינגעפאָרענער וועג, וואס איז עקאָנאָמיש דער גינסטיקסטער פאר פוילן, אָבער פּאָליטיש דער געפערליכסטער, איז סיי ווי פארשפּאַרט אויף אלע זיבן שלעסער, און קיין מענש ווייס, ווען און בא וועלכע פּאָליטישע סיטואַציעס ער וועט פריי ווערן און וואָס פאר א רעזולטאטן דערפון וועלן ארויסקומען. בלייבט נאר דער ברייטער וועג קיין מערב־אייראָפּע, דער וועג אין די אינדוסטריעל אנטוויקלטע לענדער, וואס נויטיקן זיך אין גוטע אגראר־פּראָדוקטן און אין גוטע פי־פּראָדוקטן, און דער שמאָלער וועג אין יענע ווייטע אָדער נאָענטע אפּגעשטאנענע לענדער, ווי כינע און מאנדזשוריע, פון איין זייט, און רומעניע און יוגאָסלאַוויע, פון דער אנדערער, ווו די פּוילישע טעקסטיל־אינדוסטריע און טאקע כמעט נאר די דאזיקע איין און איינציקע פוילישע גרויס־אינדוסטריע קאָן קאָנקורירן מיט די אינדוסטריעל העכער אנטוויקלטע לענדער. פון דער דאזיקער אָביעקטיווער סיטואַציע, וואס קיינער קאן ניט וויסן, ווי לאנג זי וועט דויערן, — ווייל אפילו ווען פוילן זאָל שוין שליסן אַ האנדלס־אָפּמאַך מיט סאָוועט־רוסלאנד, הייסט דאָך דאָס נאָך ניט, אז די פוילישע סחורות באקומען א פרייען שליאַך צום רוסישן מארק, און ווי באַלד זיי מוזן גיין דורך דער סאָוועטישער האַנדלס־פארטרעטונג, מוז דער אָפּזאַץ זיין א נישטיקער, — פון אט דער דאזיקער אביעקטיווער לאגע ווערט אנגעצייכנט דער נאָענטער אַנטוויקלונגס־וועג פון פוילישן עקאָנאָמישן לעבן: אין דער ערשטער רייע הויבן די אגראר־ווירטשאפט און די אגראר־אינדוסטריע און אין דער

צווייטער רייע די שטאָטישע אינדוסטריע. אַז די דאָזיקע אָביעקטיווע לאַגע צווינגט אָפט די פּוילישע מלוכה פירן אַ קרעדיט־פּאָליטיק, וואָס זעט אויס פון ערשטן קוק אַנטיסעמיטיש און ווי אויף צו להכעיס די יידן, ווייל די לעצטע זיינען אי מיט זייער קאַפּיטאַל, אי מיט זייער אַרבעט־קראַפט פאַרנומען כמעט אויסשליסלעך אין די שטאָטישע אינדוסטריען און פריער פון אַלץ אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס ליידט אַם שטאַרקסטן פון די פאַרשלאָסענע טויערן קיין מזרח־אייראָפּע; מען מוז אָבער זיך שטעלן אויפן שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון גאַנצן לאַנד און ניט וואַרפן מיט אַנטיסעמיטישע באַשולדיקונגען, וווּ זיי זיינען ניט בנמצא — בפרט נאָך, אַז די פּוילישע רעגירונג זאָרגט שוין גאַנץ געגוג דערפאַר, אַז מיר זאָלן האָבן אַבסאָלוט באַגרינדעטע און פעסטע באַשולדיקונגען.

לאָמיר פאַרגלייכן דעם עקספּאָרט פון אַגראַר־פּראָדוקטן און איבערגעאַרבעטע אַגראַרישע סחורות מיטן עקספּאָרט פון פאַבריק־סחורות פון פּוילן (אין זלאָטעס)*):

| יאָר | אַגראַר־פּראַדוקטן: אבס. צאל | אַגראַר־פּראַדוקטן: פּראָצענט פון גאַנצן עקספּאָרט | פאבריק־סחורות: אבס. צאל | פאבריק־סחורות: פּראצענט פון גאנצן עקספּאָרט |
|---|---|---|---|---|
| 1927 | 907.695.000 | 36,0 | 310.780.000 | 12,4 |
| 1928 | 949 949.000 | 37,9 | 319.357.000 | 12,9 |
| 1929 | 1.102.321.000 | 39,0 | 493.556.000 | 17,5 |

דער אַרויספיר פון אַגראַר־פּראָדוקטן האָט, הייסט עס, אויסגעמאַכט אין די ערשטע צוויי יאָר דריי מאָל מער פון דעם אַרויספיר פון די פאַבריק־סחורות און אין לעצטן יאָר, ווען די פּרייזן אויף אַגראַר־פּראָדוקטן זיינען שטאַרק געפאַלן, נאָך העכער צוויי מאָל. אָבער בכלל קאָן מען אָננעמען, אַז אין פּוילישן אויסלענדישן האַנדל האָט דער עקספּאָרט פון אַגראַר־פּראָדוקטן אַ דריי מאָל גרעסערן באַטייט פון דעם פאַבריק־סחורות־עקספּאָרט.

דאָס הייסט אָבער ניט, אַז די אינדוסטריע האָט גאָר קיין פּערספּעקטיוון ניט אויף אַ ווייטערער אַנטוויקלונג אין פּוילן. דער פּוילישער אינעווייניקסטער מאַרק, אַ מאַרק פון 30 מיליאָן מענשן מיט אַ יערליכן צוּוואַקס פון כמעט אַ האַלבן מיליאָן נפשות, שטעלט פאַר מיט זיך אַ גאַנץ גוטע און געזונטע באַזע פאַר אַן אייגענער אינדוסטריע, בפרט נאָך, אַז דער דאָזיקער מאַרק האָלט ערשט, באַזונדערס אין די אַמאָליקע רוסישע טיילן און אין גאַליציע, בלויז אָנהויב פון זיין פאַנאַנדערוויקלונג און; ווייזט אַרויס אַ טענדענץ צו גאַנץ שנעלער פאַרברייטערונג. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז אָפּהענגיק פון דער קויף־קראַפט פון דער באַפעלקערונג, וואָס העכער 22 מיליאָן פון איר לעבן אין דאָרף, און די קויף־קראַפט פון דער דאָזיקער גרויסער מאַסע,

*) Ibid u. Wiadomosci Statystyczne, Warszawa 1930, Februar, S. 95.

וואס האָט נאך ווייט ניט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די גראָבע אַלטמאָדישע סוויטע און די גראָבע שטיוול, ערטערווייז נאך אפילו ניט אַראָפּגעוואָרפן די לאַפּטיעס, איז אָפּ-העננגיק פונם צושטאנד פון דער אַגראַר-פּראָדוקציע און אַגראַר-אינדוסטריע.

לאָמיר זשע זען, ווי האָט זיך אנטוויקלט די אַגראַר-ווירטשאפט אין פוילן.

די מלחמה האָט פוילן אזוי שטארק רואינירט, אז אין 1920 איז די גערעטע-ניש געווען ניט מער פון א ד ר י ט ל פון פאר דער מלחמה. אזוי האט באטראפן די גערעטעניש פון ווייץ און קאָרן (אין 1000 טאָן)*):

| | 1913 | 1920 |
|---|---|---|
| מערב-פוילן | 1898 | 680 |
| קאָנגרעס-פוילן | 3980 | 1110 |
| גאליציע | 1396 | 630 |
| **צוזאמען** | 7274 | 2420 |

פונקט א דריטל האט אין 1920-טן יאר באַטראָפן די גערעטעניש, און אָן שטיצע פון אמעריקע וואלט פוילן דעמאָלט ניט געווען געהאט קיין תבואה אפילו אויף שפּייזן די אייגענע באַפעלקערונג, שוין אָפּגערעדט פון עקספּאָרטירן. דעם מלחמה-חורבן מוז מען די גאנצע צייט גוט האלטן אין אויג, כדי אָפּצושאצן ווי געהעריק דעם ווערט און באַטייט פון דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג. מען באוווּנדערט אָפט דעם שנעלן טעמפּ פון דער אויפלעבונג אין דייטשלאנד, אָבער דייטשלאנד האָט דאָך ניט געהאט קיין מלחמה ב א ז י ך א י ן ל א נ ד, האָט באקומען גרויסע הלוואות פון אמעריקע, האָט ניט געהאט קיין ירושה פון זיין העכער הונדערט יאר צעריסן צווישן דריי שטארקע מלוכות און זיין עקאָנאָמיש צעשפּאַלטן און איינגעפלאכטן אין די דאזיקע מלוכות, האָט ניט געהאט קיין רואינירטע אינדוסטריע, האט דערפאר געהאט א סך, א סך מע-לות, ווי א הויך קולטורעלע באַפעלקערונג, רייכע פארבינדונגען מיט אויסלענדישע מערק, א געוואלטיק גרויסע אמונה מצד דער גאנצער וועלט אין דער צוקונפט פון דייטשלאנד און א צוטרוי צו איר קרעדיט א. א. וו. אבער מיר מיינען בכלל, אז פוילן קאָן מען אין קיין שום פרט ניט פאַרגלייכן מיט מערב-אייראָפּעאישע לענדער, הגם זי שטרעבט אָנגענומען צו ווערן פאַר אַזעלכער — זי איז נאָך דורך און דורך א מזרח-אייראָפּעאיש לאַנד, מיט א גרויסן איבערגעוויכט פון אַגראַר-ווירטשאפט, מיט א קליינער שטאָטישער באַפעלקערונג, מיט קליינע הצטרכותן בא דעם גרעסטן רוב פון דער באַפעלקערונג, מיט פּרימיטיווע פארבינדונגען, מיט א גענוג גרויסער קולטורלאזיקייט, אָן פעסטע פּאָליטישע טראַדיציעס און אינסטיטוציעס. אין פארגלייך מיט רוסלאַנד איז אפשר פוילן שוין א שטיק „אייראָפּע“, אָבער אין פארגלייך מיט דערווירקליכער אייראָפּע איז זי נאָך „אַזיע“, יעדנפאַלס זעהר נאָענט צו אַזיע.

נאָר לאָמיר איבערגיין בעסער צו דער אַנטוויקלונג פון דער אַגראַר-ווירטשאַפט פאר דער צייט פון דער זעלבשטענדיקייט פון פוילן.

*) Dr. C. Poralla-Berlin: „Polen“, Breslau 1927, S. 17.

## דער שטח פארזייטע פעלדער אין פוילן*):
(אין 1000 העקטאר)

| | 1913—1909 | | 1921 | | 1925 | | 1928 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבס. | פראצ. | אבס. | פראצ. | אבס | פראצ. | אבס. | פראצ. |
| ווייץ | 1.352,7 | 100,0 | 980,7 | 72,5 | 1.295,9 | 95,8 | 1.289,6 | 95·3 |
| קארן | 5.087,2 | 100,0 | 4.322,3 | 85,0 | 5.770,2 | 113,4 | 5.340,6 | 105·0 |
| גערשטן | 1.265,4 | 100,0 | 849,2 | 67,1 | 1.104,0 | 87,2 | 1.156,0 | 91,4 |
| האבער | 2.749,0 | 100,0 | 1.410·2 | 51,3 | 1.947,6 | 70,8 | 2.038,2 | 74,1 |
| פלאקס | 81,8 | 100,0 | 109,8 | 134,2 | 108,3 | 132,4 | 114,1 | 139,5 |
| קארטאפל | 2.404,4 | 100,0 | 2.422,6 | 100,8 | 2.419,3 | 100,6 | 2.504,7 | 104,2 |
| בוראקעס | 167,8 | 100,0 | 195,2 | 116·3 | 172,0 | 102,5 | 234,3 | 139,6 |

בא פלאַקס און בוראַקעס איז דער פארזיי־שטח אין 1928 אויף גאנצע 40 פראָצענט העכער פונם דורכשניט אין די יאָרן 1909—1913; בא קאָרן איז ער העכער נאָר מיט 5 פראָצענט, אָבער אין פארגלייך מיט 1921 איז ער העכער מיט א פערטל; דער קאַרטאָפל־שטח איז אויך העכער פונם פארמלחמהדיקן. און נאר בא ווייץ, גערשטן און האָבער איז דער פארזיי־שטח קלענער ווי פאר דער מלחמה.

די גערעטעניש פון איין העקטאַר איז געווען (אין קווינטאַלן=100 קילאָגראַם**):

| | 1913—1909 | 1921 | 1925 | 1928 |
|---|---|---|---|---|
| ווייץ | 12,4 | 11,2 | 13,4 | 12,5 |
| קאָרן | 11,2 | 10,3 | 11,7 | 11,4 |
| גערשטן | 11,8 | 10,6 | 11,8 | 13,2 |
| האָבער | 10,2 | 9,4 | 10,7 | 12,3 |
| פלאַקס | 5,1 | 5,8 | 5,0 | 4,6 |
| קאַרטאָפל | 103,0 | 74,0 | 102,0 | 110,0 |
| בוראַקעס | 245,0 | 142,0 | 214,0 | 209,0 |

חוץ פלאַקס און בוראַקעס איז בא אלע איבעריקע פראָדוקטן די גערעטעניש באדייטנדיק העכער ווי פאר דער מלחמה. נאך אָנזעעוודיקער ווערט די מדרגה פון דער העכערונג פון דער גערעטעניש, ווען מען פארגלייכט דאס לעצטע יאָר גיט מיטן דורכשניט פון 1909—1913, נאר מיטן יאר 1921.

א קאָלאָסאַלע אַנטוויקלונג האט דערגרייכט די צוקער־אינדוסטריע אין פוילן. פוילן האָט פראָדוצירט צוקער (אין טאָן)***):

*) Rocznik Statystyki..... 1929, S. 38; Wirtschaft des Auslandes, bearbeitet im Statistischen Reichsamt, 1900—1927 u. 28, Dr. C. Poralla-Berlin: „Polen“, Breslau 1927, S. 18—19.

**) דאָרטן.

***) Wiadomosci Statystyczne, Warszawa, 1930, Januar, S. 3.

| | | |
|---|---|---|
| 1923–1922 | 273.848 | 100,0 |
| 1926–1925 | 521.186 | 190,3 |
| 1929–1928 | 670.905 | 245,0 |

די פּראָדוקציע האט זיך מער ווי פארדאפּלט אין זעקס יאר. דער עקספּאָרט פון צוקער האָט זיך פאר דער זעלבער צייט כמעט פארדרייפאכט. פוילן האָט פארקויפט קיין אויסלאַנד צוקער*):

| | | |
|---|---|---|
| 1923–1922 | 98.587 | טאָן |
| 1926–1925 | 246.884 | " |
| 1929–1928 | 250.961 | " |

אבער אויך די באפעלקערונג פון פוילן האט הנאה געהאט פונם וווּקס פון דער צוקער-פּראָדוקציע. אזוי האָט מען אין פוילן פארברויכט פּראָ קאָפּ*):

| | | |
|---|---|---|
| 1923–1922 | 6,3 | קילאָגראַם |
| 1924–1923 | 6,8 | " |
| 1925–1924 | 8,7 | " |
| 1926–1925 | 8,8 | " |
| 1927–1926 | 10,8 | " |
| 1928–1927 | 11,3 | " |
| 1929–1928 | 13,3 | " |

א שטענדיקער אומאויפהערליכער צוּוואַקס פון צוקער-פארברויך, וואס האָט זיך אין משך פון זעקס יאָר מער ווי פאַרדאָפּלט. מיר רעכענען, אַז דאָס איז א סימפּטאָם פונם אלגעמיינעם וווּקס פון די באַדערפענישן און פון דער קויף-קראפט פון דער באַפעלקערונג. וועגן דעם איז מיר אויסגעקומען צו הערן אין אלע ווינקעלעך פון פוילן. אין פינסק האט מען מיר אנגעוויזן, אז פאר די לעצטע צען יאר האט כמעט די גאַנצע דאָרפישע באַפעלקערונג אַראָפּגעוואָרפן די לאַפּטיעס און אָנגעהויבן טראָגן שטיוול; אין גאַליציע האָט מיר דער דירעקטאר פון דער ענגלישער פירמע פון פאָדים דערציילט, אז פאר דער מלחמה איז אין דאָרף פארקויפט געווארן נאר פשוטע, בייוועלעך אויף אויסנייען, די אזוי גערופענע „זאַפּעלעץ" און איצט גייען א סך ויידענע בייוועלעך אין דאָרף אריין און דער פאַרברויך פון זיידענע בייוועלעך וואקסט פון יאָר צו יאָר; ביאַליסטאָק האָט כמעט גאָרנישט קיין פדיון פונם אינעווייניקסטן פוילישן מארק, מחמת זי פּראָדוצירט צו גראָבע מאנופאקטור-סחורות, צוגעפּאַסט פארן רוסישן מארק, אבער ניט פארן פוילישן; דער דירעקטאָר פון די אייטינגאָן-פאַבריקן אין לאָדזש האט מיר געזאָגט, אז פון יאר צו יאר קומט אויס איבערצוגיין פון פשוטערע סחורות אויף בעסערע, מחמת דער געשמאק פון פוילישן קאנסומענט בייט זיך און האַלט אין איין וואַקסן. פארשטייט זיך, אז די דאזיקע וואַקסנדיקע אַפּעטיטן פון דער באַפעלקערונג שטויסן זיך אָן אין דער אָרימקייט פון די ברייטע מאסן, אין די נישטיקע קויף-מעגליכקייטן פונם רוב פון דער באַפעלקערונג. דאס ווערט באזונדערס קלאָר, ווען מען געמט אין אכט די גרויסע צאָל ערדלאזע און ערד-אָרימע פויערים.

*) דאָרטן.

די צעטיילונג פון באַארבעטן לאַנד אין פוילן (1921)*):

| גרויס פון ווירטשאפט (אין העקטאר) | ווירטשאפטן | | העקטאַר לאַנד (אין ט יזנט) | | דורכשניט אויף איין ווירטשאַפט |
|---|---|---|---|---|---|
| | אבס. צאל | % | אבס. צאל | % | |
| מער פון 500 העקטאר | 6.578 | 0,3 | 8.600 | 30,8 | 1268,0 |
| פון 100 ביז 500 העקטאר | 13.435 | 0,5 | 3.500 | 12,5 | 273,0 |
| פון 20 ביז 100 העקטאר | 89 000 | 3,4 | 2.900 | 10,4 | 32,6 |
| פון 5 ביז 20 העקטאר | 872.000 | 32,9 | 8.900 | 31,9 | 10,2 |
| פון 2 ביז 5 העקטאַר | 844 000 | 31,8 | 3.200 | 11,5 | 3,8 |
| ווייניקער פון 2 העקטאַר | 826.000 | 31,1 | 0.800 | 2,9 | 0,97 |
| **צוזאַמען** | **2.651.013** | **100,0** | **27.900** | **100,0** | **10,5** |

די גאר גרויסע פריצים, וואס מאכן אויס 0,3 פראָצענט פון אלע ווירטשאפטן, האָבן קרוב צו א דריטל פון גאנצן לאנד — 30,8 פראָצענט; די מיטעלע ערד־באַזיצער מאכן אויס א האלבן פראָצענט פון אלע ווירטשאפטן און האָבן פונקט אַן אַכטל פונם גאַנצן לאַנד; די רייכערע פויערים מיט 20 ביז 100 העקטאַר ערד מאכן אויס 3,4 פראָצענט פון אלע ווירטשאפטן און האָבן אין זייערע הענט מעך פון צען פראָצענט פון דער ערד; די מיטעלע פויערים — פון 5 ביז 20 העקטאר אויף א ווירטשאפט — מאכן אויס א דריטל פון אלע ווירטשאפטן און פארמאָגן בערך אויך אזוי פיל ערד; די אָרימע פויערים — פון 2 ביז 5 העקטאר — מאַכן אויס כמעט א דריטל פון אלע ווירטשאפטן, גאנצע 31,8 פראָצענט, און האָבן ערד נאר 11,5 פראָצענט, כמעט דריי מאל ווייניקער. אבער שרעקליך איז די לאגע פון דער גאָר לעצטער גרופע, וואָס האָט ווייניקער פון צוויי העקטאר אויף א ווירטשאפט, וועלכע מאכט אויך אויס קרוב צו א דריטל פון אלע ווירטשאפטן, האָט אָבער אין איר רשות ווייניקער פון דריי פראָצענט ערד, צען מאָל ווייניקער פון פראָצענט ווירטשאפטן. די לעצטע צוויי גרופן, וואָס מוזן ביידע צוגערעכנט ווערן צו דער אָרימפויערשאפט, וואס מאכן אויס צוזאמען 62,9 פראָצענט פון אלע ווירטשאפטן, האָבן סך־הכל 14,4 פראָצענט ערד. די דאָזיקע צוויי אָרימע גרופן מיט 1,670,000 ווירטשאפטן פארמאגן קרוב צו צען מיליאן נפשות — אָט די דאָזיקע גרופן, באַזונדערס די גאָר לעצטע, וואָס פארמאָגט דורכשניטליך ווייניקער פון איין העקטאר ערד אויף א ווירטשאפט, וואס האָט 826,000 ווירטשאפטן און נעמט ארום בערך ביז פינף מיליאן נפשות, אָט די דאזיקע מיליאנען איבעריקע הענט אין דאָרף רייסן זיך אין שטאָט אויף דער פאבריק, גייען אין נאענטן דייטשלאַנד אויף סעזאָן־ארבעט, וואנדערן אויס קיין פראנקרייך און מעבר לים אויף שטענדיק און פילן אָן די שטעט מיט ארבעטלאזע. אזוי ווי ניט די איצטיקע סעזאָן־און אנטגילטיקע עמיגראציע און ניט די אנטוויקלונג פון דער פוילישער אינדוסטריע קאָנען איינשלינגען די דאזיקע מיליאנען איבעריקע דאָרפישע הענט, איז קלאָר, אז

*) דאָס ציטירטע בוך „פוילן“ פון פאָראַלא־בעולין, ז. 25—26. דאָס ציטירטע פוילישע סטאַטיסטישע יאָרבוך, ז. 28.

די דאָרפישע איבערבאַפעלקערונג, וואָס האָט נאָך דערצו אַזאַ הויכן נאַטירליכן צו־וואַקס, ווי מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן, איז איינע פון די שווערסטע און פאַרוויקלט־סטע פּראָבלעמען פון פוילן.

די פּאַרצעלאַציע, וואָס ווערט דורכגעפירט זעהר פּאַמעליך און מיט גרויס פּחד, ווייל קיין קאַפּיטאַלן אויף הויבן די טעכניק פון דער פויערישער ווירטשאַפט זיינען ניטאָ, און אָן דעם מוז דאָס צעברעקלען פון די גרויסע מאַיאָנטקעס שטאַרק פאַר־קלענערן די גערעטעניש, האָט גאַנץ ווייניק אויפגעטאָן אין דעם פּרט. ס'זיינען געווען פּאַרצעלירט*):

| | אינגאַנצן העקטאַר | יערליכער דורכשניט |
|---|---|---|
| 1920—1919 | 50.872 | 25,436 |
| 1923—1921 | 482,390 | 160,793 |
| 1925—1924 | 207,426 | 103,713 |
| 1927—1926 | 412,841 | 206,420 |
| סך־הכל | 1.153.529 | 128.169 |

ס'זיינען, הייסט עס, סך־הכל פּאַרצעלירט געוואָרן העכער אַ מיליאָן העקטאַר. אַרום ניין פּראָצענט פון אַלע גרויסע מאַיאָנטקעס מיט מער פון 100 העקטאַר ערד. באַקומען ערד האָבן בערך אַ פערטל מיליאָן מענשן, פון דעם בערך אַ דריי פערטל ערדלאָזע און אָרימע פויערים; דאָס איבעריקע — אַרענדאַרן פון ערד, אינוואַלידן, סאָלדאַטן און באַטראַקעס. יידן האָבן באַקומען פּאַרצעלירטע ערד:

| | |
|---|---|
| 1924 | 125 יידן |
| 1925 | 79 " |
| 1926 | 464 " |
| 1927 | 385 " |

די צאָל יידן, וואָס האָבן באַקומען ערד פון פּאַרצעלאַציע, מאַכט אויס אומ־געפער אַ האַלב פּראָצענט פון אַלע, וואָס האָבן באַקומען ערד.

ס'איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן דעם יידישן גרויסן גרונט־באַזיץ מיטן אַל־געמיינעם. אַזאַ מין מאַטעריאַל באַקומען מיר פון אַן אַנקעטע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין פוילן פונם צענטראַלן סטאַטיסטישן אַמט און באַהאַנדלט דעם צושטאַנד צו 1921־טן יאָר. לײדער, איז אין דער דאָזיקער אַנקעטע פעסטגעשטעלט געוואָרן נאָר די נאַציאָנאַליטעט און ניט די אמונה, און אַ סך יידישע גרויסע גרונט־באַזיצער זיינען מסתמא אַריינגעפאַלן צווישן די פּאָליאַקן. פון 17,582 מאַיאָנטקעס מיט מער פון 50 העקטאַר אין יעדן זיינען געווען יידישע — 286 אָדער 1,6 פּראָצענט**). אינם גרויסן גרונט־באַזיץ זיינען, בכן, יידן זעקס מאָל ווייניקער פאַרטראָטן, ווי אין דער באַ־פעלקערונג, פאַקטיש מסתמא נאָר פינף מאָל ווייניקער, ווייל, ווי מיר האָבן שוין אָנ־

*) Kwartalnik Statystyczny, Warszawa, 1929, T. VI., S. 1611.

**) „בלעטער פאַר יידישע דעמאָגראַפיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק“, נר. 5 ז. 119—120.

לויט שפּעטערדיקע ידיעות זיינען געווען 311 יידישע גרויסע לאַנד־באַזיצער מיט 162.301 העקטאַר ערד, אָבער די רעלאַטיווע צאָלן, וועלכע זיינען דאָ דער עיקר, ווען זיך פון דעם ניט ענדערן.

געוויזן, האָט זיך אַ געוויסער טייל אַסימילירטע ערד־באַזיצער מסתמא אָנגענעבן פאַר פּאָליאַקן. פון 9.592.040 העקטאַר לאַנד פון די גרויסע מאַיאָנטקעס האָבן יידן גע־ האַט 154.557 העקטאַר אָדער אויף 1,6 פּראָצענט. דורכשניטליך האָט איין מאַיאָנטעק געהאַט*):

| | |
|---|---|
| באַ אַלע גוט־באַזיצער . . . . . . . . | 546 העקטאַר |
| באַ יידישע גוט־באַזיצער . . . . . . | 540 העקטאַר |

די 154.557 העקטאַר יידישער גרויס־גרונט־באַזיץ איז געווען פאַרטיילט לויט וואָיעוואָדסטווס אויף אַזאַ אופן**)

| | אבס. צאָל | פּראָצ. |
|---|---|---|
| פּאָלעסיער וואָיעוואָדסטווע . . . . | 51.136 . . | 33,2 |
| לעמבערגער " . . . | 32.070 . . | 20,7 |
| טאַרנאָפּאָלער " . . . | 16.625 . . | 10,8 |
| לאָדזשער " . . . | 11.795 . . | 7,6 |
| סטאַניסלאַווער " . . . | 8.482 . . | 5,5 |
| וואָלינער " . . . | 6.540 . . | 4,2 |
| וואַרשעווער " . . . | 6.384 . . | 4,2 |
| אנדערע " . . . | 21.525 . . | 13,8 |
| **סך-הכל** . . . . . . . . | **154.557** . . | **100,0** |

אַ גאַנץ דריטל פון יידישן גרויסן גרונט־באַזיץ איז אין פּאָלעסיע. אין גאַליציע איז ביז 40 פּראָצענט פון גאַנצן יידישן גרויסן גרונט־באַזיץ. אין קאָנגרעס־פּוילן, חוץ לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע, זיינען פאַראַן זעהר ווייניק יידישע מאַיאָנטקעס. דער פּראָצענט, וואָס יידישע פּריצים און יידישע מאַיאָנטקעס מאַכן אויס לגבי דער אַלגעמיי־נער צאָל פּריצים און מאַיאָנטקעס, איז פאַרגעשטעלט אין פאָלגנדיקער טאַבעלע***):

| וואָיעוואָדסטווע | פּראָצ. פון יידישע מאַיאָנטקעס | לאַנד |
|---|---|---|
| וואַרשע (שטאָט) . . . . . . . . | 16,7 . | 32,9 |
| לעמבערגער . . . . . . . . . . | 8,5 . | 4,4 |
| טאַרנאָפּאָלער . . . . . . . . . | 5,4 . | 3,4 |
| פּאָלעסיער . . . . . . . . . . | 2,0 , | 3,1 |
| סטאַניסלאַווער . . . . . . . . . | 5,7 . | 2,5 |
| לאָדזשער . . . . . . . . . . | 1,7 . | 2,7 |
| קיעלצער . . . . . . . . . . | 3,5 . | 1,1 |
| קראָקעווער . . . . . . . . . . | 2,5 . | 1,1 |
| וואָלינער . . . . . . . . . . | 0,1 , | 1,1 |

אין אַלע איבעריקע וואָיעוואָדסטווס איז דער פּראָצענט פון יידישן לאַנד־שטח ווייניקער פון איין פּראָצענט. ס'זיינען אָבער דאָ פּאָוויאַטן, וו דער יידישער ערד־באַ־זיץ איז געווען אַ סך גרעסער — אין ליסקער פּאָוויאַט, לעמבערגער וואָיעוואָדסטווע, באַטרעפט דער פּראָצענט יידישע מאַיאָנטקעס — 35,0 און פון יידישן ערד־באַזיץ —

*) דאָרטן. **) דאָרטן. ***) דאָרטן.

32,6 פּראָצענט; אין באַרשטשאָווער פּאָוויאַט — 31,2 פּראָצענט און 21,7 פּראָצענט; אין ווילונער פּאָוויאַט, לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע — 7,1 און 16,7 פּראָצענט.

ברענגען מיר נאָך אייניקע קורצע ידיעות וועגן פי־צושטאנד אין פוילן און מיר וועלן הערמיט פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל וועגן דער אגראַר־ווירטשאַפט.

פוילן אין אירע איצטיקע גרעניצן האָט געהאַט*):

| יאָר | פערד | הערנער־פי | חזירים |
|---|---|---|---|
| 1910—1907 | 3.496.000 | 8.664.000 | 5.787.000 |
| 1921 | 3.290.000 | 8.063.000 | 5.287.000 |
| 1927 | 4.127.000 | 8.602.000 | 6.333.000 |

הייסט עס, פערד האָט שוין פוילן געהאַט אין 1927־טן יאָר מער ווי מיט זעקס הונדערט טויזנט ווי פאַר דער מלחמה און מער כמעט מיט אַ גאַנצן מיליאָן ווי אין 1921. אויך חזירים פאַרמאָגט איצט פוילן מער מיט אַ האַלבן מיליאָן ווי פאַר דער מלחמה און מער מיט אַ גאַנצן מיליאָן ווי אין 1921־טן יאָר. נאָר בנוגע הערנער־פי האָט זי קוים דערגרייכט דעם פאַרמלחמהדיקן צושטאַנד. דער עקספּאָרט פון פאַרשיידענע דאָרפישע פּראָדוקטן אַנטוויקלט זיך אין פוילן גאַנץ גיך. אַזוי האָט פוילן עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד אייער:

| | | |
|---|---|---|
| 1924 . . . . . | 10422 | טאָן |
| 1925 . . . . . | 27100 | " |
| 1926 . . . . . | 58566 | " |
| 1927 . . . . . | 65590 | " |
| 1928 . . . . . | 54561 | " |

פּוטער האָט פוילן עקספּאָרטירט:

| | | |
|---|---|---|
| 1924 . . . . . | 2 | טאָן |
| 1926 . . . . . | 5548 | " |
| 1927 . . . . . | 7376 | " |

*) דאָס ציטירטע בוך „ווירטשאַפט פון אויסלאַנד“ און די פּוילישע סטאַטיסטישע יאָרביכער.

## 4. די אנטוויקלונג פון דער פוילישער אינדוסטריע

מיר האָבן געגעבן אַ קורצן איבערבליק איבער דער אנטוויקלונג פון דער פוילישער לאנדווירטשאפט און מיר האָבן געקאָנט פעסטשטעלן, אז דאָס זעלבשטענדיקע פוילן האָט אויף דעם דאָזיקן געביט דערגרייכט גאַנץ באַדייטנדיקע רעזולטאטן. אַ סך גרעסער זיינען די דערפאָלגן פון זעלבשטענדיקן פוילן אויפן געביט פון דער אינדוסטריע. דערמאָנט מען זיך, אז 70—75 פראָצענט*) פון דער טעקסטיל-אינדוסטריע פון קאָנגרעס-פוילן, וואָס מאַכט אויס צוזאמען מיט ביאַליסטאָקער ראַיאָן ביז 93 פראָצענט פון דער גאַנצער פוילישער טעקסטיל-אינדוסטריע, פלעגט פאר דער מלחמה עקספּאָרטירט ווערן קיין רוסלאנד און אז קיין אנדערע עקספּאָרט-לענדער פון דעם פארנעם האָט פוילן ביז איצט ניט געפונען; אז די שלעזישע קוילן- און מעטאַל-אינדוסטריע האָט געהאַט פאר דער מלחמה אַזאַ פעטן קונה ווי די דייטשע אינדוסטריע — דערמאָנט מען זיך דאָס אַלץ, מוז מען שטארק באַוואונדערן די דערגרייכונגען, וואָס די אינדוסטריע האָט געמאַכט אין זעלבשטענדיקן פוילן, און מען מוז דעמאָלט מודה זיין, אז באַ די געגעבענע באַדינגונגען איז דאָס אַ קאָלאָסאַלער דערפאָלג.

די גאַנצע פוילישע אינדוסטריע איז, אייגנטליך, אַ קינד פון די לעצטע 50—60 יאָר און באַשאַפן איז זי געוואָרן אין יעדן באַזונדערן ראַיאָן אין ענגען צוזאמענהאַנג מיט די באַדערפעניש און אינטערעסן פון די זיגער-לענדער, און דעריבער אין ענגער אָפּהענגיקייט פון די צילן און צוועקן פון די דאָזיקע הערשער-מלוכות. צוליב זייערע אימפּעריאַליסטישע צוועקן האָבן די זיגער-מלוכות פארוואָרפן אינדוסטריע-שטריק אויפן האַלז פון צעשניטענעם פוילן, האָפנדיק אויף אַזאַ אופן וואָס פעסטער צובינדן און צוקניפּן די אָפּגעריסענע טיילן פון דער אַמאָליקער פוילישער מלוכה צו די גייע אָפּזאַץ-מערק; האָפנדיק, אז די ניי געשאפענע אינדוסטריע, וואָס וועט זויגן חיונה פון פארשיידענע זיגער-מלוכות, וועט פארטיפן דעם פּאָליטישן און קולטורעלן תהום, וואָס מען האָט געפּרוווט שאפן צווישן די צעריסענע טיילן פון פוילן; האָפנדיק, אז דאָס פוילישע פאָלק וועט די נאַציאָנאַלע סם-פיל, איינגעוויקלט אין אַ זיסן אינדוסטריע-לעקעך, מוזן אַראָפּשלינגען. אָט באַ אַזאַ לאגע, ווען דאָס פוילישע פאָלק האָט באַקומען עטליכע זאָרגעווזיקע שטיף-מוטערס, האָט מען געקאנט מיינען און כמעט אַלע האָבן טאקע געמיינט, אז דאָס אויפגעשטאַנענע פוילן וועט מוזן קויפן זיין נאַציאָנאַלע באַפרייאונג מיט סאָציאַלן רעגרעס, וועט מוזן ליקווידירן די אינדוסטריעלע נעסטן, די דאזיקע „אַנטינאַציאָנאַלע“ צענטראַפוגאלע נעסטן, וואָס האָבן אין משך פון העכער הונדערט יאָר פוילישער צעטיילטקייט באַקומען נייע צענטראָפּיטאַלע טענדענצן; טענדענצן, וואָס צערייסן פוילן אויף שטיקער מיט קענג-

**) Dzieje Gospodarcze Polski Porozbiorowej. B. II. Warszawa 1922, S. 357.

געזעצטע אינטערעסן. אין דער באַקאַנטער אָפּהאַרציקער דערקלערונג פון פּרעמיער-מיניסטער גראַבסקי וועגן ליקווידירן צוויי דריטל פון ביאַליסטאָקער אינדוסטריע, אין דער באַציאונג פון דער איצטיקער רעגירונג צום ביאַליסטאָקער אינדוסטריע-צענטער, צו דעם דאָזיקן שוואַכסטן ווינקל פון דער פּוילישער מלוכה, הערט זיך נאָך די אָפּקלאַנגען פון דער נאַציאָנאַלער שנאה צו די „אנטינאַציאָנאַלע" אינדוסטריע-נעסטן. ארויסגעשטעלט האָט זיך אָבער, אז דאָס נייע פּוילן האָט לא די וואס אויפגעשטעלט איר פארמלחמהדיקע אינדוסטריע, נאָר האָט נאָך געמאַכט גאַנץ אָנזעעוודיקע, באַדייטנדיקע שריט ווייטער. און דער יסוד פון דער דאָזיקער אויפגעשטעלטער אלטער און אויפגעבויטער נייער אינדוסטריע איז ניט דער אויסלענדישער מארק, וואס איז אָפּהעניק פון א סך צופעליקע דרויסנדיקע פאַקטאָרן, נאר דער אינעווייניקסטער פּוילישער מארק, דער מארק פון דרייסיק מיליאָן מענשן, וואָס האָבן טיילווייז ערשט אָנגעהויבן צו דערוואַכן צו א קולטור-לעבן און האָבן ערשט אָנגעהויבן ארויפציען אויף זיך די אייראָפּעאישע בגדים און באַקומען אייראָפּעאישע אַפּעטיטן. פארשטייט זיך, פּוילן מוז זוכן אויסלענדישע מערק; איר אינדוסטריע פּראָדוצירט א סך מער ווי דער אינעווייניקסטער מארק קאָן פארברויכן, און זי קאָן נאָך אַ סך מער פּראָדוצירן, אָבער וויכטיק איז, וואָס זי האָט אונטער זיך א ברייטע און פעסטע באַזע פון אַן אינעווייניקסטן מארק, וואָס האַלט אין וואַקסן.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן באריכות אויף דער אנטוויקלונג פון דער פּוילישער אינדוסטריע פאר די לעצטע 50—60 יאָר. מיר וועלן דעריבער ברענגען נאָר אַ פּאָר ביישפּילן פון די גרעסטע פּוילישע אינדוסטריע-צווייגן: פון דער קוילן-אינדוסטריע און מאנופאקטור-אינדוסטריע.

די קוילן-גרובן אין געוועזענעם קאָנגרעס-פּוילן האָבן געגעבן שטיין-קוילן*):

| | | |
|---|---|---|
| 1880 | 1.286.100 טאָן | 100,0 |
| 1900 | 4.109.000 טאָן | 320,0 |
| 1910 | 5.468.800 טאָן | 425,3 |

די אויבערשלעזישע**) קוילן גרובן האָבן געגעבן שטיין-קוילן***):

| | | |
|---|---|---|
| 1880 | 10.016.500 טאָן | 100,0 |
| 1900 | 24.829.000 טאָן | 247,9 |
| 1910 | 34.460.700 טאָן | 344,1 |

*) Rocznik Statystyki 1920/22. Warszawa 1923, S. 132.

**) די ווייטער געבראַכטע דאַטן נעמען ארום די פּראָדוקציע פון גאנץ אויבער-שלעזיע. אויפן פּוילישן חלק קומט אוים בערך דריי פערטל פון דער גאנצער קוילן-פּראָדוקציע.

***) דאָרטן.

פאַר דרייסיק יאָר האָט זיך די קוילן-פּראָדוקציע אין די דאָזיקע ביידע טיילן, וואָס גיבן געוויינליך מער פון ניינציק פּראָצענט פון דער גאַנצער פּוילישער קוילן-פּראָדוקציע, פאַרגרעסערט מער פון 3 און א האלב מאָל.

ווי שטייט עס מיטן דאָזיקן וויכטיקסטן אינדוסטריע-צווייג אין זעלבשטענדיקן פּוילן?

פּוילן אין אירע איצטיקע גרעניצן האָט פּראָדוצירט שטיין-קוילן*):

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1913 | 40,700,000 | טאָן | 100,0 |
| 1921 | 29,818,000 | " | 73,3 |
| 1925 | 29,100,000 | " | 71,5 |
| 1926 | 35,747,000 | " | 87,8 |
| 1927 | 38,084,000 | " | 93,6 |
| 1928 | 40,616,000 | " | 99,8 |
| 1929 | 46,519,000 | " | 114,2 |

די פּראָדוקציע איז געווען געפאַלן אין 1925 ביז 71 פּראָצענט פון דעם פאַר-מלחמהדיקן סכום און אין 1929 האָט זי שוין איבערגעיאָגט די פאַרמלחמהדיקע פּראָדוקציע מיט העכער פערצן פּראָצענט. ס'איז קיין חידוש ניט, וואס אין די יאָרן פון אינפלאַציע האָבן די פּוילישע קוילן געקאָנט קאָנקורירן אויפן וועלט-מאַרק מיט די שטאַרקסטע פּראָדוצענטן; ס'איז אויך קיין חידוש ניט, וואָס באַלד נאָכן ענגלישן שטרייק האָבן די פּוילישע קוילן אָנגעהאַלטן די מערק, וואָס זיי האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרכאַפּן בשעתן שטרייק, אָבער ס'איז בפירוש א באַווייז פון א הויכער אנט-וויקלונג-מדרגה אוז פון א גרויסער צופּאַסונג-פעאיקייט און קאָנקורענץ-צוגעגרייט-קייט פון דער פּוילישער קוילן-אינדוסטריע, אויב אין 1929, דריי יאָר נאָכן ענגלישן שטרייק, האָט זיך איר איינגעגעבן ניט נאָר איינהאַלטן די שוין פאַרנומענע פּאָזי-ציעס, נאָר אויך זיי פאַרגרעסערן. דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס גיין אין קאַפּי-טאַליסטישן חדר פון דייטשלאַנד העכער הונדערט יאָר איז ניט געגאַנגען לאיבוד, אז, פאַרקערט, די פּוילישע שלעזישע קוילן-אינדוסטריע באַמיט זיך אויך ווייטער ניט איבעררייסן די מערב-אייראָפּעאישע טראַדיציעס און זיך אָריענטירן אויף קאָנקורענץ מיט מערב-אייראָפּעאישע מוסטערן און ניט מיט מזרח-אייראָפּעאישע.

אז די פּוילישע קוילן-אינדוסטריע איז ניט געבליבן שטיין אָן א זייט בשעת איר שטאַרקע שכנטע האָט ראַציאָנאַליזירט איר פּראָדוקציע און פאַרפולקומט דעם ארבעטס-, אדמיניסטראַציע- און פאַרקויף-אַפּאַראַט, ווערט קלאָר פון דער צאָל אַרבע-טער, וואס זיינען געווען די גאַנצע באַטראַכטע צייט באַשעפטיקט אין דער דאזיקער אינדוסטריע.

אין דער פּוילישער קוילן-אינדוסטריע זיינען געווען באַשעפטיקט ארבעטער (אין די איצטיקע גרעניצן פון פּוילן)**):

*) Rocznik Statystyki 1920/22, S. 132; Rocznik Statystyki 1929, S. 606; Wiadomosci Statystyczne 1929—1930.

**) Rocznik Statystyki, 1929. S. 84.

| | | |
|---|---|---|
| 1913 | 123.400 | 100,0 |
| 1921 | 186.000 | 151,2 |
| 1925 | 109.700 | 88,9 |
| 1926 | 128.100 | 103,8 |
| 1927 | 113.500 | 92,0 |
| 1928 | 116.900 | 94,7 |

אין 1921 איז די פּראָדוקציע געווען קלענער ווי אין 1913 אויף 27 פּראָצענט, און דאָך איז די צאָל אַרבעטער געווען גרעסער אויף 51 פּראָצענט; אין 1925, אינם יאָר פון דער קלענסטער פּראָדוקציע, איז די צאָל ארבעטער דאָך געווען גענוג גרויס, אָבער אין 1928, ווען די פּראָדוקציע האָט דערגרייכט פּונקט איר פארמלחמה־דיקן צושטאנד, האָט די צאָל אַרבעטער נאָר אויסגעמאַכט 94,7 פּראָצענט פון דער פארמלחמהדיקער ארבעטער־צאָל. די פּראָדוקטיווקייט איז געוויס געשטיגן. איין אר־בעטער האָט א טאָג פּראָדוצירט אין דורכשניט קוילן (אין קג.):

| | |
|---|---|
| 1913 | 1143 |
| 1922 | 571 |
| 1925 | 938 |
| 1927 | 1191 |
| 1928 | 1267 |

באַלד נאָך דער מלחמה איז די פּראָדוקטיווקייט געפאלן פּונקט אויף א העלפט; אין 1925 האָט זי קוים דערגרייכט 82 פּראָצענט פון דער פארמלחמהדיקער פּראָ־דוקטיווקייט; און אין 1928 איז שוין די פּראָדוקטיווקייט פון איין ארבעטער געווען העכער מיט עלף פּראָצענט.

פוילן האָט די לעצטע יאָרן ניט נאָר איינגעהאַלטן די געוווּנענע בשעתן ענגלישן שטרייק אויסלענדישע מערק, נאָר האָט אויך פארגרעסערט דעם אינעווייניקסטן פאר־ברויך פון שטיין־קוילן. אזוי האָט פוילן עקספּאָרטירט קיין אויסלאנד קוילן*):

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1923 | 12.912.791 | טאָן | 100,0 |
| 1925 | 8.157.776 | " | 63,2 |
| 1926 | 14.436.693 | " | 111,8 |
| 1927 | 11.226.044 | " | 87,0 |
| 1928 | 13.034.647 | " | 101,0 |
| 1929 | 14.083.665 | " | 109,1 |

אין 1925, באַלד נאָך דער סטאַבּיליזאַציע פון דער זלאָטע, פאַלט דער קוילן־עקספּאָרט אויף מער פון א דריטל; אין יאָר פון ענגלישן שטרייק דערגרייכט דער קוילן־עקספּאָרט די רעקאָרד־ציפער פון העכער פערצן מיליאָן טאָן; אין נאָענטן יאָר פאַלט ער צוריק ביז אַביסל מער פון עלף מיליאָן טאָן, אָבער ער שטייגט נאָכדעם רעגולער פון יאָר צו יאָר און דערגרייכט אין 1929 כמעט די רעקאָרד־ציפער פון שטרייק־יאָר. פון די דאָזיקע דאַטן איז קלאָר, אז די פוילישע קוילן זיינען גענוג

*) Rocznik Statystyki 1925/26, 1927, 1929. Wiadomosci Statystyczne 20 Januar 1930, S. 51.

קאָנקורענץ־פעאיק, זיי זאָלן אויפן וועלט־מאַרק אויסהאַלטן דעם קאַמף מיט די שטאַרקסטע קוילן־פּראָדוצענטן.

און אין דער זעלבער צייט שטייגט דער אינעווייניקסטער פאַרברויך — דער אינעווייניקסטער מאַרק וואַקסט פון יאָר צו יאָר. אזוי האָט פּוילן פאַרברויכט קוילן פּראָ קאָפּ:

| | | |
|---|---|---|
| 1923 | 826,2 קג. | 100,0 |
| 1924 | 712,1 " | 86,2 |
| 1925 | 708,0 " | 85,7 |
| 1926 | 720,6 " | 87,2 |
| 1927 | 894,4 " | 108,3 |
| 1928 | 920,0 " | 111,4 |

דער דורכשניטליכער יערליכער געברויך פּראָ קאָפּ איז געווען:

| | | |
|---|---|---|
| 1925–1923 | 748,5 קג. | 100,0 |
| 1928–1926 | 845,0 " | 112,8 |

דער קוילן־קאָנסום פּראָ קאָפּ האָט זיך, בכן, פאַרגרעסערט אויף אן אכטל.

נאָך קוילן איז געווים די פּראָדוקציע און פאַרברויך פון אייזן איינער פון די אָביעקטיווסטע סימנים, וואָס ווייזן דעם וווקס אָדער דאָס פאַלן פון אינדוסטריע אין א לאַנד. אייזן־ערץ איז פּראָדוציר׳ט געוואָרן אין פּוילן אין אירע איצטיקע גרעניצן*):

| | | |
|---|---|---|
| 1913 | 454.000 טאָן | 100,0 |
| 1919 | 153.757 " | 33,9 |
| 1921 | 304.243 " | 67,0 |
| 1923 | 449.818 " | 99,1 |

דער וווקס פון אייניקע אינדוס

| פּראָדוקציע־צווייג*) / יאָרן | פּעטראָלעאום | | זאַלץ | | צינק־ערץ | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבס. צאָל (אין 1000 טאָן) | פּראָצ. | אבס. צאָל (אין 1000 טאָן) | פּראָצ. | אבס. צאָל (אין 1000 טאָן) | פּראָצ. |
| 1913 | 1071 | 100,0 | 189 | 100,0 | 509 | 100,0 |
| 1920 | 765 | 71,4 | 263 | 139,2 | 279 | 54,8 |
| 1925 | 812 | 75,8 | 330 | 174,6 | 375 | 73,7 |
| 1928 | 743 | 69,4 | 401 | 212,2 | 321 | 63,1 |

| | | |
|---|---|---|
| 1925 | 212.983 " | 46,9 |
| 1927 | 545.773 " | 120,2 |
| 1928 | 698.635 " | 153,9 |

די ירידה נאָך דער מלחמה איז דאָ געווען א שרעקליכע. אין 1919 האָט די

*) Rocznik Statystyki 1920/22, S. 132, 1929, S. 87.

אייזן-פּראָדוקציע קוים באַטראָפן א דריטל פון דער פארמלחמהדיקער פּראָדוקציע. אין דער אינפלאציע-צייט לעבט זי אויף און דערגרייכט אין 1923 דעם פארמלחמהדיקן צושטאנד, אָבער אין 1925, אינם באַרימטן קריזיס-יאָר, גיט די אייזן-פּראָדוקציע צוריק א פּראַל און באַטרעפט ווייניקער פון א העלפט פון פאר דער מלחמה. אין 1927-טן אָבער וואַקסט זי איבער דעם פארמלחמהדיקן צושטאנד אויף ניינציק טויזנט טאָן, אויף גאַנצע צוואַנציק פּראָצענט און אין נאָענטן יאָר א ווייטערער וווקס און דערגרייכט א רעקאָרד-ציפער פון כמעט זיבן הונדערט טויזנט טאָן פּראָ-דוקציע, מער מיט כמעט 54 פּראָצענט ווי פאר דער מלחמה. אויך בנוגע צו אייזן איז דער אינעווייניקסטער פארברויך געוואקסן. אזוי איז פארברויכט געווארן אין פוילן פּראָ קאָפּ רוי-אייזן**):

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1923 | 21,2 | קג. | 100,0 |
| 1925 | 11,1 | " | 52,4 |
| 1926 | 10,5 | " | 49,5 |
| 1927 | 20,3 | " | 95,8 |
| 1928 | 22,4 | " | 105,7 |

אין דורכשניט האט מען פּראָ קאָפּ פארברויכט:

| | | |
|---|---|---|
| 1925–1923 | 14,6 | קג. |
| 1928–1926 | 17,7 | קג. |

מיר קאָנען ניט אין דער דאזיקער ארבעט זיך אָפּשטעלן אויף דער אנטוויקלונג פון אלע אינדוסטריע-צווייגן. מיר קלייבן דעריבער אוים די גרעסטע און די כאראק-טעריסטישסטע. אָבער אין א גאַנץ קורצער טאַבעלע וועלן מיר פּרוּוון דאָ צונויפּ-שטעלן די וויכטיקסטע אינדוסטריען און נאָכדעם וועלן מיר איבערגיין צו דער טעק-
טריע-צווייגן אין פוילן:

| בליי-ערץ | | רוי-אייזן | | שטאָל | | צינק-מעטאל | | בליי-מעטאל | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אבס. צאָל (אין 1000 טאָן) | פּראָצ. | אבס. צאָל (אין 1000 טאָן) | פּראָצ. | אבס. צאָל (אין 1000 טאָן) | פּראָצ. | אבס. צאָל (אין 1000 טאָן) | פּראָצ. | אבס. צאָל (אין 1000 טאָן) | פּראָצ. |
| 54 | 100,0 | 1055 | 100,0 | 1619 | 100,0 | 192 | 100,0 | 42 | 100,0 |
| 22 | 40,7 | 412 | 39,1 | 981 | 60,6 | 87 | 45,3 | 18 | 42,8 |
| 21 | 38,9 | 315 | 29,9 | 782 | 48,3 | 114 | 59,4 | 29 | 69,0 |
| 17 | 31,5 | 684 | 64,8 | 1438 | 88,8 | 162 | 84,4 | 36 | 85,7 |

סטיל-אינדוסטריע, וועלכע פארנעמט אין פוילן איינעם פון די סאמע אויבנאָנעדיקע ערטער.

**) Rocznik Statystyki 1925/26, S. 255; 1927 S. 317; 1929 S. 289.
*) Rocznik Statystyki 1929, S. 85.
**) Rocznik Statystyki 19.5/26, S. 255; 1927, S. 317; 1029, S. 289.

נעמט מען פאר אן אויסגאנג־פונקט דאָס יאָר 1920, וואָס ווייזט דעם צושטאנד, אין וועלכן פוילן האָט באַקומען איר ירושה צוריק, זעט מען, אז חוץ פעטראָלעאום און בליי־עריץ, איז אין אלע איבעריקע פראָדוקציע־צווייגן פאַרגעקומען א גרויסער פּראָ־נרעס: די פּראָדוקציע פון זאַליץ האָט זיך כמעט פארדאָפּלט, און אין פארגלייך מיט 1913 האָט זי זיך מער ווי פאַרדאָפּלט; די פּראָדוקציע פון בליי־מעטאל האט זיך פון 1920 פאַרדאָפּלט; פון צינק־מעטאַל אויך כמעט פארדאָפּלט. אין פארגלייך מיט 1913 האָט א גרויסן דערפאָלג נאָר די זאַליץ־פּראָדוקציע, אָבער דער רוב פון פּראָ־דוקציע־צווייגן האָט שוין דערגרייכט פון צוויי דריטל ביז כמעט 90 פּראָצענט פון דער פארמלחמהדיקער פּראָדוקציע.

מיר גייען איבער צו דער טעקסטיל־אינדוסטריע. כדי צו האָבן א פאָרשטעלונג וועגן דער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין קאָנגרעס־פוילן, איז גע־נוג צו ברענגען עטליכע ציפער וועגן דעם וווקס פון דער דאָזיקער אינדוסטריע אין לאָדזש. די לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע האָט פּראָדוצירט*):

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1860 | פאר | 2,600,000 | רובל |
| " | 1878 | " | 30,000,000 | " |
| " | 1888 | " | 40,000,000 | " |
| " | 1900 | " | 180,000,000 | " |

פאר איינע פערציק יאָר האָט זיך די פּראָדוקציע פון טעקסטיל אין לאָדזש פארגרעסערט 70 מאָל.

אין גאנץ קאָנגרעס־פוילן זיינען געווען שפּינדלעך**):

| | |
|---|---|
| 1900 . . . . . | 1,046,061 |
| 1905 . . . . . | 1,171,519 |
| 1910 . . . . . | 1,275,083 |

פאר איינע צען יאָר האָט זיך די צאָל שפּינדלעך פארגרעסערט כמעט אויף א פערטל. די גאנצע טעקסטיל־אינדוסטריע אין קאָנגרעס־פוילן האָט באַשעפטיקט אין יאָר 1901—1902 – 121,481 ארבעטער און האָט פּראָדוצירט אויף 207,7 מיליאָן רובל***). אין 1913־טן יאָר זיינען געווען באַשעפטיקט אין קאָנגרעס־פוילן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע 165,66 ארבעטער****). דאָ איז שוין אריינ־גערעכנט די גאַנצע קליין־אינדוסטריע פון טעקסטיל. פאר דער גרויס־אינדוסטריע גיט אָן דאָס סטאַטיסטישע יאָרבוך פון 1920—1922 נאָר 85,179. די דאָזיקע ציפער איז צו קליין, אָבער די פריערדיקע איז געווים צו גרויס. לאָמיר זעען, ווי האַלט עס איצט מיט דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין פוילן.

אין דעצעמבער 1927 איז געווען באַשעפטיקט אין דער גאנצער טעקסטיל־אינדוסטריע אין פוילן (דאָ זיינען אריינגערעכנט די גרויסע אונטערנעמונגען מיט 50

*) 1) „Борьба Москвы съ Лодзью“, Москва, S. 17. 2) Georg Cleinow, Die Zukunft Polens. Leipzig 1908, S. 161. 3) Dzieje Gospodarcze Polski Porozbiorowej. B. II, Warszawa 1922, S. 219.

**) ibid S. 222. ***) ibid S. 219.

****) ibid S. 253—254.

האַנט-אַרבעטער און מער אָדער מיט 25 און מער באַ מעכאַנישער ארבעט*):

| | | |
|---|---|---|
| לאָדזשער ראַיאָן | 143,213 | 85,3 פּראָצ. |
| בעלצער ראַיאָן | 12,733 | 7,6 " |
| וואַרשעווער ראַיאָן | 7,325 | 4,4 " |
| ביאַליסטאָקער ראַיאָן | 3,624 | 2,2 " |
| אנדערע ראַיאָנען | 958 | 0,5 " |
| **צוזאַמען** | **167.853** | **100,0 פּראָצ.** |

אין די ראַיאָנען, וואָס זיינען אריין פריער אין קאָנגרעס-פוילן (וואַרשעווער און לאָדזשער) זיינען, בכן, געווען באַשעפטיקט אין 1927 — 150,538 ארבעטער. גיט מען צו, ווי דאָס סטאַטיסטישע יאָרבוך פון 1929 ווייזט אָן, צען פּראָצענט אויף קליינע אונטערנעמונגען באַקומט מען, אז אינם דאָזיקן יאָר זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע פון געוועזענעם קאָנגרעס-פוילן עטוואָס מער פון 165,000 ארבעטער. בערך אזוי פיל, ווי די העכסטע ציפער פון 1913. סוף 1928 זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער פוילישער טעקסטיל-אינדוסטריע 178,021 ארבעטער און אין געוועזענעם קאָנגרעס-פוילן בערך 160 טויזנט; מיט די צען פּראָצענט קליינע אונטערנעמונגען וועט אויסקומען 175,000 — 176,000 טעקסטיל-ארבעטער אין געוועזענעם קאָנגרעס-פוילן, דאָס הייסט, מער מיט א צען טויזנט ווי אין יאָר 1913.

מען דאַרף אָבער געדענקען, אז די פּראָדוקטיווקייט פונם ארבעטער איז די לעצטע יאָרן שטאַרק געשטיגן, וואָרום גראָד אינם הויפּט-צענטער פון דער פוילישער טעקסטיל-אינדוסטריע, אין לאָדזש, איז די באַנייאונג פון די מאשינעס דורכגעפירט געוואָרן אין גאָר אַ גרויסער מאָס. און ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אז די טעקסטיל-פּראָדוקציע פון 1928 האָט שוין אריבערגעיאָגט דעם צושטאנד פון פאר דער מלחמה. דאָס איז גרינג צו זען פון דער צאָל שפּינדלעך און מעכאנישע וועב-שטולן אין 1914 און סוף 1927**):

אין דער באַוול-אינדוסטריע איז געווען:

| | שפּינדלעך | | מעכאַנישע וועב-שטולן | |
|---|---|---|---|---|
| 1914 | 1,300,679 | 100,0 | 32,826 | 100,0 |
| 1927 | 1,607,491 | 123,5 | 51,996 | 158,5 |

אין דער וואָל-אינדוסטיע:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1914 | 514,056 | 100,0 | 8,557 | 100,0 |
| 1927 | 808,771 | 158,0 | 14,148 | 165,3 |

ווו זשע טוט אהין די פּוילישע טעקסטיל-אינדוסטריע איר סחורה?

מען דאַרף געדענקען, אַז פוילן האָט איצט א באַפעלקערונג, וואָס איז כמעט דריי מאָל גרעסער, ווי די פארמלחמהדיקע באַפעלקערונג פון קאָנגרעס-פוילן. די פּוילישע טעקסטיל-אינדוסטריע, וואָס איז אויף מער פון ניינציק פּראָצענט קאָנצענטרירט אין קאָנגרעס-פוילן, האָט באַקומען קרוב צו צוועלף מיליאָן נייע קונים פון די געוועזענע

*) Rocznik Statystyki 1929, S. 120.
**) Rocznik Statystyki 1927, S. 177; 1929, S. 120—121.

דייטשע און עסטרייכישע טיילן, וואָס קאָמפּענסירן, ווייזט אויס, אין א גרויסער מאָס דעם אמאָליקן רוסישן מאַרק. ד'ער אינעווייניקסטער פּארברויך פון טעקסטיל-סחורות האַלט אין וואַקסן אין פּוילן.

ס'איז פּארברויכט געוואָרן פּראָ קאָפּ אין פּוילן*):

| | באַוול | באַוול־שטאָף |
|---|---|---|
| 1924 | 1,45 קג. | 1,34 קג. |
| 1925 | 1,83 " | 1,63 " |
| 1926 | 2,18 " | 1,87 " |
| 1927 | 2,55 " | 2,22 " |
| 1928 | 2,45 " | 2,19 " |

פּאר פינף יאָר האָט זיך דער טעקסטיל-קאָנסום אין לאנד גופא פּארגרעסערט אויף 66,4 פּראָצענט. אָט דער דאָזיקער פאַקט און די נייע צוועלף מיליאָן קונים, וואָס פינף מיליאָן פון זיי – די באַפעלקערונג פון פּויזן, שלעזיע און פּאָמערן – זיינען א סך גרעסערע פארברויכער פון מאַנופאַקטור, ווי די רוסישע קונים – אָט דאָס אַליץ שאַפט א נייע און א גענוג געזונטע באַזע פאר דער פּוילישער טעקסטיל-אינדוסטריע.

נעמט מען די גאַנצע פּוילישע אינדוסטריע אין די איצטיקע גרעניצן פון פּוילן, באַקומט מען, אז אין די יאָרן 1908 – 1910 האָט זי באַשעפטיקט בערך 780 טויזנט**) ארבעטער און אין 1928 (1-טן יאַנואַר) – 823,739***). אין דער לעצטער צאָל גייען אריין נאָר אונטערנעמונגען מיט ניט ווייניקער פון 20 ארבעטער. גיט מען צו די קלענערע אינדוסטריע-אונטערנעמונגען, מוז מען אָננעמען, אַז אָנהויב 1928 האָט די אינדוסטריע באַשעפטיקט מינימום ניין הונדערט טויזנט ארבעטער, מיט 120 טויזנט ארבעטער מער ווי פאר דער מלחמה. אין 1920 האָבן געאַרבעט העכסטנס צוויי דריטל פון דער צאָל ארבעטער פאר דער מלחמה.

מען קאָן ברענגען נאָך צענדליקער באַווייזן, אַז דאָס זעלבשטענדיקע פּוילן האָט פאר די צען יאָר דורכגעמאַכט א וואונדערבאַרן וועג פון פּראָגרעס. אזוי זיינען די דאַמף-קעסלען אויסגעוואַקסן פון 18,850 אין 1922 אויף 28,629 אין 1928 יאָר. די פּראָדוקציע פון עלעקטרישער ענערגיע (פון די עלעקטריע-אנשטאַלטן מיט א קראַפט פון מער פון 5000 קילאָוואַט, וועלכע גיבן 75 פּראָצענט פון דער גאַנצער עלעקטרישער ענערגיע אין פּוילן) איז געווען (אין מיליאָן קילאָוואַט):

| | |
|---|---|
| 1926 | 1441 |
| 1927 | 1742 |
| 1928 | 1925 |

די געבראַכטע דאַטן זיינען גענוג אויף צו דערווייזן, אַז מיר האָבן צו טאָן ניט מיט קיין קראַנקען אויסגעלאָזן אָרגאַניזם, ניט מיט א

*) Rocznik Statystyki 1927, S. 317; 1929, S. 289.

**) Prof. A. Wojcicki, Dzieje robotnikow przemyslowych w Polsce. Warszawa 1929, S. 227.

***) Rocznik Statystyki 1929, S. 320.

מיט געוואַלט צווינג-געשטוקעוועטן בגד, וואָס מוז זיך צעפּאַלן פון זיך אַליין, נאָר מיט אַ געצווונגן פּראָגרעסירנדיקן קערפּער, וואָס פאַרהיילט זיינע ווונדן אַ סך גיכער, ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן, וואָס וואַקסט עקאָנאָמיש, ניט געקוקט אויף די אומנאָרמאַלע פּאָליטישע באַדינגונגען, וואָס שטערן זיין נאָרמאַלער אַנטוויקלונג.

איז פוילן אַ גן-עדן? געוויס ניט! גיכער אַ גהינם, ווי אַ גן-עדן, וואָרום די אָרימקייט פון די מאַסן איז גוואַלטיק גרויס; די מלוכה איז אָרים; די מיטעלע באַפעלקערונג איז אויסגעשעפּט. וועגן דעם אַלעם, ווי וועגן קריזיס, וועגן זיינע ספּעציפיש-פּוילישע און אינטערנאַציאָנאַלע סיבות וועט נאָך אויסקומען צו ריידן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך. אָבער איין אויספיר קאָן מען מאַכן — אין 1920—1921 איז פוילן געווען אַן עני ואביון, און אויב זי האָט דעם „עני" פאַר די צען יאָר פאַרלאָרן און איז געבליבן נאָר אַן אביון, אַ גרויסער אביון, אַן אייזערנער אביון, אָבער פאָרט עפּעס ווייניקער ווי עני ואביון, איז קאָן מען האָפן, אַז מיט דער צייט וועט אויך דער אביון ווערן קלענער. על כל פנים איז ניטאָ קיין גרונט אַזוי האָפענונגלאָז קוקן אויף דער צוקונפט פון פוילן און מאַכן אַנטשפּרעכנדיקע פאַרצווייפלטע אויספירן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אבער צו די אַלע טעמעס וועלן מיר זיך נאָך אומקערן. איצט מוזן מיר איבערגיין צום האַנדל אין פוילן, צו אַ ווירטשאַפט-צווייג, וואָס יידן מאַכן אין אים אויס בערך צוויי דריטל און שפּילן אין אים די הויפּט-פידל, — צו אַ ווירטשאַפט-צווייג, וואָס לעבט איבער טיפער און טראַגישער ווי אַלע איבעריקע ווירטשאַפט-צווייגן אין פוילן יעדע וואַקלונג אין דער קאָניונקטור, יעדן בלאָז פון קריזיס.

## 5. האָט פוילן איבעריקע הענדלער און קרעמער?

איינע פון די וויכטיקסטע און קאַרדינאַלסטע פראַגן איז דער צושטאַנד פונם האַנדל אין פוילן. די לעצטע צייט הערן זיך באַ אונז אָפּט שטימען, וואָס פאָדערן רעווידירן די נעגאַטיווע באַציאונג צום האַנדל בכלל און צום יידישן האַנדל בפרט. מען ווייזט אָן, אַז מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג וואַקסט אין אַלע לענדער דער פּראָצענט באַשעפטיקטע באַ האַנדל; אַזוי ווי אין פוילן וואַקסט געוויס דער קאַפּיטאַליזם, לכן מוז אויך וואַקסן די צאָל די הענדלער. די אויספירן זיינען קלאָר — אויך יידן באַטייליקן זיך און מוזן זיך באַטייליקן אין אַן אַנטשפּרעכנדיקער פּראָפּאָרציע אינם דאָזיקן וווּקס פון האַנדלס-עלעמענטן. דער קריזיס אינם יידישן האַנדל איז, בכן, אָדער אַן אויסגעטראַכטע זאַך, אָדער מען מוז זוכן זיינע סיבות ניט אין דער צו גרויסער צאָל יידישע האַנדלס-עלעמענטן, נאָר ערגעץ אַנדערש-ווו: אין דער קאָנקורענץ פונם אויפקומענדיקן קריסטליכן האַנדלס-קלאַס; אין די צו גרויסע שטייערן; אין דער עטאַטיסטישער, קאָנצעסיע- און קרעדיט-פּאָליטיק פון דער רעגירונג א. א. וו.

מיר לאָזן אָפּן די פראַגע וועגן דער רעוויזיע פון פּראָדוקטיוון ווערט פון האַנדל בכלל — דער נויטיקער פאַרטייל-אַפּאַראַט פון די פּראָדוצירטע און אויסגעאַרבעטע סחורות (און וואָס העכער די געזעלשאַפטליכע אַנטוויקלונג שטייגט, אַלץ גרעסער ווערט דער מהלך צווישן דעם פּראָדוצענט און קאָנסומענט פון די דאָזיקע סחורות)

פילט געווים אויס א נוצליכע און, לכן, פּראָדוקטיווע געזעלשאפטליכע פונקציע. מיר לאָזן דערווייל אויך ניט באַהאַנדלט די ווירקונג פון די אלע פאַקטאָרן, וואָס ווערן ארויסגערופן פון דער אורבאַניזירונג־עוואָלוציע אין דער אַרומיקער ניט־יידישער באַפעלקערונג, וואס איז אויך דער אמתער טרייב־יסוד פאר דער עקאָנאָמישער אנטי־סעמיטישער פּאָליטיק פון אלע ביזאיצטיקע פּוילישע רעגירונגען.

מיר האַלטן פאר נויטיק און מעטאָדאָלאָגיש פאר פיל ריכטיקער צוערשט אויפקלערן די אלגעמיינע פראגע, צי איז פוילן בכלל אָנגעזעטיקט מיט פארמיטלער־עלעמענטן, צי איז פוילן בכלל אין א גענוגנדיקער מאָס פארזארגט מיט עלעמענטן, וואס באַדינען די געזעלשאפט מיטן פארטיילן איבערן לאַנד די פּראָדוצירטע סחורות. אזוי ווי יידן מאכן אויס בערך קרוב צו צוויי דריטל פון אלע באַשעפטיקטע אין פוילן אין האנדל, איז קלאָר, אז די תשובה אויף דער נאָר וואָס געשטעלטער פראגע איז אין א גרויסער מאָס א תשובה אויף דער יידישער האנדלס־פראגע: איז ווירקליך פוילן, ווי אייניקע גלויבן, נאָך גאָר צו ווייניק באַזאָרגט מיט הענדלער און קרעמער און זייער ווערט מוז קומען, ווען שוין יידן געווים נהנה זיין פונם דאָזיקן ווקס, ניט געקוקט אויף אלע מניעות און שטערונגען מצד דער רעגירונג אדער מצד דער ארומיקער באַפעלקערונג, וועלכע אָרגאַניזירט זיך קעגן דער פארמיטלעריי אָדער טיילט אויס אייגענע פארמיטלער־עלעמענטן. אויב ושע, פארקערט, פוילן, בײַ איר איצטיקן עקאָנאָמישן צושטאנד, האָט גענוג אָדער גאָר מער ווי גענוג האַנדלס־עלעמענטן, דעמאָלט מוזן יידן מער פון דער ארומיקער באַפעלקערונג פילן דעם דרוק פון דער איבערבאפעלקערונג אינם דאָזיקן ווירטשאפט־צווייג. אויף יידן וועלן דאָ דריקן צוויי מאָמענטן — אי די איבערבאפעלקערונג אין א ווירטשאפט־צווייג, אין וועלכן זיי מאכן אויס צוויי דריטל; אי די באַגלייט־דערשיינונגען פונם דראַנג פון דער ארומיקער באַפעלקערונג צו שאַפן אַן אייגענעם, א קאָאָפּעראַטיוון אָדער פּריוואטן פארטייל־אפאראט.

עס איז שווער פעסטצושטעלן, ווי גרויס דאַרף זיין דער פארטייל־אַפּאַראַט אין א לאַנד. דאָס איז אָפּהענגיק פון א גאנצן קנויל פון סיבות, ווי די קאָמוניקאציע, די גרויס פון סחורה־אומזאַץ, די גרויס פון פאַרבראויך פראָ קאָפּ, די גרויס פון סחורה־טייל, וואָס גייט אויפן אינעווייניקסטן און אויפן דרויסנדיקן מארק, דער אופן ווי אזוי דער האנדל איז אָרגאַניזירט, — קליינקרעמעריי, אוניווערסאַל־מאגאזינען, צעשיק־סיסטעם, — קולטורעלער צושטאנד פון דער באַפעלקערונג, וואס ווירקט ניט נאר אויף דער מדרגה פון איר קויף־קראַפט, נאר אויך אויפן אופן און וועג, ווי זי אָרגאַניזירט איר קויף־ און פאַרקויף־אַפּאַראַט, צו די אויסגערעכנטע הויפט־פאקטאָרן קומט נאָך צו א גאנצע רייע ווייניקער וויכטיקע, אויף וועלכע ס'איז ניט כדאי זיך אָפּצושטעלן. היוצא מזה, אז קיין פעסטן מאָסשטאַב פאר דער גרויס פון פארטייל־אַפּאַראַט פאר באַזונדערע לענדער איז טאקע אומעגליך צו געפינען. דערפון איז אָבער ניט געדרונגען, אז מען דאַרף זיך ניט פרווון דורך אַן אַנאַלאָגיע פון דער לאַגע אין פארשיידענע מלוכות אָדער אין פארשיידענע טיילן פון איינער און דער זעלביקער מלוכה באקומען אַ פּאָרשטעלונג, צי איז דער פאַראַנענער פארטייל־אַפּאַראט צוגעפאַסט און באַפרידיקנדיק פארן געגעבענעם לאַנד. אזא מין פרווו וועלן מיר דאָ אונטערנעמען לגבי דעם איצטיקן פוילן. דערביי וועלן מיר צוערשט פאַרגלייכן פוילן מיט דייטשלאַנד, מיט א שכנות־לאנד, מיט וועלכן פוילן האָט די

גרעסטע האנדלס-פארבינדונגען; נאָכדעם וועלן מיר פארגלייכן דעם צושטאנד פון האנדל אין פארשיידענע טיילן פון פוילן גופא.

מיר וועלן אָנהויבן פון פעסטשטעלן די הויפּט-באַדינגונגען און הויפּט-פאקטאָרן, וואָס ווירקן אויף דער גרויס און כאראקטער פון פארטייל-אַפּאַראַט.

דייטשלאַנד האָט פארמאָגט אין 1928-טן יאָר אַן אייזנבאַן-נעץ פון 58.000 קילאָמעטער לענג. אויף יעדע 1000 קוו.-קילאָמעטער פון שטח פון דייטשלאנד קומט אוים 120 אייזנבאַן-קילאָמעטער*). אין פוילן איז געווען אין 1928 — 17.208 קילאָ-מעטער אייזנבאַן און אויף 1000 קוו.-קילאָמעטער פון שטח פון פוילן איז אויסגעקו-מען 51 קילאָמעטער אייזנבאַן, כמעט 2 און א האלב מאָל ווייניקער, ווי אין דייטש-לאנד. פאר די יאָרן 1918—1927 האָט פוילן אויסגעבויט 583 קילאָמעטער אייזנ-באַן**). ניט אין אלע טיילן פון איצטיקן פוילן איז אלצאיינס פארטיילט די אייזנבאַן-נעץ — אויף 1000 קוו.-קילאָמעטער קומט אוים קילאָמעטער אייזנבאַן***):

| | |
|---|---|
| אין די אמאליקע טיילן פון דייטשלאנד . . . . . . . | 109 |
| אין די אמאליקע טיילן פון עסטרייך . . . . . . . . | 57 |
| אין די אַמאָליקע טיילן פון רוסלאנד . . . . . . . | 37 |

אויף איין קוואדראט-קילאמעטער ווינען:

| | |
|---|---|
| אין דייטשלאנד . . . . . . . . | 133 מענשן |
| אין פוילן . . . . . . . . . . . | 78 מענשן |

ס'וואָלט געווען, פארשטייט זיך, אַבסאָלוט פאלש אָנצונעמען, אז ווי באַלד די אייזנבאַן-נעץ איז אין דייטשלאנד אויף אזוי פיל און אזוי פיל געדיכטער, לכן דארף מען אינם דאָזיקן לאַנד אקוראט אויף אזוי פיל ווייניקער הענדלער און קרעמער; עס וואָלט געווען פאלש אפילו, ווען אלע איבעריקע לעבנס-באַדינגונגען וואָלטן געווען גלייך איןביידע לענדער. מיר האָבן געבראַכט די ידיעות וועגן דער אייזנבאַן-נעץ און וועגן דער באַפעלקערונג-געדיכטקייט, נאָר כדי צו באַקומען א באַגריף וועגן די גרונט-באַדינגונגען, וואָס ווירקן געוויס אויף דער גרויס פונם פארטייל-אַפּאראַט.

א סך נאָענטער און דירעקטער גייט מען צו צו דער פראגע, ווען מען שטעלט פעסט דעם סחורה-אומזאַץ אין יעדן לאנד.

דייטשלאנד האָט געהאט אין יאָר 1927 אַן אומזאַץ פון אינדוסטריע און האנדל אויף 124 מיליאַרד מארק****) אָדער בערך 250 מיליארד זל.; אזוי ווי דייטשלאנד האָט אַ באַפעלקערונג פון בערך צוויי מאָל גרעסער ווי פוילן, וואָלט דער אומזאַץ אין פוילן באַדארפט זיין בערך 125 מיליארד זלאָטעס. דער אומזאַץ אין פוילן האָט אָבער באַטראָפן אין 1927 פאר אינדוסטריע און האנדל נאָר 20 מיליארד זל. *****)

---

*) Deutsche Wirtschaftskunde, bearbeitet im Stat. Reichsamt. Berlin, 1930,S. 222.

**) Rocznik Statystyki Rzeczpospolitej Polskiej. Warszawa, 1929. S. 146—7.

***) Wirtschaft des Auslandes. 1900—1927. Berlin 1929, S. 439.

****) Deutsche Wirtschaftskunde... S. 323.

*****) Rocznik Statystyki. 1929, S. 559.

ד. ה. זעקס מאל ווייניקער. אויך דאָ קאָן מען ניט גלייך מאַכן אַן אויספיר, אַז א זעקס-מאָל גרעסערער סחורה-אומזאַץ פאָדערט א זעקס-מאָל גרעסערן פאַרטייל-אַפּאַראַט. נעמט מען דעם האנדלס-אומזאַץ אליין, איז דער חילוק צווישן דייטשלאנד און פוילן קלענער. אזוי האָט דער האנדלס-אומזאַץ באַטראָפן אין דייטש-לאַנד אין יאָר 1927 — 47 מיליאַרד מאַרק אָדער 94 מיליארד זלאָטעס; אזוי ווי פוילן איז צוויי מאָל קלענער אין צאָל, וואָלט פוילן, ווען זי זאָל האַלטן בּאַ דער אנט-וויקלונג-מדרגה פון דייטשלאנד, בּאַדאַרפט האָבן א האנדלס-אומזאַץ פון בערך 47 מיליאַרד זלאָטעס. אין דער אמתן איז דער האנדלס-אומזאַץ אין פוילן געווען אין יאָר 1927 נאָר 12,480 מיליאָן זלאָטעס, אָדער בערך פיר מאָל ווייניקער ווי אין דייטשלאנד. כאראקטעריסטיש איז פארן אנטוויקלונג-צושטאנד פון די דאזיקע צוויי שכנותדיקע לענדער, וואָס אין דייטשלאנד איז דער אינדוסטריע-אומזאַץ אנדערטהאלבן מאָל גרעסער, ווי דער האנדלס-אומזאַץ, ווען אין פוילן איז די פארהעלטעניש פונקט פאַרקערט.

לאָמיר איצטער זען, ווי גרויס איז דער האַנדלס-אַפּאַראַט אין די צוויי בּאַטראַכטע לענדער. די צאָל עקאָנאָמיש-אקטיווע אין האנדל האָט באַטראָפן (מיט פארזיכערונג, שענק- און אכסניה-ווירטשאַפט):

אין דייטשלאנד אין 1925*) . 3,753,369 . 11,7 פּראָצ. פון אלע עק.-אקט.
אין פוילן אין 1921**) . . 518,766 . 3,9 פּראָצ. פון אלע עק.-אקט.

די אַבּסאָלוטע צאָל עקאָנאָמיש-אקטיווע אין האנדל בּאַטרעפט אין דייטשלאנד 7 און א האלב מאָל מער, ווי אין פוילן, אָבער דער פּראָצענט לגבי אלע עקאָנאָמיש-אקטיווע איז אין דייטשלאנד נאָר דריי מאָל גרעסער. די דאָזיקע ציפער זיינען אָבער ניט גענוג אויף צו בּאַלייכטן די אמתע גרויס פון פארטייל-אַפּאַראַט, מחמת דער פּראָ-צענט עקאָנאָמיש-אקטיווע איז פארשיידן אין די דאָזיקע צוויי מלוכות — אין דייטשלאנד מאַכט אוים דער פּראָצענט עקאָנאָמיש-אקטיווע 45,7 לגבי דער גאנצער באַפעלקערונג (אָן די פּראָפעסיאָנעלע זעלבשטענדיקע), ווען אין פוילן בּאַטרעפט דער זעלבער פּראָצענט — 49,6, ווייל אין פוילן איז דאך גרעסער דער פּראָצענט לאנדווירטשאַפט-ליכע עלעמענטן, וועלכע גיבן אומעטום מער עקאָנאָמיש-אקטיווע. ריכטיקער ווערט דאס בילד, ווען מען רעכנט אוים די צאָל עקאָנאָמיש-אקטיווע הענדלער אויף 1000 פון דער גאנצער באַפעלקערונג — דעמאָלט באַקומען מיר ווירקליך די גרויס פונם פאר-טייל-אַפּאַראַט. אויף 1000 פון דער באפעלקערונג זיינען געווען עקאנאָמיש-אקטיווע באַשעפטיקטע אין האַנדל:

אין דייטשלאנד . . . . . . . 60,1
אין פוילן . . . . . . . . . 19,1

אויף יעדע טויזנט פון דער באַפעלקערונג איז. בכן פאראן אין דייטשלאנד בערך דריי מאָל מער באַשעפטיקטע אין האנדל, ווען דער האנדלס-אומזאַץ, ווי מיר האָבן אויבן געזען, איז אין דייטשלאנד פיר מאל גרעסער ווי אין פוילן און דער אומזאַץ אין האנדל און אינדוסטריע איז אין דייטשלאנד זעקס מאָל גרעסער

*) Deutsche Wirtschaftskunde ... S. 45—46.

**) Pierwszy powszechny spis Rzeczpospolitej Polskiej. Warszawa, 1927. S. 141.

ווי אין פוילן, אומגערעכנט, פארשטייט זיך, אויף דער קלענערער באַפעלקערונג פון פוילן. אז דער גרעסערער אומזאַץ אין דער אינדוסטריע פאָדערט א גרעסערן פאַר־טייל־אַפּאַראַט ניט נאָר אין דער אינדוסטריע גופא, נאָר אויך אינם האַנדל, איז קלאָר און דאַרף ניט קיין ראיות.

מיר ווילן ניט פון די אלע געבראַכטע אויסרעכענונגען מאכן שוין דעם אויספיר, אז פוילן האָט איבעריקע הענדלער, אָבער איינס איז קלאָר, אז די אלע ראיות, וואָס מען ברענגט פון דייטשלאנד, ווו די אַבסאָלוטע צאָל באַשעפטיקטע אין האנדל איז זיבן מאָל גרעסער ווי אין פוילן, און לכן מאכט מען דעם אויספיר, אז פוילן פעלן נאָך נאָר הענדלער, האַלטן ניט אוים קיין שום קריטיק און בײַ אַ טיפערן און אלזייטיקן אַנאַליז פון דער פּראָבלעם קאָן מען א סך גיכער קומען צום אויספיר, אז בײַם געגעבענעם עקאָנאָמישן צושטאַנד איז פוילן איבערגעזעטיקט מיט האנדלס־עלעמענטן. דאָס ווערט נאָך קלאָרער, ווען מען פארגלייכט דעם אומזאַץ אויף איין האַנדלס־אונטערנעמונג אין די ביידע לענדער. אזוי איז געווען דער אומזאַץ אין יאָר 1927 פון איין האנדלס־אונטערנעמונג:

אין דייטשלאנד*) . . . . . . 58.500 זלאָטעס
אין פוילן**) . . . . . . . 28.550 זלאָטעס

דאָס הייסט, אז יעדע האַנדלס־אונטערנעמונג אין פוילן איז צוויי מאָל ווייניקער אַנגעלאָדן ווי אין דייטשלאנד.

א סך א העלערן שיין אויף דער דאָזיקער קאָמפּליצירטער פראגע וואַרפט אַן אַנאַליז פון האַנדלס־צושטאנד און האנדלס־אפּאראט אין פארשיידענע טיילן פון פוילן גופא. טאבעלע 1 און 2 גיבן א רייכן מאַטעריאַל אויף צו באַלייכטן די דאָזיקע פראגע און גיבן גענוג גרונט אויף צו מאַכן באַשטימטע אויספירן.

פון טאַבעלע 1 זעען מיר, אז וואָס העכער דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין לאַנדווירטשאפט, אלץ קלענער איז דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין האַנדל און אלץ גרעסער איז דער פּראָצענט יידן אינם האנדל. אין די קרעסן, ווו די באַשעפטיקטע אין לאַנדווירטשאפט מאכן אוים 89,4 פּראָצ. פון אלע עקאָנאָמיש־אקטיווע, זיינען אין האַנדל באַשעפטיקט נאָר 2,4 פּראָצענט פון אלע עקאָנאָמיש־אקטיווע און אין קאָנגרעס־פוילן, ווו די לאַנדווירטשאפט באַשעפטיקט 69,3 פּראָצענט און אפילו אָן וואַרשע נאָר 74,7 פּראָצענט, מאכן שוין אוים די האנדלס־עלעמענטן 4,9 פּראָצענט, אָדער אָן וואַרשע 3,8 פּראָצענט פון אלע עקאָנאָמיש־אקטיווע. און דער פּראָצענט יידן אין האַנדל מאכט אוים:

אין די קרעסן . . . . . . 88,2 פּראָצענט פון אלע הענדלער
אין קאָנגרעס־פוילן . . . . 63,5 פּראָצענט פון אלע הענדלער
אין קאָנגרעס־פוילן אָן וואַרשע . 69,8 פּראָצענט פון אלע הענדלער

מיר פארגלייכן ניט מיט די געוועזענע דייטשע טיילן, ווייל דאָרטן האָבן העכער הונדערט יאָר געווירקט גאַנץ אַנדערע סיבות און פאַקטאָרן אויפן אָנטייל פון יידן אין האַנדל. אז וואס העכער ס׳איז אנטוויקלט א קאנט, אלץ קלענער איז דער פּראָ־

*) Statistisches Jahrbuch für das Deutsche Reich 1928. Berlin, 1928. S. 560.

**) דאָס ציטירטע פוילישע יאָרבוך, ז. 560.

טאַבעלע I

דער האנדל אין פוילן און דער אָנטייל פון יידן אין האנדל (1921)

| וואָיעוודסטוועס | פראָצענט עקאָנאָמיש-אַקטיווע אין לאַנדווירטש. | אבסאָל. צאָל באַשעפטיקטע אין האַנדל | פראָצ. באַשעפטיקטע אין האַנדל פון אלע עקאָנאָמ.-אַקטיווע | איף 1000 פון דער באַפעלקער. קומט אויס באַשעפטיקטע אין האַנדל | יידן אין האַנדל: אבסאָלוטע צאָל | יידן אין האַנדל: פראָצענט לגבי אלע הענדלער | יידן אין האַנדל: % לגבי אלע ייד. עקאָנאָמ-אַקטיווע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פויזן | 61,2 | 38.687 | 4,3 | 19,6 | 2.378 | 6,1 | 49,4 |
| פּאָמערן | 66,9 | 12.836 | 3,1 | 13,6 | 606 | 4,7 | 43.5 |
| געוועזענע דייטשע טיילן | 63,0 | 51.523 | 3,9 | 17,7 | 2.984 | 5,8 | 48,1 |
| װאַרשע שטאָט | 1,0 | 78 586 | 19,0 | 83,9 | 40.003 | 50,9 | 35,5 |
| וואַרשעווער וואָיעוודסטווע | 76,1 | 34.932 | 3,4 | 16,5 | 21.467 | 61,7 | 35,7 |
| לאָדזש | 63,0 | 56.797 | 5,1 | 25,2 | 34.856 | 61,4 | 32,4 |
| קעלץ | 73,4 | 47.188 | 3,7 | 18,6 | 33.060 | 70,0 | 37,0 |
| לובלין | 82,5 | 39.565 | 3,5 | 18,9 | 30.966 | 78,3 | 35,5 |
| ביאַליסטאָק | 80,7 | 19.904 | 2,8 | 15,2 | 15 809 | 79,4 | 24,2 |
| געוו. קאָנגרעס-פוילן | 69 3 (74,7) | 276 972 | 4,9 (3,8) | 24,8(19,4) | 176.161 | 63,5 (69,8) | 33,7 |
| קראָקע | 74,9 | 40.129 | 3,4 | 20,1 | 23.594 | 58,8 | 42,8 |
| לעמבערג, סטאַניסלאַוו, טאַרנאָפּאָל | 83,7 | 97.595 | 3,0 | 17,8 | 78.403 | 80.3 | 37,4 |
| גאַליציע | 81,5 | 137.724 | 3,1 | 18,4 | 101.997 | 74,1 | 38,5 |
| וואָלין | 88,6 | 24.425 | 3,0 | 17,0 | 21.460 | 87,8 | 41,1 |
| פּאָלעסיע און נאָוואָגרודעק | 88,8 | 18.946 | 1,9 | 11,1 | 16.777 | 88,6 | 25,7 |
| קרעסן | 89,4 | 43.371 | 2,4 | 13,8 | 38.237 | 88,2 | 32,5 |
| **צוזאַמען** | **75,3** | **509.590** | **3.9** | **20,3** | **319.379** | **62.6** | **35.1** |

באַמערקונג: 1) ווילנער און שלעזישער וואָיעוודסטוועס זיינען אַרויסגעלאָזט, מחמת די ציילונג פון 1921 האָט דאָרט נישט אַרומגענומען די גאַנצע באַפעלקערונג. 2) די ציפערן אין קלאַמערן ווייזן דעם פּראָצענט פון קאָנגרעס-פוילן אָן וואַרשע. 3) לעמבערגער, סטאַניסלאַווער און טאַרנאָפּאָלער, פּאָלעסיער און נאָוואָגרודקער וואָיעוודסטוועס זיינען פאַראייניקט, כדי קאָנען פאַרגלייכן מיט טאַבעלע 2, וווּ דער מאַטעריאַל איז גענומען פון די פינאַנץ-אַמטן. 4) אין דער ווירטשאַפט-גרופּע „האַנדל“ נייט אויך אַריין „פּאַרזיבערונג, שענק- און אַכסניה-ווירטשאַפט“.

טאַבעלע II

דער האַנדל־ און אינדוסטריע־אומזאַץ אין פוילן אינם יאָר 1927*)

| פינאַנץ־אַמטן | האַנדל: די אַבס. צאָל אונטע־נעמונגען | האַנדל: די אַבס. אומזאַץ־סומע (אין זלאָטעס) | האַנדל: יערל. דורכשניט־אומז. פ. 1 אונטערנ. (אין זלאָטעס) | האַנדל: יערל. דורכשנ. אומז. א. 1 נפש (אין זלאָטעס) | אינדוסטריע: ד' אַבס צאָל אונטערנעמונגען | אינדוסטריע: די אַבס. אומזאַץ־סומע (אין זלאָטעס) | אינדוסטריע: יערל. דורכשניט־אומז. פ. 1 אונטערנ. (אין זלאָטעס) | אינדוסטריע: יערל.־דורכשנ. אומז. א. 1 נפש (אין זלאָטעס) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פויזן . . . . . | 33.246 | 1.414.300.000 | 42.600 | 718 | 12.665 | 680.800.000 | 54.000 | 346 |
| גרודזיאָנסק . . | 14.792 | 538.600.000 | 36.400 | 575 | 5.615 | 280.700 000 | 50.000 | 300 |
| געװ. דײטשע טײלן | 48.038 | 1.952.900.000 | 40.600 | 672 | 18.280 | 961.500.000 | 52 600 | 331 |
| װאַרשע שטאָט . | 29.789 | 1.794.500.000 | 70.000 | 1916 | 12.791 | 1.706.100.000 | 133.400 | 1820 |
| װאַרשעװ. װאָיעװ. | 34.628 | 1.578.200.000 | 45.500 | 747 | 8.080 | 289.900.000 | 36.000 | 137 |
| לאָדזש . . . . | 41.767 | 1.279.800.000 | 30.650 | 570 | 16.060 | 1.406.200.000 | 87.000 | 624 |
| קעלץ . . . . | 37.932 | 795 900.000 | 21.000 | 314 | 10.635 | 621.900.000 | 58.000 | 245 |
| לובלין . . . . | 30.630 | 533.600.000 | 17.400 | 255 | 8.084 | 206.700 000 | 25.000 | 91 |
| ביאַליסטאָק . . . | 18.621 | 367.800.000 | 19.750 | 281 | 4.932 | 129 600.000 | 26.000 | 99 |
| געװ. קאָנגרעס־פוילן | 193.367 | 6.349.800.000 | 32.800 | 565 | 60.582 | 4.360.400 000 | 72.000 | 388 |
| קראָקע . . . . . | 34.769 | 922.900.000 | 26.550 | 463 | 9.778 | 532.000 000 | 54.000 | 267 |
| לעמבערג . . . . | 78.972 | 1.439.100.000 | 18.200 | 262 | 19.052 | 488.400.000 | 26.000 | 90 |
| גאַליציע . . . | 113.741 | 2.362.000 000 | 20.800 | 316 | 28.830 | 1.020.400 000 | 35.400 | 137 |
| לוצק . . . . . . | 20.219 | 323.300,000 | 16.000 | 225 | 4.998 | 119.100.000 | 24.000 | 83 |
| בריסק . . . . . . | 19.558 | 290.700.000 | 14.850 | 170 | 5.093 | 121.900 000 | 24.000 | 71 |
| קרעסן . . . . . | 39.777 | 614.000.000 | 15.400 | 196 | 10.091 | 241.000.000 | 24.000 | 77 |
| צוזאַמען . . . . | 394 923 | 11.278.700.000 | 28.550 | 449 | 117.783 | 6·583.300.000 | 55.900 | 262 |

באַמערקונג: 1) אין לעמבערגער פינאַנץ־אַמט זײנען אָנגעשלאָסן, חוץ לעמבערגער װאָיעװודסטװע, אױך סטאַניסלאַװער און טאַרנאָפּאָלער. 2) גרודזיאָנסק—דאָס איז פּאָמערשע װאָיעװודסטװע. 3) לוצק—װאָלין. 4) בריסק נעמט אַרום פּאָלעסיער און נאָװאָגרודקער װאָיעװודסטװעס. 5) דער אומזאַץ אױף איין נפש איז אױסגערעכנט לױט דער באַפעלקערונגס־צאָל פון 1921.

*) Rocznik Statystyki 1929, Warszawa, S. 559—560.

צענט יידן אין האנדל — דאָס ווערט באַזונדערס בולט אין גאַליציע. אין קראָקע־ווער ראַיאָן, ווו אין לאַנדווירטשאַפט זיינען באַשעפטיקט נאָר 74,9 פּראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע און אין האנדל 3,4 פּראָצענט, מאַכן יידן אויס נאָר 58,8 פּראָצענט פון אַלע הענדלער און אין די איבעריקע טיילן פון גאַליציע — לעמבערגער, סטאַניסלאַווער און טאַרנאָפּאָלער וואָיעוואָדסטוועס, ווו דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין לאַנדווירטשאַפט איז 83,7 און דער פּראָצענט הענדלער נאָר 3,0, באַטרעפט שוין דער אָנטייל פון יידן אין האַנדל גאַנצע 80,3 פּראָצענט.

די דערקלערונג דאַרף מען ניט זוכן אין דער יידישער עקאָנאָמיק און ניט אין דער געדיכטקייט אָדער שיטערקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג — איך האָב קיינמאָל ניט צוגעגעבן דיין יידישע פאַקטאָרן אַזאַ אַבסאָלוטע און אַנטשיידנדיקע וואָג ווי אנדערע. איך האַלט, אַז די אַנטוויקלונג פון דער אַרומיקער סביבה האָט דעם גרעסטן און שטאַרקסטן איינפלוס אויף דער יידישער עקאָנאָמיק און ערשט נאָכדעם קאָן גענומען ווערן אין אכט די געדיכטקייט אָדער שיטערקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס קאָן אמאל זיין ניט קיין רעזולטאַט פון קעגנוואַרטיקע עקאָנאָמישע צושטאַנדן, נאָר א ירושה פון פאַרגאַנגענע צייטן. בײַ באַהאַנדלען יידישע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען מוז מען תמיד האַלטן אין אויג דעם מצב פון דער אַרומיקער סביבה און ניט לאָזן זיך פאַרפירן פון נסיון צו וועלן שטעלן אויפן ערשטן אָרט אינעווייניקסטע פּראָצעסן אינם יידישן לעבן. מען קאָן און מען מוז אָפט בײַם ב אַ ש ר ײ ב ן דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן עס אויסטיילן און עס באַהאַנדלען, ווי א זעלבשטענדיקן שטראָם מיט זיינע אייגענע ריכטונגען און אייגענע אַנטוויקלונגס־וועגן, אָבער בײַם ד ע ר ק ל ע ר ן די סיבות פון די ענדערונגען אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן, בײַם א ו י פ ש ט ע ל ן די פאַקטאָרן, וואָס טרייבן די יידישע עקאָנאָמישע כוחות אין דער אָדער יענער ריכטונג, מוזן די דרויסנדיקע פאַקטאָרן פאַרנעמען דעם אויבן־אָן, מוזן די פרעמדע אַרומיקע קרעפטן פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט.

פאַרוואָס זשע איז אין קראָקעווער ראַיאָן, אין דעם אינדוסטריע אַנטוויקלטסטן, דער פּראָצענט יידן אינם האנדל נידעריקער, ווי אין די איבעריקע טיילן פון גאַליציע? פאַרוואָס איז דער פּראָצענט יידן אין האַנדל העכער אין די קרעסן, ווי אין קאָנגרעס־פּוילן? פאַרוואָס אין קאָנגרעס־פּוילן גופא איז דער פּראָצענט יידן אין האַנדל קלענער אין די אינדוסטריעל־אַנטוויקלטסטע וואָיעוואָדסטוועס, און וואָס נאָענטער צו די אגראַר־אָפּגעשטאַנענסטע ראַיאָנען, אַלץ העכער ווערט דער אָנטייל פון יידן אין האַנדל? די זאַך דערקלערט זיך דערמיט, וואָס ערשט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, וואָס איר פּועל־יוצא איז די אַנטוויקלונג פון שטאָטישן לעבן, קומען אויף בײַ דער ניט־יידישער באַפעלקערונג די עלעמענטן, וועלכע זיינען פעאיק צו שאַפן אַן אייגענעם האנדלס־קלאַס. די שטאָטישע אַרבעטער, די שטאָטישע באַאַמטע, די שטאָטישע בעלי־מלאכות און אויך די ליבעראַלע פּראָפעסיעס — אָט די דאָזיקע אַלע נייע שטאָטישע ניט־יידישע קלאַסן טיילן אויס פון זיך גופא אָדער פון זייערע אונטערוואַקסנדיקע יונגע דורות עלעמענטן, וואָס גייען אין האַנדל, וואָס זיינען פעאיק צו גיין אין האַנדל, און זיי גייען ניט נאָר אין שטאָטישן האַנדל, נאָר אויך אין דאָרפישן. און וואָס העכער א שטאָט שטייט

אין אינדוסטריעלן זין, אַליך קלענער דער פּראָצענט יידן אין האנדל. יידן האָבן אויסגעמאַכט, למשל, אין האנדל*):

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין ביאַליסטאָק | (1928) | 78,3 | פּראָצענט |
| אין ווילנע | (1925) | 78,2 | „ |
| אין וואַרשע | (1926) | 54,0 | „ |
| אין לאָדזש | (1921) | 61,7 | „ |
| אין פּינסק | (1927) | 90,0 | „ |

אין פּינסק מאכן יידן אוים אין האנדל גאנצע 90 פּראָצענט; אין ביאַליסטאָק און ווילנע — שוין נאר העכער פון 78 פּראָצענט און אין לאָדזש און ווארשע שוין נאָר ווייניקער פון צוויי דריטל.

ערשט אין די גרויסע שטעט, ווו ס׳קאָנצענטרירן זיך גרויסע ניט־יידישע ארבעטער־מאַסן, געדיכטע ניט־יידישע מאַסן פון באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס, ווערן באשאפן די באַדינגונגען פאר א ניט־יידישן קרעמער; אָט די דאָזיקע אין האַנדל אויפגעצויגענע און אויסגעוואַקסענע עלעמענטן שטעלן צו קרעמער און הענדלער אויך פארן דאָרף, ווו דער ניט־יידישער הענדלער געפינט א ווארעמערע אטמאָספער ווי דער ייד. דער ניט־יידישער שטאטישער אַרבעטער אָדער באַאַמטער, אָדער אפילו בעל־מלאכה האָט נאך עד־היום אָפט קרוב׳ישע פארבינדונגען מיטן דאָרף. צוריק אין דאָרף גייט טאקע דער ניט לאנג אין שטאָט אויסגעוואַנדערטער, וואָס האָט זיך נאָך ניט גענוג אקלימאטיזירט אין שטאָט אדער איז געוואָרן פארכאַפּט פון א קריזיס און איז געוועזן געצוווּנגען זיך אומקערן אין דאָרף, האָט אָבער שוין ניט געוואָלט אָדער ניט געקאָנט זיך נעמען צוריק פארן אַקער און האָט זיך געכאַפּט צו דער „יידישער״ פרנסה, צו דער קראָם, ריכטיקער קרעמל.

דער הויכער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין לאַנדווירטשאפט איז אָבער גורם דעם קלענערן פּראָצענט באַשעפטיקטע אין האַנדל ריין מעכאַניש — אין דער לאַנדווירטשאפט איז דער פּראָצענט עקאָנאָמיש־אַקטיווע א סך העכער ווי אין האנדל. דאס זעט מען שוין פון דעם, וואָס לויט דער ציילונג פון 1921־טן יאר האָבן אין פוילן די העכער 75 פּראָצענט עקאָנאָמיש־אַקטיווע פון דער לאַנדווירטשאַפט געגעבן חיונה נאר 60 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, ווען די 3,7 פּראָצענט עקאַנאָמיש־אַקטיווע פון האנדל האָבן געגעבן פרנסה 6,3 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. מיר האָבן דעריבער אויסגערעכנט די צאָל באַשעפטיקטע אין האַנדל אויף 1000 פון דער באַפעלקערונג — דאָ באַקומען מיר א סך א קלאָרערן און ריכטיקערן מאָסשטאַב פון פארטייל־אַפּאַראט אין פארשיידענע טיילן פון פוילן.

*) די דאַטן פאר ביאַליסטאָק האָב איך באַקומען אין יידישן סוחרים־פאראיין אויפן גרונט פון די ארויסגענומענע פּאַטענטן; פאר ווילנע זע: יעקב לעשצינסקי, „חורבן ווילנע“ אין „ווירטשאפט און לעבן“, 1928, נר. 3, ז. 15; פאר וואַרשע אין יידישן סוחרים־פאראיין אויפן גרונט פון די ארויסגענומענע פּאַטענטן; פאר לאָדזש — אין שטאטישן סטאטיסטישן אַמט אויפן גרונט פון דער ציילונג פון 1921; פאר פּינסק — אויפן גרונט פון דער פירמען־פארצייכנים פון רודאָלף מאָססע.

דער סאַמע אויבנאויפיקער קוק אויף דער שורה, וואָס ווייזט אונז די צאָל הענדלער אויף 1000 פון דער באַפעלקערונג, מוז ארויסרופן פון איין זייט גרויסע ערשטוינונג, און פון דער צווייטער זייט, גרויסע באַפרידיקונג, וואָס דאָ באַקומען מיר ענדליך אַ קלאָרן אויסדרוק פאר דער קרענק, וואָס הייסט „צופיל יידישע קרע־מער“, אן אויסדרוק, וואס קאָן אויך געבן א שטיקל אָריענטירונג־מאָסשטאַב פאר א אָפּשאַץ פון דער בערכדיקער צאָל „איבעריקע“ יידישע קרעמער.

וואָס ווייזט אונז די שורה, ווו מיר ברענגען די צאָל הענדלער אויף 1000 פון דער באַפעלקערונג? פארגלייכן מיר גאַליציע מיט די געוועזענע דייטשע טיילן — אין גאַליציע, ווו 81,5 פּראָצענט פון אלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע זיינען באשעפטיקט אין דער לאַנדווירטשאפט, זיינען אויף יעדע 1000 איינוווינער פאראן 18,4 הענדלער, און אין די געוועזענע דייטשע טיילן, ווו נאָר 63,0 פּראָצענט זיינען באַשעפטיקט אין לאנדווירטשאפט, זיינען פאראן נאר 17,7 הענדלער אויף 1000 פון דער באַפעל־קערונג. אבער די גאנצע גרויס פון דער אומנאָרמאַלער לאַגע ווערט ערשט קלאָר, ווען מיר ציען צו דעם מאטעריאל פון דער צווייטער טאַבעלע, ווו מיר האָבן פאר די אויגן דעם אומזאַץ אין פארשיידענע טיילן פון פוילן.

שטעלן מיר קעגנאנאנדער גאליציע און די געוועזענע דייטשע טיילן אין אלע פונקטן, וואָס גייען אריין אין ביידע טאַבעלן:

| | גאַליציע | געוועזענע דייטשע טיילן |
|---|---|---|
| פּראָצ. באַשעפטיקטע אין לאַנדווירטשאפט | 81,5 | 63,0 |
| פּראָצ. באַשעפטיקטע אין האנדל | 3,1 | 3,9 |
| פּראָצענט יידן אין האַנדל | 74,1 | 5,8 |
| צאָל הענדלער אויף 1000 איינוווינער | 18,4 | 17,7 |
| יערליכער אומזאץ פון איין האנדלס־אונטערנעמונג | 20.800 | 40,600 |
| האנדלס־אומזאץ אויף איין נפש | 316 | 672 |
| יערליכער אומזאַץ פון איין אינדוסטריע־אונטערנעמונג | 35.400 | 52,600 |
| אינדוסטריע־אומזאץ אויף איין נפש | 137 | 331 |

אין גאַליציע איז דער אינדוסטריע־אומזאַץ אויף איין נפש כמעט דריי מאָל קלענער, ווי אין די געוועזענע דייטשע טיילן; דער האנדלס־אומזאַץ אויף איין נפש איז אויך מער ווי צוויי מאָל קלענער אין גאליציע און דאָך איז די צאָל הענדלער אויף 1000 נפשות פון דער באַפעלקערונג אין גאליציע העכער ווי אין די געוועזענע דייטשע טיילן. דעם תירוץ איז ניט שווער צו געפינען — דער יערליכער אומזאַץ פון איין האַנדלס־אונטערנעמונג אין גאַליציע איז צוויי מאָל קלענער ווי אין די געוועזענע דייטשע טיילן. און ניט ווילנדיק מוז מען זוכן א דערקלערונג פאר דער דאָזיקער דערשיינונג אין דער רובריק, וואס גיט דעם פּראָצענט יידן אין האנדל. אין גאַליציע איז דער אָנטייל פון יידן אין האַנדל דרייצן מאָל העכער, ווי אין די געוועזענע דייטשע טיילן.

נאָך בולטער, שרייענדיקער און אומנאָרמאַלער ווערט די לאַגע, ווען מען פאַרגלייכט ניט גאַנצע ראַיאָנען, נאָר איינצלנע וואָיעוואָדסטוועס. שטעלן מיר קעגנאַנאַנדער פויזן מיט וואָלין

| | פויזן | וואָלין |
|---|---|---|
| פראָצענט באַשעפטיקטע אין לאַנדווירטשאַפט | 61,2 | 88,6 |
| פראָצענט באַשעפטיקטע אין האַנדל | 4,3 | 3,0 |
| פראָצענט יידן אין האַנדל | 6,1 | 87,8 |
| צאָל הענדלער אויף 1000 פון דער באַפעלקערונג | 19,6 | 17,0 |
| יערליכער אומזאַץ פון איין האַנדלס-אונטערנעמונג | 42.600 | 16.000 |
| האַנדלס-אומזאַץ אויף איין נפש | 718 | 225 |
| יערליכער אומזאַץ פון איין אינדוסטריע-אונטערנעמונג | 54.000 | 24.000 |
| אינדוסטריע-אומזאַץ אויף איין נפש | 346 | 83 |

דער האַנדלס-אומזאַץ אויף איין נפש איז אין פויזן מער ווי דריי מאָל העכער ווי אין וואָלין; דער אינדוסטריע-אומזאַץ אויף איין נפש איז אין פויזן פיר מאָל העכער ווי אין גאַליציע און דאָך איז די צאָל הענדלער אויף טויזנט נפשות כמעט גלייך אין ביידע וואָיעוואָדסטוועס. דער תירוץ איז דאָ נאָך קלאָרער ווי פריער — איין האַנדלס-אונטערנעמונג אין פויזן מאַכט אַן אומזאַץ העכער ווי צוויי מיט א האַלב מאָל מער ווי אין וואָלין, און אין וואָלין זיינען יידן פאַרטראָטן אין האַנדל פערצן מאָל מער ווי אין פויזן.

מיר האָבן ביז אהער גענומען גאַנצע ראַיאָנען אָדער וואָיעוואָדסטוועס פון פאַרשיידענע ראַיאָנען. כמעט דאָס אייגענע בילד באַקומט מען, ווען מען פאַרגלייכט אַן אַגראַר-וואָיעוואָדסטווע מיט אַן אינדוסטריע-וואָיעוואָדסטווע אין די גרעניצן פון איין ראַיאָן. נעמען מיר לאָדזשער און לובלינער וואָיעוואָדסטוועס פון קאָנגרעס-פוילן.

| | לאָדזש | לובלין |
|---|---|---|
| פראָצענט באַשעפטיקטע אין לאַנדווירטשאַפט | 63,0 | 82,5 |
| פראָצענט באַשעפטיקטע אין האַנדל | 5,1 | 3,5 |
| פראָצענט יידן אין האַנדל | 61,4 | 78,3 |
| צאָל הענדלער אויף 1000 נפשות | 25,2 | 18,9 |
| יערליכער אומזאַץ פון איין האַנדלס-אונטערנעמונג | 30.650 | 17.400 |
| האַנדלס-אומזאַץ אויף איין נפש | 570 | 255 |
| יערליכער אומזאַץ פון איין אינדוסטריע-אונטערנעמונג | 87.000 | 25.000 |
| אינדוסטריע-אומזאַץ אויף איין נפש | 624 | 91 |

דער האַנדלס-אומזאַץ אויף איין נפש איז אין לאָדזש מער ווי צוויי מאָל העכער ווי אין לובלינער וואָיעוואָדסטווע; דער אינדוסטריע-אומזאַץ אויף איין נפש איז כמעט זיבן מאָל העכער אין לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע, אָבער די צאָל הענדלער אויף 1000 נפשות איז העכער נאָר מיט א פערטל. מען קאָן דאָ זאָגן אויך, אז די צאָל הענדלער

אויף 1000 איז אין לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע העכער מיט א גאנץ פּערטל, ווען בּאַ דער פּריערדיקער קעגנאנאנדערשטעלונג, ווו דער חילוק צווישן די אומזאצן איז געווען א סך גרעסער, איז דאָך דער זוילוק צווישן דער צאָל הענדלער אויף 1000 נפשות געווען א סך קלענער. די דערקלערונג צו דעם געפינט מען אין דעם יערליכן אומזאַץ פון איין האנדלס-אונטערנעמונג. ניט געקוקט אויף אזא הויך אנטוויקלטער אינדו-סטריע אין לאָדזשער ראַיאָן, איז דאָך דער דורכשניטליכער אומזאַץ פון איין האנדלס-אונטערנעמונג סך-הכל 30,650 זלאָטעס, קלענער מיט גאנצע פערציק פּראָצענט ווי אין פּויזן. פאַרוואָס איז דאָס אזוי? דער תירוץ קאָן דאָ זיין, לויט מיין מיינונג, איינער — אין לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע מאַכן די יידן אויס 61,4 פּראָצענט אין האנדל און אין פּויזענער וואָיעוואָדסטווע נאָר 6,1 פּראָצענט, צען מאָל ווייניקער; אין לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע מאַכן יידן אויס 14,5 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג און אין פּויזענער נאָר 0,5, ניין און צוואנציק מאָל ווייניקער.

אָט די ווירקונג פונם יידישן אָנטייל אין האנדל אויף זיין צעבּרעקלונג און צעטיילונג ווערט באַזונדערס קלאָר, ווען מען פאַרגלייכט אזעלכע צוויי הויך אנט-וויקלטע וואָיעוואָדסטוועס ווי לאָדזשער און פּויזענער.

| | לאָדזש | | פּויזן |
|---|---|---|---|
| צאָל איינוווינער אין לאָדזשער וואָיעוו. | 2,252,769 | | 1,967,865 |
| מער מיט 15,0 פּראָצ. — | | 295,904 | |
| צאָל באַשעפטיקטע אין האנדל אין 1921 אין לאָדזשער וואָיעוו. | 56,797 | | 38,687 |
| מער מיט 47,0 פּראָצ. — | | 18,110 | |
| צאָל האנדלס-אונטערנעמונגען אין 1927 אין לאָדזשער וואָיעוו. | 41,767 | | 33,246 |
| מער מיט 26,0 פּראָצ. — | | 8,521 | |
| האנדלס-אומזאַץ אין 1927 אין לאָדזשער וואָיעוו. | 1,279,800,000 | | 1,414,300,000 |
| ווייניקער מיט 9,5 פּראָצ. — | | 134,500,000 | |
| האנדלס-אומזאַץ פון איין אונטערנעמונג אין לאָדזשער וואָיעוו. | 570 | | 718 |
| ווייניקער מיט 20,6 פּראָצ. — | | 148 | |
| פּראָצ. באַשעפט. אין לאנדווירטשאַפט | 63,0 | | 61,2 |
| באַשעפט. אין האנדל אויף 1000 נפשות אין לאָדזשער וואָיעוו. | 25,2 | | 19,6 |
| מער מיט 22,0 פּראָצ. — | | 5,6 | |

לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע האָט מער איינוווינער ווי פּויזענער נאָר אויף 15 פּראָצ.; באַ-שעפטיקטע אין האַנדל אָבער האָט זי מער מיט 47,0, דריי מאָל מער ווי ס'וואָלט

באַדאַרפט זיין. אונטערנעמונגען האָט לאָדזשער וואָיעוואודסטווע אין 1927-טן יאָר מער מיט 26 פראָצענט ווי פויזענער — דער אומזאַץ אירער אָבער איז קלענער מיט 9,5 פראָצענט און דער יערליכער אומזאַץ פון איין האנדלס-אונטערנעמונג איז אין לאָדזשער וואָיעוואודסטווע קלענער מיט גאנצע צוואנציק פראָצענט ווי אין פויזענער. אויף 1000 פון דער באַפעלקערונג איז אין לאָדזשער וואָיעוואודסטווע מער הענדלער מיט 22 פראָצענט. און ס'איז שווער צו געפינען פאר דער דאָזיקער דערשיינונג אַן אַנדער דערקלערונג חוץ דער, אז אין לאָדזשער וואָיעוואודסטווע מאכן יידן אויס 14,5 פראָצענט און אין פויזענער נאָר 0,5; אין לאָדזשער וואָיעוואודסטווע מאכן יידן אויס אין האנדל — 61,4 פראָצענט און אין פויזענער נאר 6,1 פראָצענט.

קאָן מען אויפן סמך פון די אלע נאר וואס געבראכטע דאטן אויסרעכענען, וויפיל איז פאראן אין פוילן „איבעריקע“ באַשעפטיקטע אין האנדל? אנדערש געזאָגט, צי קאָן מען אָנעמען, אז די העכערע האַנדלס-אָרגאניזאציע פון פויזענער און פאָמערשן קאַנטן, וואָס זיינען מער פון הונדערט יאר געגאנגען אין דייטשישן חדר און האָבן געלערנט האָרטן הלכות קראַפט-עקאָנאָמיע און הלכות אָרגאניזאציע-סדר, איז מעגליך און ווינשנסווערט פאר אלע איבעריקע טיילן פון פוילן, און ארויסגייענדיק פון דער דאָזיקער הנחה באַרעכענען, וויפיל וואָלט געווען אין פוילן באַשעפטיקטע אין האנדל, ווען דער האַנדל זאָל זיין אומעטום אזוי אָרגאַניזירט און קאָנצענטרירט, ווי אין די געוועזענע טיילן פון דייטשלאנד? מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, אז דער פארנעם פונם סחורה-אומזאַץ אין א לאנד אדער קאַנט איז ניט דער איינציקער פאַקטאָר, וואָס באַשטימט די גרויס פון פארטייל-אַפאראט — דער דאָזיקער פארנעם פון סחורה-אומזאַץ איז אָבער געוויס דער וויכטיקסטער און ווירקנדיקסטער פאַקטאָר, און לכן האַלטן מיר, אז ער קאָן דינען פאר א מאָסשטאַב אויף אָפּצושאַצן די בערכדיקע צאָל באַשעפטיקטע אין האַנדל, וואָס קאָנען גענוגן פאר די פארטייל-פונקציעס, יעדנפאלס קאָן דער פאַרנעם פון סחורה-אומזאַץ געוויס ווערן דער אויסגאַנגס-פונקט פאר א פאָרשטעלונג וועגן דער בערכדיקער גרויס פון פארטייל-אַפּאַראַט, וואָס וואָלט געקאָנט אין א גענוגנדיקער מאָס באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דער באַפעלקערונג.

ס'וועלן זיך געוויס געפינען באַ אונז מענשן, וואָס וועלן דערקלערן, אז מיינע אויסרעכענונגען זיינען מעטאַפיזיק, אז וויבאַלד א קאַנט אָדער מלוכה האט אזוי פיל און אזוי פיל באַשעפטיקטע אין האנדל, מסתמא אנטשפרעכט די דאזיקע צאל דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן צושטאַנד פון געגעבענעם לאַנד אָדער מלוכה; אנדערע וועלן קומען און זאָגן, אז וואָס מער קרעמער, אַלץ ביליקער פארקויפט מען סחורה; וואָס מער הענדלער, אַלץ טייערער באַקומט דער פויער פאר זיינע אגראר-סחורות, און די הענדלער-שפע אין די קאַנטן מיט א געדיכטער יידישער באַפעלקערונג איז גאָר אַ ברכה פאר די דאָזיקע געגנטן. מוזן מיר די ערשטע און די צווייטע ענטפערן, אז יעדע טעאָריע, מעג זי זיין אלע הונדערט פראָצענט לאָגיש און אויסגעהאַלטן, מוז נאָך פונדעסטוועגן אביסל קאָנטראָלירט ווערן פונם לעבעדיקן לעבן, און אויב דאָס

דאָזיקע לעבעדיקע לעבן איז מותר דער טעאָריע, איז ניט אַז אָך און ווי דעם לעבן, נאר דער טעאָריע. און מיר דוכט, אז מען קאָן גאנץ גרינג דערווייזן, אז ווען אין לובלין און אין ווילנע, אין לידע און אין באַראַנאָוויטש, אין פינסק און אין מעזעריטש, אין ביאַליסטאָק און אין לעמבערג, אין פשעמישל און אין דראָהאָביטש, אין טאַרנאָוו און אין נאָך און נאָך צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע, פון די קרעסן און פון רוב וואָיעוואָדסטוועס פון געוועזענעם קאָנגרעס-פוילן זאָלן זיך מיט אמאל פארמאכן 10 — 15 פראָצ. קרעמער אָדער ס'זאָלן ניט סטאַיען 10 — 15 פּראָצ. מארק-אויפקויפערס און מארק-איבערקויפערס, וואלט מען אַבסאָלוט ניט געפילט קיין דוחק אין קיין שום סחורה און די פרייזן וואָלטן געבליבן די זעלביקע, וואָרום די קאָנקורענץ וואָלט נאָך אויך דעמאָלט געווען גענוג שטאַרק, און באַ די פויערשע פורן מיט תבואה אדער אייער אדער קאַרטאָפּלעס וואָלטן געווען גאַנץ גענוג בעלנים צו קויפן, און דער פויער וואלט ניט באַדאַרפט גיין אין די יידישע גאסן זוכן, צי איז ניטא קיין קונה אויף א זעקל תבואה. אָט דער דאָזיקער ביטערער אמת, מיט וועלכן ס'שטעכן אונז די אויגן די אנטיסעמיטן פון אלע מינים, און וואָס פאַרביטערט טאקע אונז גענוג דאס לעבן, דארף ניט און טאָר ניט באַהאַלטן ווערן, מען מעג און מען מוז קוקן דעם לעבן גלייך אין פנים אריין און מען דארף קיין מורא ניט האָבן עפענען א ווונד, ווען אפילו שונאים וועלן דערפון נחת האָבן.

נעמט מען אָן, אז דער יערליכער אומזאַץ פון א האנדלס-אונטערנעמונג אין די געוועזענע דייטשע טיילן איז מעגליך אויך אין אלע איבעריקע טיילן פון פוילן, באַקומט מען, אז אַנטשפרעכנדיק דעם אומזאַץ דארפן זיין:

| | | |
|---|---|---|
| אין קאָנגרעס-פוילן . . . . . | 154.000 | האנדלס-אונטערנעמונגען |
| אין גאַליציע . . . . . . . . | 58.200 | „ |
| אין די קרעסן . . . . . . | 15.120 | „ |
| **צוזאַמען** . . . . . . . | **227.320** | „ |

ס'זיינען אָבער פאַראן אין די דאָזיקע דריי ראַיאָנען פון פוילן ניט 227.320 האנדלס-אונטערנעמונגען, נאר 346.885 — קומט אויס, אז ס'זיינען פאַראן „איבעריקע“ אונטערנעמונגען — 119.565, אין די דאָזיקע קרוב צו הונדערט און צוואַנציק טויזנט איבעריקע האנדלס-אונטערנעמונגען זיינען באַשעפטיקט בערך באַ 160 טויזנט מענשן.

די דאָזיקע אויסרעכענונגען, ווי געזאָגט, פּרעטענדירן אַבסאָלוט ניט אויף פעסט-שטעלן די צאָל „איבעריקע“ האנדלס-אונטערנעמונגען אדער „איבעריקע“ הענדלער און קרעמער. מיר מיינען אָבער, אז דער גאַנצער געבראַכטער מאַטעריאַל גיט אונז לכל-הפחות רעכט קומען צום אויספיר, אז ניט נאָר נויטיקט זיך ניט פוילן אין נייע האנדלס-עלעמענטן, און יעדער צוואַקס אין דער דאָזיקער ווירטשאַפט-גרופּע ליגט זיך ווי א שווערע משא אויף דעם ווירטשאַפט-צווייג און מאכט דעם קאָנקורענץ-קאַמף אומנאָרמאַל און קרענקליך, נאָר פוילן האָט געוויס ניט ווייניק טויזנטער און אפשר צענדליקער טויזנטער „איבעריקע“ מענשן אינם פּאַרטיל-אַפּאַראַט, און דעריבער איז די לאַגע דאָ אַזאַ שווערע און טרויערי-

קע, די קאָנקורענץ אזא פארביטערטע און פאַרצווייפלטע
און די פערספעקטיוון אויף דער נאָענטער צייט אזוי
האָפענונגלאָז.

די לאַגע ווערט פון יאָר צו יאָר טראַגישער און פארצווייפלטער, ווייל דער
וווקס פון הענדלער און קרעמער אין פוילן, וואָס קומט בלתי ספק פאָר און וועט
באַלד פעסטגעשטעלט ווערן פון דער נאָענטער פאָלקס־ציילונג, אנטשפרעכט לחלוטין
ניט דעם אַנטוויקלונגס־טעמפּ פון די איבעריקע ווירטשאפט־צווייגן. פאר דער מלחמה
פלעגט דער גרעסטער טייל פונם נאָכוווקס באַ די הענדלער און קרעמער אויסוואַנדערן
אָדער, אין א סך א גרעסערער מאָס, אויפן אָרט איבערגיין אין אינדוסטריע און מלאָכה.
די עמיגראציע פלעגט איינשלינגען ניט נאָר דעם גאנצן נאָכוווקס פון
די יידישע בעלי־מלאכות און ארבעטער, נאָר פלעגט נאך פארכאפן
דעם קערן און ס׳פלעגט אויף אזא אופן ווערן א פרייער פלאַץ פאר גרויסע טיילן פון
די האנדלס־עלעמענטן אין דער אינדוסטריע, קליין־אינדוסטריע און מלאכה. צענדליקער
און הונדערטער טויזנטער קינדער פון יידישע פארמיטלער־קלאַסן האָבן זיך ארייננע־
גאָסן אין ארבעט־צווייגן און פלעגן אָפּשוואַכן די קאָנקורענץ אויפן האנדלס־פעלד.
איצט נעמט די עמיגראַציע ניט צו אפילו א העלפט פונם צווואַקס פון די יידישע
ארבעטנדיקע מאסן, און דער פלאַץ פאר קומענדיקע פון פרעמדע, פון פארמיטלער־
קלאַסן איז זעהר אן ענגער אָדער גאָר אינגאַנצן א פארשפּאַרטער.

פאר די, וואָס עקשנען זיך נאָך אליץ אין זייערע ספקות, צי קומט באַ אונז
פאָר אַ פראָדוקטיוויזאַציע, צי איז אין מזרח־אייראָפּע פאָרגעקומען אן איבערגאַנג פון
פאַרמיטלעריי־פרנסות צו ארבעט־הכנסות, לייג איך פאָר, זיי זאָלן זיך מטריח זיין דער־
קלערן פאָלגנדיקע האַרבע קשיא: פאר די לעצטע דרייסיק יאָר האָבן איינגעוואַנדערט
נאר אין די פאראייניקטע שטאטן 647.175 יידישע קוואַליפיצירטע בעלי־מל־
אכות און ארבעטער; 126.075 יידישע דינסט־מיידלעך; 129.700 יידישע ניט־
קוואַליפיצירטע ארבעטער, ווי טרעגער, בעלי־עגלות, שווארץ־ארבעטער און לאנד־
ווירטן. אזוי ווי די איינוואנדערונג אין די פאראייניקטע שטאטן האָט אויסגעמאכט
בערך צוויי דריטל פון דער גאנצער יידישער אויסוואַנדערונג, מוז מען קומען צום
אויספיר, אז ס׳האָבן פאר די לעצטע דרייסיק יאָר אויסגעוואַנדערט: ניט ווייניקער פון
900 טויזנט קוואליפיצירטע ארבעטער און בעלי־מלאכות; באַ 175 טויזנט יידישע
דינסט־מיידלעך און בא 180 טויזנט יידישע ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער. דאָס באַ־
טייט דאָך, אז פאר די לעצטע דרייסיק יאָר האָבן אויסגעוואַנדערט א יידישע ארבעטנ־
דיקע ארמיי פון 1.200.000 מענשן! און אזוי ווי די יידישע אויסוואנדערונג איז גע־
גאנגען אויף 85—90 פראָצענט פון מזרח־אייראָפּע (רוסלאנד, פוילן מיט גאליציע, רו־
מעניע, ענגלאנד און פראנקרייך, פון וואנען ס׳האָבן דאָך עמיגרירט מזרח־אייראָ־
פעאישע איינוואנדערער), קומט אוים, אז פון מזרח־אייראָפּע האָבן אויסגעוואנדערט
פאר די לעצטע דרייסיק יאָר באַ 800 טויזנט קוואַליפיצירטע יידישע בעלי־מלאכות
און ארבעטער, מער פון 150 טויזנט יידישע דינסט־מיידלעך און באַ 140.000 יידי־
שע ניט־קוואַליפיצירטע ארבעטער — צוזאמען, הייסט עס, באַ א מיליאָן מיט הונדערט
טויזנט ארבעטנדיקע יידן.

אלע השערות, אז גרויסע מאסן יידישע איינוואנדערער האָבן ניט ריכטיק אנגע=
געבן זייערע פּראָפעסיעס און א סך הענדלער און קרעמער האָבן זיך כלומרשט אָנגע=
געבן פאר בעלי-מלאכות און ארבעטער, האָבן ניט קיין שום גרונט, ווייל ס'זיינען ביז די
גאָר לעצטע יאָרן ניט געווען אין ערגעץ קיינע באַגרעניצונגען פאר באַזונדערע פּראָ=
פעסיאָנעלע גרופּן. יעדנפאלס איז זעהר שווער אָנצונעמען, אז א יידישער עמיגראנט-
קרעמער זאָל זיך אָנגעבן פאר א שמיד, שלאָסער, זייגערמאכער, שערער, בעקער,
קצב, מולער, שוסטער, בלעכער, קירזשנער, וואָס מאַכן אויס די העלפט קוואליפי=
צירטע בעלי=מלאכות און ארבעטער צווישן די יידישע איינוואַנדערער. מעגליך, אז
צווישן די שניידער און שניידערנס זיינען געווען ניט ווייניק קינדער פון יידישע פאר-
מיטלער, וועלכע האָבן זיך די אַרבעט צוגעלערנט פארן אָפּפאָרן און האָבן זיך באַם
איינוואַנדערן אָנגעגעבן פאר בעלי=מלאכות. נאָר וואַרפט מען אפילו אַראָפּ גאנצע
הונדערט טויזנט יידישע שניידער און שניידערנס, בלייבט נאך אליץ אן אויסגעוואַנ-
דערטע פון מזרח-איירָאָפּע מאַסע פון 700,000 קוואַליפיצירטע בעלי-מלאכות און
אַרבעטער און מיט די שווארץ-ארבעטער און דינסט=מיידלעך בערך א מיליאָן אויס-
געוואַנדערטע ארבעט=מענשן. די יידן פון מזרח=איירָאָפּע האָבן צוריק מיט דרייסיק יאָר
פארמאגט מאקסימום אזוי פיל ארבעט-עלעמענטן, מעגליך, אז נאָך ווייניקער מיט
עטליכע צענדליק טויזנט. איז אָט פרעגט זיך די קשיא: וואָלט ניט געווען קיין
מאסן=איבערגאַנג פון פארמיטלעריי=פרנסות צו ארבעט-הכנסות, ווי אזוי וואָלט דאָס
מעגליך געווען, אז די פארהעלטעניש צווישן די צוויי גרויסע גרופּן באַשעפטיקונגען
– פארמיטלעריי-פרנסות און ארבעט-הכנסות – זאָל זיך פאר די דרייסיק אויס=
וואַנדערונג=יאָרן ניט איבערוקן לטובת די פארמיטלעריי=פרנסות, וועלכע האָבן געגעבן
צווישן די יידישע מזרח=איירָאָפּעאישע אויסוואַנדערער ניט מער פון הונדערט טויזנט
נפשות, צ ע ן מ א ל ו ו י י נ י ק ע ר, ווי די ארבעטנדיקע עלעמענטן, און אפילו
מיט די נאָך זעהר אָפּגעפרעגטע הונדערט טויזנט שניידער און שניידערנס אויך פ י נ ף
מ א ל ו ו י י נ י ק ע ר פון די ארבעטנדיקע עלעמענטן?

מיר קומען, בכן, צום אויספיר, אז פאר דער מלחמה פלעגט די מאסן-אויסוואַנ=
דערונג פון יידישע בעלי-מלאכות, ארבעטער און שווארץ=ארבעטער אין גאנץ מזרח=
איירָאָפּע און אין דעם כלל אויך אין פוילן מאכן פריי א גאנץ גרויסן פּלאַץ פאר
דעם יידישן האנדלס-נאָכוווקס אין דער אינדוסטריע. די יידישע עמיגראציע פלעגט
אויף אזא אופן ניט נאָר דירעקט, מיטן אָפּציען א געוויסן פּראָצענט הענדלער, פאר=
קלענערן די קאָנקורענץ אינם האנדל, נאר אומדירעקט , דורך עפענען וואַקאַנטע
פלעצער אין דער אינדוסטריע פאר האנדלס=עלעמענטן אויפן אָרט, פלעגט זי נאָך
מער באַפרייען דאָס האנדלס-פעלד פון א צו גרויסן צושטראָם פון קאָנקורירנדיקע
עלעמענטן. און אויך איצט נאך פילט די יידישע עמיגראציע אויס די דאזיקע אירע
נוצליכע מיסיע, אָבער אין א שוואכערער מאָס. און זעלבסטפארשטענדליך, אז
נאָך פופצן יאָר פארקירצטער אָדער גאָר אָפּגעשטעלטער עמיגראַציע, מוז דער אָנ-
וואַקס פון האנדלס-עלעמענטן, וואָס האָבן ניט וווהין אָפּצופאָרן און האָבן ניט קיין פרייע
פלעצער אין דער אינדוסטריע אויפן אָרט, דערגרייכן אזא מדרגה, אז די קאָנקורענץ
זאָל אָננעמען די קרענקליכסטע און שעדליכסטע פאָרמען, וואָס מען זעט טאקע אויף
שריט און טריט אין פוילן.

## 6. דער דלות און דער קריזיס אין פוילן

מיר האָבן געענדיקט איינס פון די פריערדיקע קאַפּיטלען מיט דעם, אז פוילן איז אַן אייזערנער אביון און וועט אזוי גיך פונם דלות ניט ארויס. אָבער אָרים און רייך זיינען באַגריפן רעלאטיווע — אין פארגלייך מיט רייכערע איז מען אָרים; אין פארגלייך מיט אָרימערע איז מען רייך. נעמען מיר, למשל, דעם פאָלקס-פארמעגן פראָ קאָפּ אין פארשיידענע לענדער. דער פאָלקס-פארמעגן האָט באַטראָפן פראָ קאָפּ (אין טויזנט פארמלחמהדיקע דייטשע מארקן*):

| מלוכות**) | 1914—1913 | 1928—1924 |
|---|---|---|
| פאראייניקטע שטאַטן . | 8,6 | 9,3 (1924) |
| ענגלאנד . . . . . . . | 6,5 | 6,7 (1925) |
| פראנקרייך . . . . . . | 6,0 | 5,2 (1928) |
| דייטשלאנד . . . . . . | 4,7 | 3,9 (1928) |
| רומעניע . . . . . . . | 2,4 | 1,9 (1926) |
| פוילן . . . . . . . . | 2,3 | 1,8 (1924) |
| רוסלאַנד . . . . . . . | 1,6 | 1,0 (1926) |

מיר זעען, אז יעדער איינוווינער אין פוילן איז פאר דער מלחמה געווען בערך פיר מאל אָרימער, ווי יעדער איינוווינער אין די פאראייניקטע שטאַטן, דריי מאָל אָרימער ווי אין ענגלאנד, צוויי און א האלב מאָל אָרימער ווי אין פראנקרייך און צוויי מאָל אָרימער ווי אין דייטשלאנד, אָבער יעדער איינוווינער אין פוילן איז געווען ניט אָרימער ווי אין רומעניע און רייכער מיט א גאנץ דריטל ווי אין רוסלאַנד. די פארהעלטענישן האָבן זיך נאָך דער מלחמה ניט שטארק געביטן, נאָר דאָך קאָן מען קאָנסטאטירן, אז מער פון אלע לענדער האָט געליטן רוסלאנד, אויפן צווייטן אָרט גייט פוילן. מיר האָבן געבראַכט דאַטן פאר פוילן נאָך פארן יאָר 1924, וואָס שטימען געווים ניט מער מיט דער איצטיקער לאַגע און מוזן געווים אויפגעהויבן ווערן אויף צוויי—דריי פונקטן. לויט די נאָר לעצטע דאַטן קומט אוים אין פוילן אויף איין איינוווינער 4566 גלאָטעס, ד. ה. בערך 2300 מאַרק, ווי ערב דער מלחמה***). פארן 1926-טן יאָר קאָן מען רעכענען, אז יעדער איינוווינער אין פוילן האָט פארמאָגט צוויי מאָל אזוי פיל ווי יעדער איינוווינער אין רוסלאנד, אָבער געווים צוויי מאָל ווייניקער ווי אין

*) Die wirtschaftlichen Kräfte der Welt. Berlin 1930, S. 177, Tabelle.

**) אלע מלוכות אין זייערע איצטיקע גרעניצן.

***) Dr. Bohdan Dederko: „Majatek Narodowy Polski“, Warszawa 1930, S. 47.

דייטשלאנד און מער ווי פ י ר מ אָ ל ו ו י י נ י ק ע ר ווי יעדער איינוווינער אין די פאראייניקטע שטאטן.

פיל וויכטיקער ווי דער פאָלקס-פאַרמעגן איז די פאָלקס-הכנסה. מיר ברענגען דע-ריבער פאַר די זעלביקע לענדער אויך די דאַטן וועגן דער פאָלקס-הכנסה פאר די זעל-ביקע יאָרן (אין פארמלחמהדיקע דייטשע מארקן)*):

| מ ל ו כ ו ת **) | 1913—1914 אבס. צאל***) | פראָ קאָפּ | 1926 אבס-צאָל ***) | פראָ קאָפּ |
|---|---|---|---|---|
| פאראייניקטע שטאטן | 149,9 | 1553 | 253,9 | 2167 |
| ענגלאנד | 44,5 | 1045 | 52,7 | 1164 |
| פראנקרייך | 32,0 | 767 | ****23,7 ( | 579 |
| רומעניע | 4,0 | 247 | *****5,0 ( | 282 |
| פוילן | 9,0 | 320 | 6,6 | 224 |
| רוסלאנד | 32,7 | 239 | 31,1 | 214 |
| ליטע | 0,6 | 235 | 0,5 | 218 |

ובכן, איין איינוווינער אין פוילן האָט פאַרדינט א יאָר פאר דער מלחמה: פינף מאָל ו ו י י נ י ק ע ר ווי אין די פאראייניקטע שטאטן, דריי מאָל ו ו י י נ י ק ע ר ווי אין ענגלאנד, מער ווי צוויי מאָל ו ו י י נ י ק ע ר ווי אין פראנקרייך, אָבער מער מיט א דריטל ווי אין רוסלאנד און ליטע און מ ע ר מיט א פערטל ווי אין רומעניע. נאָך דער מלחמה איז די יערליכע הכנסה געפאלן אין פינף לענדער און זיך אויפגעהויבן אין צוויי: אין די פאראייניקטע שטאטן און אין ענגלאנד. און אין 1926 האָט אין פוילן פארדינט איין איינוווינער כמעט צ ע ן מ א ל ו ו י י נ י ק ע ר ווי אין די פאראייניקטע שטאטן, פ י נ ף מ אָ ל ו ו י י נ י ק ע ר ווי אין ענגלאנד, צוויי און א האלב מאָל ווייניקער ווי אין פראַנקרייך, אָבער נאָך אליץ אַביסל מ ע ר ווי אין רוסלאנד און ליטע. די דאַטן פאר פוילן זיינען פארן יאָר 1926, ווען פאר רומעניע זיינען זיי פארן יאָר 1928. מען קאָן אָנעמען, אז אין 1929 האָבן שוין די הכנסות אין די לעצטע פינף לענדער פון דער טאַבעלע דערגרייכט זייער פארמלחמהדיקן צושטאנד.

די בעסטע מאָס פארן וווילשטאנד פון א לאנד איז די קאָנסומציע פון דער באַפעלקערונג. לאָמיר פארגלייכן די קאָנסומציע פון די וויכטיקסטע פראָדוקטן און סחורות אין פוילן און אין שכנותדיקן דייטשלאנד, ווו די נאַטור-באַדינגונגען זייגען בערך די זעלביקע.

דער פאַרברויך פון פארשיידענע פראָדוקטן און סחורות פראָ קאָפּ אין 1928 (אין קג.):

---

*) Die wirtschaftlichen Kräfte der Welt. Berlin 1930, S. 177.

**) אין די איצטיקע גרעניצן.

***) אין מיליארדן מארק.

****) 1927. *****) 1928.

| פּראָדוקטן און סחורות | אין פּוילן*) | | אין דייטשלאנד**) | |
|---|---|---|---|---|
| | אבסאָל. צאָל | פּראָצ׳ | אַבסאָל׳ צאָל | פּראָצ׳ |
| קאָרן | 159,26 | 100 | 102,90 | 64,4 |
| ווייץ | 47,62 | 100 | 88,30 | 187,2 |
| גערשטן | 35,40 | 100 | 69,80 | 197,2 |
| האָבער | 58,86 | 100 | 93,00 | 157,6 |
| צוקער | 11,44 | 100 | 23,86 | 208,6 |
| קאַווע | 0,24 | 100 | 2,17 | 904,1 |
| קאַקאַאָ | 0,19 | 100 | 1,21 | 637,0 |
| קוילן | 920,00 | 100 | 2507,00 | 272,5 |
| רוי־אייזן | 20,20 | 100 | 212,70 | 1053,0 |
| צינק | 0,95 | 100 | (1927) 3,20 | 337,0 |
| קופּער | 0,32 | 100 | (1927) 4,80 | 1500,0 |
| בלײַ | 0,79 | 100 | (1927) 4,00 | 506,3 |
| באַוול | (1927) 2,55 | 100 | (1927) 7,14 | 280,0 |

ס׳באַקומט זיך א גאנץ אינטערעסאנט בילד. נאָר אין פֿארברויך פֿון קאָרן שטייט פּוילן העכער פֿון דייטשלאנד, און דאָס איז טאַקע כאראקטעריסטיש פֿאר אן אָרים לאנד. מען עסט דאָרט א סך שווארץ ברויט און דערמיט איז מען יוצא. אלע אנדערע פּראָדוקטן ווערן אין דייטשלאנד מער פֿאַרברויכט. אזוי עסט און טרינקט א דייטש אין פֿארגלייך מיט א פּאָליאַק נײַן מאָל מער קאַווע, זעקס מאָל מער קאַקאַאָ, צוויי מאל מער צוקער, כמעט צוויי מאָל מער ווייץ. דער דייטש פֿארברויכט אין פֿאַרגלייך מיט א פּאָליאַק פֿופֿצן מאל מער קופּער, צען מאל מער אייזן, דרײַ מאָל מער צינק, פֿינף מאָל מער בלײַ, כמעט דרײַ מאָל מער קוילן. און באַוול אויף בגדים פֿארברויכט אויך דער דייטש כמעט דרײַ מאָל מער ווי דער פּאָליאַק. אזוי ווי דייטשלאנד איז נאָך אויך גענוג ווייט פֿון צו זיין א גן־עדן, איז פּוילן טאַקע א גהינם.

דער געברויך פֿון עלעקטרישער ענערגיע פּראָ קאָפּ אין א לאנד איז געווים איינער פֿון די בעסטע סמנים, וואָס כאראקטעריזירן די אנטוויקלונגס־מדרגה און דעם וויל־שטאַנד פֿונם דאָזיקן לאנד. אזוי האָט מען פֿארברויכט פּראָ קאָפּ עלעקטרישע ענערגיע אין 1927 (אין קוו.)***):

| | |
|---|---|
| פֿאראייניקטע שטאטן | 818 |
| דייטשלאנד | 398 |
| ענגלאנד | 304 |

*) Rocznik Statystyki 1929, S. 289.

**) Statistisches Jahrbuch für das Deutsche Reich S. 294.

***) Wirtschaftsbericht der Commerz- und Privatbank, Berlin, April 1930

| | |
|---|---|
| פראַנקרייך | 220 |
| פוילן | 80 |
| רוסלאַנד | 26 |

יעדער פוילישער איינוווינער פאַרברויכט עלעקטרישע ענערגיע צען מאל ווייניקער ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן, 5 מאָל ווייניקער ווי אין דייטשלאַנד, פיר מאָל ווייניקער ווי אין ענגלאַנד, כמעט דריי מאָל ווייניקער ווי אין פראַנקרייך, אָבער דריי מאל מער ווי אין רוסלאַנד. האָט מען פאַר די אויגן מערב-אייראָפּע, באַקומט זיך דלות, אָרימקייט און אָפּגעשטאַנענקייט; קערעוועט מען זיך אָבער אויס מיטן פּנים צו מזרח-אייראָפּע, באַקומט זיך גאָר אַן אנדער בילד. פוילן שטייט העכער, איז אנטוויקלטער און אויך רייכער.

ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז נאָך איצט באַנוצן זיך מיט קעראָסין-לאָמפּן אין וואַרשע 78,3 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג און אין לאָדזש – 82,8 פּראָצענט*), כדי צו באַקומען באַלד אַ קלאָרע פאָרשטעלונג ווי אָרים און אָפּגעשטאַנען פוילן איז. מיר קענען ניט, פאַרשטייט זיך, אויסשעפּן דעם מאַטעריאַל, וואָס קען באַווייזן די אָרימקייט און דלות פון פוילן. מיר וועלן נאָר ברענגען נאָך איין זעהר באַלערנדיקע און כאַראַקטעריסטישע טאַבעלע וועגן די הכנסות פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג, פון דער באַפעלקערונג פון דער פוילישער הויפּט-שטאָט.

די הכנסות (אין פּראָצענט) פון דער באַפעלקערונג אין וואַרשע אין 1925**):

| ה כ נ ס ה | זעלבשטענדיקע | לוין-נעמער | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| 1) ווייניקער פון 50 זלאָטעס אַ חדש | 7,04 | 11,07 | 9,99 |
| 2) פון 50 ביז 100 " " " | 23,16 | 36,40 | 32,87 |
| 3) " 100 " 200 " " " | 33,03 | 28,84 | 29,96 |
| 4) " 200 " 400 " " " | 18,89 | 16,65 | 17,25 |
| 5) " 400 " 850 " " " | 10,26 | 5,83 | 7,01 |
| 6) " 850 " 1700 " " " | 5,17 | 1,08 | 2,17 |
| 7) " 1700 " 2500 " " " | 1,24 | 0,09 | 0,40 |
| 8) " 2500 " 4100 " " " | 0,83 | 0,03 | 0,25 |
| 9) " 4100 " 8100 " " " | 0,28 | 0,007 | 0,08 |
| 10) מער פון 8100 זלאָטעס אַ חדש | 0,10 | 0,004 | 0,02 |
| **צוזאַמען** | **100,00** | **100,00** | **100,00** |

*) Robotniczy przeglad gospodarczy 1929, Nr. 10, S. 289.

**) Franciszek Pietr: „Dochody mieszkanców Warszawy“. Warszawa 1929, S. 11.

רעכענען מיר די ערשטע צוויי גרופּן פאר אייזערנע קבצנים, די דריטע גרופּע פאר סתם קבצנים, די פערטע גרופּע פאר אזעלכע, וואָס האָבן בצמצום אויף חיונה, די פינפטע און די זעקסטע פאר מיטעלע באַלעבאַטים, די זיבעטע און אכטע גרופּן פאר פארמעגליכע, די ניינטע פאר א רייכע און די צענטע פאר א גבירישע, באַקומען מיר אזא בילד פאר וואַרשע:

| | | |
|---|---|---|
| 1) אייזערנע קבצנים | 42,86 | פראצענט |
| 2) קבצנים סתם | 29,96 | " |
| צוזאַמען | 72,82 | " |
| וואס האבן בצמצום אויף חיונה | 17,25 | " |
| צוזאמען | 90,07 | פראצענט |

העכער ניינציק פראָצענט פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג לעבן אָדער אין פולשטענדיקן דלות אָדער קומען קוים, קוים אויס. נעמט מען ניט די גאנצע באַפעלקערונג, נאָר די לוין-נעמער אליין, ווערט דאָס בילד נאָך פינסטערער. בא די לוין-נעמער אליין זיינען געווען:

| | | |
|---|---|---|
| 1) אייזערנע קבצנים (גרופּע 1 און 2) | 47,47 | פראָצענט |
| 2) קבצנים סתם (גרופּע 3) | 28,84 | " |
| צוזאמען קבצנים | 76,31 | " |

מער פון דריי פערטל פון דער ארבעטער-באַפעלקערונג לעבט אין דלות, אין שרעקליכער אָרימקייט. גיט מען אהער צו די גרופּע, וואָס האָט בצמצום אויף חיונה, באַקומט מען צוזאמען 92,96 פּראָצענט. די מיטעלע באַלעבאַטים (נר. 5 און 6) מאכן אינגאנצן אויס 9,18 פּראָצענט און באַ די לוין-נעמער נאָך ווייניקער — 6,91 פּראָצענט. דאָס זיינען מסתמא די העכערע באַאַמטע אָדער העכערע אָנגעשטעלטע. פאַרמעגליכע עלעמענטן (גרופּע 7 און 8) מאַכן אויס אין גאנץ וואַרשע סך-הכל 0,65 פּראָצענט און באַ די לוין-נעמער נאָך ווייניקער — 0,12 פּראָצענט. רייכע און גבירים מאכן אויס סך-הכל איין צענטל פּראָצענט. פון 402.500 פאַרדינער אין וואַרשע זיינען רייכע און גבירים (גרופּע 9 און 10) 426 מענשן.

מיר וועלן שפּעטער פּרווון מאַכן א פאַרגלייך פון דער דאָזיקער מאַטעריעלער דיפערענציאַציע פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין וואַרשע מיט דער דיפערענציאציע באַ יידן אין וואַרשע און לאָדזש אויפן גרונט פון דער קהלה-באַשטייערונג. אָבער איידער מיר גייען איבער צו דער לאַגע פון די יידן אין פוילן, מוזן מיר נאָך כאָטש אין קורצן אויפקלערן די סיבות פונם איצטיקן עקאָנאָמישן קריזיס אין פוילן.

פוילן לעבט איבער א שווערן קריזיס — די אַרבעטלאָזיקייט וואַקסט. אזוי זיינען געווען רעגיסטרירט אין די מלוכהשע ארבעט-פאַרמיטלונגס-ביוראָען*):

*) 1) Rocznik Statystyki 1929, S. 330; 2) Wiadomosci statystyczne Januar—Juli 1930.

| | | |
|---|---|---|
| סוף 1927-טן יאָר . . . . . . . | 136.738 | אַרבעטלאָזע |
| סוף 1928-טן יאָר . . . . . . | 94.132 | " |
| סוף 1929-טן יאָר . . . . . . | 173.694 | " |
| ערשטן פעברואר 1930 . . . . | 249.462 | " |
| ערשטן מערץ 1930 . . . . . | 282.568 | " |
| ערשטן אַפּריל 1930 . . . . . | 291.261 | " |
| ערשטן מאַי 1930 . . . . . . | 273.717 | " |
| סוף מאַי 1930 . . . . . . | 240.213 | " |
| סוף יוני 1930 . . . . . . . | 218.438 | " |

אין אַפּריל, הייסט עס, איז געווען די העכסטע צאָל אַרבעטלאָזע, ז' איז אין מאַי און יוני אביסל געפאַלן. מ'דאַרף רעכענען, צוליב סעזאָן-סבות (אָפּוואַנדערונג קיין דייטשלאַנד אויף פעלד-אַרבעט) און מסתמא וועט זי אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך אַמאָל אַ וואַקס טאָן. אויך מעגליך, אַז אַ טייל אַרבעטלאָזע איז אָפּגעוואַנדערט אין דאָרף, מיט וועלכן דער רוב פּוילישע אַרבעטער האָט נאָך ניט אינגאַנצן איבערגעריסן. פאַר פּוילן, ווו די גאַנצע אינדוסטריע באַשעפטיקט אַרום ניין הונדערט טויזנט אַרבעטער, איז קרוב צו דריי הונדערט טויזנט אַרבעטלאָזע אַ גאָר גרויסע ציפער. מען דאַרף אָבער נאָך געדענקען, אַז דאָס איז נאָר די צאָל רעגיסטרירטע אַרבעטלאָזע. ניט-רעגיסטרירטע איז אויך פאַראַן ניט ווייניק און לויט די סאַמע פּאָרזיכטיקע שאַצונגען באַטרעפט זייער צאָל פון 125 ביז 150 טויזנט און אפשר נאָך מער. איז דאָך היינטיקן ווינטער געווען אַ צייט, ווען אין אייניקע יידישע פאַכן האָט די אַרבעטלאָזיקייט דערגרייכט 50—60 פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע אין פאַך, און די יידישע האַנטווערקער-אַרבעטער גייען גאָר זעלטן זיך רעגיסטרירן אין די מלוכהשע ביוראָען, ווייל אויף שטיצע מצד דער מלוכה האָבן זיי קיין רעכט ניט און געפינען אַרבעט דורך דעם מלוכהשן פאַרמיטלונגס-ביוראָ האָבן זיי גאָר קיין האָפענונג ניט. מען קאָן דעריבער אָננעמען אויף געוויס, אַז אין פּוילן איז אין אַפּריל 1930 געווען מער פון 450 טויזנט אַרבעטלאָזע און אין מאַי קרוב צו 450 טויזנט.

חוץ אָבער די גאַנץ אַרבעטלאָזע זיינען נאָך פאַראַן טיילווייז אַרבעטלאָזע, ד. ה. וואָס אַרבעטן נאָר אַ האַלבע וואָך אָדער נאָך ווייניקער. אַזעלכע טיילווייז אַרבעטלאָזע איז געווען אין מאַי 1927 — 6,8 פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע אַרבעטער און אין מאַי 1930 — 24,29 פּראָצענט.

דער צווייטער סימן פון קריזיס איז די צאָל פּראָטעסטירטע וועקסלען. פון הונדערט וועקסלען זיינען געווען פּראָטעסטירטע*):

| | | |
|---|---|---|
| אין יאָר | 1928 . . . . . . . . | 2,28 |
| אין יאָר | 1929 . . . . . . . . | 5,02 |
| יאַנואַר-מערץ | 1930 . . . . . . . . | 6,10 |

די צאָל פּראָטעסטירטע וועקסלען איז אָנהויב 1930 כמעט דריי מאָל גרעסער, ווי אין יאָר 1928.

*) Vierteljahreshefte zur Konjunkturforschung, Berlin 1930, S. 56.

מען דאַרף ניט ברענגען נאָך ראיות און באַווייזן, אַז דער קריזיס איז שטאַרק אין פוילן. פאַר אונז איז א סך וויכטיקער אויפקלערן די סיבות פונם פוילישן קריזיס, פעסטשטעלן, צי איז דאָס א ספּעציעל פּ ו י ל י ש ע ר קריזיס, ארויסגערופן פון דער אינעווייניקסטער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וואָס דאָס זעלבשטענדיקע פוילן מאכט דורך, אָדער ער איז אַרויסגערופן פון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, פון דער שטייער-סיסטעם, וואָס פּאָמפּעט אויס די באַפעלקערונג, פונם צו הויכן ביודזשעט, פון דער קנאַפּקייט אין קאַפּיטאַל און צו גרויסע מלוכה-אינוועסטיציעס א. א. וו. אָדער דער פוילישער קריזיס איז ניט מער ווי א טייל פונם אלוועלטליכן ווירטשאפט-קריזיס, א רינגעלע אין דער קריזיס-קייט, וואָס האָט זיך פארצווייגט ארום האלז פון אלע פעל-קער, א רינגעלע, וואָס פילט, אמת, שטארקער און קרענקליכער דעם דרוק פונם וועלט-קריזיס, שטארקער אפילו ווי אלע איבעריקע אגראר-לענדער.

ס'איז קלאָר, אז דאָ ווירקן אלע סיבות צוזאמען, אָבער ס'איז אויך פאר אונז קיין ספק ניט, אז די אינטענסיווקייט פונם דרוק קומט אין דער ערשטער רייע פונם וו ע ל ט - ק ר י ז י ס; אין דער צווייטער רייע פון די אינעווייניקסטע סיבות, וואָס מיר האָבן אויבן אויסגערעכנט — שלעכטע שטייער-סיסטעם, א הויכער אומפּראָדוקטיווער ביודזשעט, קאַפּיטאַל-קנאַפּקייט, ארויסגערופן אין א גרויסער מאָס דורך דער אומ-באַשטימטער פּאָליטישער לאַגע, גרויסע מלוכה-אינוועסטיציעס אָן אַ פּראָפּאָרץ צו די מעגליכקייטן פון דער באַפעלקערונג און ערשט אין דער דריטער רייע קומט יענע פּ ו י ל י ש - אָ ר ג אַ נ י ש ע סיבה, וואָס שטעקט אינם אָפּרייסן קאָנגרעס-פוילן פון רוסישן מארק און איבערשלעזיע פון דייטשן מארק.

דער וועלט-קריזיס — אין וואָס באַשטייט זיין תוך? און פארוואס מוזן דוקא די אגראר-לענדער, וואָס זיינען דאָך ווייניקער אָפּהענגיק פונם וועלט-מארק, מער ליידן פון אים, ווי די אינדוסטריע-לענדער?

דער איצטיקער וועלט-קריזיס איז אין תוך א טיפּישער קאַפּיטאַליסטישער קרי-זיס, ער באַשטייט אין דער סתירה צווישן דער פּריוואַט-ווירטשאפטליכער קאַפּיטאַ-ליסטישער פּראָדוקציע, וואָס וואַקסט און אנטוויקלט זיך דורכאויס אין הסכם מיט די טעכנישע און פינאנציעלע מעגליכקייטן און ניט מיט די קויף-מעגליכקייטן פון די מאַסן און דער מאַסן-קאָנסומציע, וואָס אַנטוויקלט זיך און וואַקסט א סך לאנגזאמער און שטייט כסדר אָט פונם אנטוויקלונגס-טעמפּ פון דער טעכניק. די דיספּראָפּאָרץ צווישן דער פּראָדוקציע-קאַפּאַציטעט און אָפּזאַץ-מעגליכקייט איז די גרונט- און עיקר-סיבה פונם וועלט-קריזיס. אין תוך איז, בכן, דער איצטיקער קריזיס טאקע א טיפּיש-קאַפּיטאַליסטישער, אָבער אונזער צייט האָט צוגעגעבן אזא אויסגעשפּראָכענע הויך-קאַפּיטאַליסטישע און נאָכמלחמהדיקע פאַרב דעם דאָזיקן קריזיס, אז ס'האָט זיך באַ-קומען א גאנצער קניפּ קריזיסן, וואָס בייקומען זיי איז א סך שווערער און פאַרבונדן מיט א סך מער קרבנות, ווי דאָס איז געווען ביז איצט באַ געוויינליכע קאַפּיטאַליסטישע קריזיסן. די סתירה צווישן דעם וווּקס פון דער אינדוסטריע-טעכניק און דעם וווּקס פון די קויף-מעגליכקייטן פון די ברייטע מאַסן איז קיינמאָל ניט געווען אזוי טיף, אזוי תהומדיק, ווי אין די לעצטע צען יאָר, ווען די גאנצע העכסט-גראַדיקע אָנגעשטרענגט-קייט פון מח-ארבעט בשעת דער מלחמה איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער שלום-

פראָדוקציע. די ראַציאָנאַליזאַציע אינם לעצטן צענדליק יאָר האָט פארגרעסערט די פראָדוקטיווקייט פון דער אינדוסטריע אין אזא מאָס, וואָס פריער וואלט עס געווען אומעגליך אין עטליכע צענדליק יאָר. און אויב אין משך פון גאנצן 19-טן יאָרהונדערט האָט דער וווּקס פונם ווילשטאנד פון די מאַסן און זייער קויף-קראַפט שטענדיק אונטערגעהינקען און איז שטענדיק אָפּגעשטאַנען פונם וווּקס פון דער קאַפּיטאַליסטישער פראָדוקציע, און ווען די שפּייכלערס און סקלאַדן פלעגן ווערן איבערפולט, פלעגט די דאָזיקע סתירה ברענגען צו דעם אומנאָרמאַלן מצב, אז ס'פלעגט אויסברעכן א קריזיס און די אזוי אייך שמאָלע און קנאַפּע קויף-קראפט פון די מאסן פלעגט נאָך מער פאלן, — איז אין די לעצטע צען יאָר דער שפּאַן צווישן די דאָזיקע צוויי דערשיינונגען — פראָדוקציע און קאָנסומציע — געווארן נאָך גרעסער, דער מהלך אַ סך ווייטער, די סתירה, די דיספּראָפּאָרץ א סך טיפער און שרייענדיקער. די קויף-קראַפט פון די מאַסן האָט קוים דערגרייכט אין 1930 דעם פארמלחמהדיקן צושטאנד, און נאָר אין איינצלנע לענדער און אין אנדערע לענדער בײַ קליינע גרופּן האָט זי איבערגעיאָגט דעם דאזיקן מצב, ווען די פראָדוקציע, באַזונדערס אין דער אינדוסטריע, האָט שוין אין 1928 ווייט, ווייט אַריבערגעיאָגט די פארמלחמהדיקע מאָסשטאַבן.

צו דער דאָזיקער גרויסער סאָציאַלער סתירה — אן אָרגאַנישע סתירה פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאפט — קומט צו א צווייטער מאָמענט, וואָס פארשטארקט דעם קריזיס: צוליב א רייע סיבות קומט פאָר אין דער וועלט א גאנצע רעוואָלוציע אינם פארברויך, א רעוואָלוציע אינם מאכלים-געשמאק, און די אגראר-ווירטשאפט, באַזונדערס אין די מזרח- און דרום-איראָפּעאישע לענדער, ווו די באַפעלקערונג איז אַן אָפּגעשטאנענע און די אגראר-טעכניק א פרימיטיווע, קאָן ניט אזוי גיך זיך איבערשטעלן און זיך צופּאַסן צו די געענדערטע געשמאַקן פון די קונים-פעלקער פון די אינדוסטריאליזירטע לענדער.

צוליב דער געהעכערטער אגראר-פראָדוקציע און צוליב די געענדערטע פאָדערונגען פונם וועלט-מארק זיינען א סך אגראר-פראָדוקטן שטארק געפאלן אין פרייז. ס'איז געווען ביז די לעצטע יאָרן כמעט א געזעץ פון א נאַטור-קראַפט, אז באַלד נאָכן פאַלן פון די פרייזן אויף לעבנס-מיטלען און רוישטאָף פלעגן פאלן אויך די פרייזן פון אינדוסטריע-ארטיקלען, אָבער די קאַרטעלירטע אינדוסטריע פון דער הויכקאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונגס-סטאַדיע האָט דעם דאָזיקן געזעץ ווי אָפּגעשאַפט, על כל פנים שטארק באַגרעניצט און איינגעשרומפּט אין זיין ווירקונג. און אָט גייען אוועק לאנגע חדשים, די פרייזן אוף אגראַר-פראָדוקטן און רושטאָף האַלטן אין איין פאלן און די אינדוסטריע, באזונדערס די אָרגאַניזירטע, די קאַרטעליזירטע און סינדיצירטע, רירט זיך כמעט ניט פון אָרט און מאַכט דאָס אַראָפּלאָזן די פרייזן אָפּהעניק פונם פאלן פון ארבעט-לוין. דער קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאפט מיט דער אָרגאַניזירטער אונטערנעמערשאפט פון דער אינדוסטריע איז אין דער אמתן א קאַמף וועגן דעם, ווער זאָל געניסן פונם געווינס, וואָס די *ניט-אָרגאַניזירטע* אַגראַרווירטשאפט האָט פארלאָרן: צי דער ארבעטער-קלאַס, וואָס האָט קוים אויסגעקעמפט זיין פארמלחמהדיקן לוין, צי דער קאַפּיטאַליסטן-קלאַס, וואָס זיינע דיווידענדן האָבן

שוין לאַנג אַריבערגעיאָגט די פאַרמלחמהדיקע דיווידענדן, און די טעמפּן פון קאַ־פּיטאַל־אַקומולאַציע האָבן שוין גאַנץ ווייט הינטער זיך געלאָזן די פאַרמלחמהדיקע טעמפּן.

פון דער דאָזיקער אומנאָרמאַלער לאַגע, ווען די אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ע אינדוסטריע נוצט אויס פאַר אירע פּריוואַטע אינטערעסן די נ י ט ־ אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ק י י ט פון דער אַגראַר־ווירטשאַפט, באַקומט זיך פאַר די א ג ר א ר ־ ל ע נ ד ע ר א דאָפּלטע אבידה: ראשית, פאַרקויפן די אַגראַר־לענדער אַגראַר־פּראָדוקטן די אינדוסטריע־לענדער ביליק און צאָלן טייער פאַר די געקויפטע אינדוסטריע־סחורות, זיי ווערן אויף אַזאַ אופן עקספּלאָטירט פון די העכער אַנטוויקלטע לענדער; בײַ זיך אין לאַנד גופא ווערט די דאָרפישע באַפעלקערונג־מערהייט פון די אַגראַר־לענדער אויך באַעולהט פון דער היימישער אָרגאַניזירטער אינדוסטריע־אונטערנעמערשאַפט. און אויב אין די אינדו־סטריאַליזירטע לענדער מאַכן אויס די אַרבעטער־מאַסן, וואָס געניסן אויך א קליינעם חלק פון דער ביליקייט פון אַגראַר־פּראָדוקטן, א גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג און דאָס ווירקט אויף דער קויף־קראַפט פונם גאַנצן לאַנד און שוואַכט אָפּ אין א געוויסער מאָס די ווירקונגען פונם קריזיס, מאַכט אויס אין די אַגראַר־לענדער דער אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט אַזאַ נישטיקן פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, אַז זיינע געווינסן פון דער ביליקייט פון די אַגראַר־פּראָדוקטן קאָנען ניט האָבן קיין באַדייטנדיקן איינפלוס אויף דעם פאַרנעם פון קריזיס און דעם טעמפּ פון זיין וואַקסן. די אַגראַר־לענדער האָבן אויף אַזאַ אופן נאָר די מינוסן פון אָט דעם קעגנזאַץ צווישן דעם פאַלן פון די פּרייזן אויף די אַגראַר־פּראָדוקטן און דעם סטאַבילן צושטאַנד פון די פּרייזן אויף די אינדוסטריע־סחורות.

מיר וועלן ברענגען עטליכע טאַבעלעס, וואָס וועלן זייער קלאָר אילוסטרירן און אויך קלאָר מאַכן אַלץ, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געזאָגט, ווי וועגן די „נאָרמאַלע". אַזוי צו זאָגן, סיבות פונם איצטיקן וועלט־קריזיס, אַזוי אויך וועגן די אויסערנאָרדנט־לעכע סיבות זיינע און אויך וועגן די ספּעציפישע מאָמענטן, וואָס מאַכן דעם וועלט־קריזיס שווערער און קרענקלעכער פאַר די אַגראַר־לענדער.

מיר וועלן אָנהייבן פונם וווּקס פון דער באַפעלקערונג, פון די אַגראַר־פּראָדוקטן און פון די אינדוסטריע־סחורות. נעמען מיר דעם צושטאַנד פון 1913 פאַר 100, באַקומען מיר פאַרן יאָר 1928 אַזאַ לאַגע אין דער וועלט*):

| | |
|---|---|
| באַפעלקערונג | 107,5 |
| ווייץ | 107,2 |
| קאָרן | 98,0 |
| רינדער | 115,0 |
| חזירים | 110,0 |

*) די דאָזיקע, ווי אויך די ווייטערדיקע דריי טאַבעלעס, זיינען צונויפגעשטעלט אויפן גרונט פון פאָלגנדיקע מאַטעריאַלן:

1) Die wirtschaftlichen Kräfte der Welt 1927 u. 1930.
2) Statistisches Jahrbuch für das Deutsche Reich 1928 u. 1929.
3) Wl. Wojtinsky: „Die Welt in Zahlen", 1—6, Berlin 1925—1927.
4) „Handels-Zeitung" des „Berliner Tageblatts", Juni u. Juli 1930.
5) Vierteljahreshefte zur Konjunkturforschung, Berlin 1929—1930.

| | | |
|---|---|---|
| שאָף | 113,0 | |
| קוילן | 103,0 | |
| ערד־אייל | 360,0 | |
| עלעקטראָ־טעכנישע אינדוסטריע | 250,0 | |
| אויטאָמאָביל־אינדוסטריע | 1600,0 | (1929) |
| רוי־אייזן־פּראָדוקציע | 100,0 | |
| רוי־שטאָל־פּראָדוקציע | 140,4 | |
| קופּער־פּראָדוקציע | 171,0 | |
| כעמישע אינדוסטריע | 172,0 | |
| באַוול־שפּינדלען | 115,4 | |
| קונסטזייד־אינדוסטריע | 1440,0 | |
| שיפן־טאָנאַזש | 136,5 | |
| אייזנבאַנען־לענג | 112,0 | (1925) |
| אויסערער וועלט־האנדל | 122,0 | |
| גאָלד־באַשטאַנד | 120,0 | |

די באַפעלקערונג איז סך־הכל אויסגעוואַקסן אויף זיבן פּראָצענט, אָבער דער רוב אגראַר־פּראָדוקטן און, אין א סך א שטאַרקערער מאָס, דער רוב אינדוסטריע־סחורות האָבן דעם פאַרמלחמהדיקן צושטאַנד שטאַרקער איבערגעיאָגט. דאָס פאַלן פון דער קאָרן־פּראָדוקציע דערקלערט זיך מיט ספּעציעלע סיבות, וואָס וועלן שפּעטער קלאָר ווערן.

אָפּגערעדט פון אזעלכע לוקסוס־ארטיקלען, ווי קונסטזייד־אינדוסטריע און אויטאָמאָביל־אינדוסטריע, וואָס האָבן זיך פאַרגרעסערט פ ע ר צ ן מאָל און ז ע כ צ ן מאָל, איז אויך שטאַרק אויסגעוואַקסן די פּראָדוקציע פון אייל, פון דער עלעקטראָ־טעכנישער אינדוסטריע (2 און א האלב מאָל !), כעמישע אינדוסטריע (אויף 70 פּראָצענט!), קופּער און שטאָל־פּראָדוקציע; אויך די באַוול־שפּינדלען האָבן זיך פאַרגרעסערט אויף 15 פּראָצענט. הכלל, פון די געבראַכטע דאַטן איז קלאָר, ווי שטאַרק ס'איז געוואקסן גראָד אין די נאָכמלחמהדיקע יאָרן די סתירה צווישן דער קאָנסומציע פון די מאסן, וואָס האָט קוים דערגרייכט איר פאַרמלחמהדיקן מצב, און דער אינדוסטריע, וואָס האָט אויסגענוצט אלע טעכנישע און כעמישע דערפינדונגען פון דער מלחמה־צייט און האָט זיך געלאָזט לויפן פאָראויס, זיך ניט רעכענענדיק מיט דער קויף־קראַפט פון די מאַסן. מיר האָבן געבראַכט די דאַטן פארן 1928, אָבער אין 1929 איז סיי די גערעטעניש געווען מער ווי א גוטע, סיי די אינדוסטריע האָט ווייטער פאַרגרעסערט איר פּראָדוקציע — און דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, נאָך גיכער געטריבן צום קריזיס.

פון דער געבראַכטער טאַבעלע האָבן מיר געזען, אז די פּראָדוקציע איז אין דער אינדוסטריע א סך, א סך מער געוואקסן, ווי אין דער אגראַר־ווירטשאַפט, און דאָך זיינען די פּרייזן דערווייל געפאַלן א סך מער באַ די אַגראַר־ און רוי־פּראָדוקטן, ווי באַ די אויסגעאַרבעטע אינדוסטריע־סחורות.

איצט ברענגען מיר די פּרייזן אויף אייניקע סחורות:

| סחורה | מארק | 1913 | 1928 | 1930 (יוני) |
|---|---|---|---|---|
| קאָרן . . . . | טשיקאגאָ . . | 100 | 200 | 63 |
| ווייץ . . . . | " | 100 | 249 | 129 |
| גערשטן . . . . | ווינ־פעג . . . | 100 | 205 | 80 |
| האָבער . . . . | טשיקאַגאָ . . | 100 | 169 | 92 |
| פוטער . . . . | קאָפּנהאַגן . . | 100 | 162 | 106 |
| צוקער . . . . | ניו־יאָרק . . | 100 | 91 | 41 |
| קופּער . . . . | לאָנדאָן . . . | 100 | 150 | 75 |
| צינק . . . . | " | 100 | 136 | 76 |
| וואָל . . . . | " | 100 | 220 | 114 |
| באַוול . . . . | ניו־יארק . . | 100 | 161 | 91 |
| פעטראָלעום . . . | " | 100 | 159 | 82 |

דאָס זיינען די פּרייזן אויף אייניקע אַגראַר־ און רוישטאָף־ארטיקלען אין דריי פּעריאָדן: פאר דער מלחמה, אין יאָר פון העכסטן שווונג פון דער וועלט־ווירטשאפט – אין 1928 – און אין יוני 1930, ווען דער קריזיס האָט, דוכט זיך, שוין דער־גרייכט זיין העכסטן גראַד.

איידער מיר גייען איבער צו דערקלערן די דאזיקע טאַבעלע, וועלן מיר ברענגען נאָך צוויי טאַבעלעס וועגן דעם פארברויך פון פארשיידענע פּראָדוקטן פאר דער מלחמה און נאָך דער מלחמה אין דייטשלאנד און פון די אינדוסטריען, וואָס זיינען אַמערסטן קאַרטעלירט. ערשט דעמאלט וועט ווערן קלאָר דער גאנצער תוך און זין פון דעם דאָזיקן פּרייזן־טאַנץ, וואָס מאכט עפּעס דעם איינדרוק פון א משוגעים־טאַנץ.

דער פארברויך פון פּראָדוקטן אין דייטשלאנד פּראָ קאָפּ (אין קג.):

| פּראָדוקטן | 1913—1914 | | 1926—1927 | |
|---|---|---|---|---|
| | אבסאלוט | 100 | אַבסאָלוט | 100 |
| קאָרן . . . . . | 153,1 | 100 | 97,20 | 63,4 |
| ווייץ . . . . . | 95,8 | 100 | 78,80 | 82,6 |
| קאַרטאָפל . . . . | 700,2 | 100 | 381,90 | 54,6 |
| פלייש . . . . | 49,49 | 100 | 49,90 | 100,8 |
| צוקער . . . . | 18,99 | 100 | 21,70 | 114,2 |
| וויין . . . . | 0,19 | 100 | 0,23 | 121,0 |
| קאַקאַא . . . . | 0,77 | 100 | 1,12 | 148,0 |
| קאַווע . . . . | 2,44 | 100 | 1,95 | 80.0 |
| דרום־פרוכטן . . . | 4,44 | 100 | 6,72 | 174,0 |
| טיי . . . . . . | 0,06 | 100 | 0,08 | 133,3 |

מיר ברענגען דאַטן, וואָס אילוסטרירן די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער קאָנסומציע פון פארשיידענע פּראָדוקטן אין דייטשלאַנד, אָבער די דאָזיקע ענדערונגען זיינען טיפּיש פאַרן רוב ציוויליזירטע לענדער.

קאָרן עסט מען איצט אין דייטשלאַנד ווייניקער מיט א גאַנץ דריטל ווי פאַר דער מלחמה, קאַרטאָפל — נאָר א העלפט; אפילו ווייץ קומט אויס פּראָ נפש איצט ווייניקער מיט א זעקסטל, אָבער דאָס אַליין איז ניט פון אָרימקייט, וואָרום פרוכטן עסט מען כמעט צוויי מאָל מער, ווי פאַר דער מלחמה, קאַקאַאָ אַנ־דערהאַלבן מאָל מער, צוקער און וויין פאַרברויכט מען אויך מער און טיי מיט א גאַנץ דריטל מער. ס׳איז קלאָר, אז ס׳איז פאָרגעקומען א געשמאַק־ענדערונג, צו וועלכער די אַגראַר־ווירטשאַפט קאָן זיך אַזוי גיך ניט צופּאַסן. מען פאַרברויכט איצט אויך מער עופות, פּוטער, אייער, אָבער ווייניקער שווערע מאכלים ווי קאַר־טאָפל און קאָרן־ברויט.

לאָמיר איצט זעען, אין וואָס פאַר א מאָס די אינדוסטריע איז קאַרטעלירט. מיר ברענגען די דאַטן וועגן דעם קאַרטעלירטן אַקציען־קאַפּיטאַל אין דייטשלאַנד, אָבער די דאָזיקע דערשיינונג איז טיפּיש פאַר אַלע אינדוסטריע־לענדער.

דער אַקציען־קאַפּיטאַל איז געווען קאַרטעלירט אין דייטשלאַנד אין 1929:

| | | |
|---|---|---|
| קאַלי־אינדוסטריע . . . . . . | 100,0 | פּראָצענט |
| בּאַרג־אינדוסטריע . . . . . . | 98,0 | " |
| קוילן־אינדוסטריע . . . . . . | 93,0 | " |
| אייזן־ און מעטאַל־פּראָדוקציע . | 89,0 | " |
| עלעקטראָטעכנישע אינדוסטריע . | 83,0 | " |
| עלעקטרישע ענערגיע . . . . | 81,5 | " |
| כעמישע אינדוסטריע . . . . . | 78,0 | " |
| בוי־אינדוסטריע . . . . . . | 55,0 | " |
| טעקסטיל־אינדוסטריע . . . . . | 38,0 | " |
| שפּייז־אינדוסטריע . . . . . . | 36,0 | " |
| לעדער־אינדוסטריע . . . . . | 29,0 | " |
| פּאַפּיר־אינדוסטריע . . . . . | 28,0 | " |

אין דייטשלאַנד זיינען די פּרייזן פון די ניט־קאַרטעלירטע סחורות געפאַלן פון 1926 ביז אַפּריל 1930 אויף 17 פּראָצענט און די קאַרטעלירטע סחורות האָבן פאַר דער זעלבער צייט אויפגעהויבן די פּרייזן אויף א האַלבן פּראָצענט.

אָט איז א גלענצנדיקע אילוסטראַציע, ווי דאָס פאַלן פון די פּרייזן אויפן וועלט־מאַרק ווירקט אויף פאַרשיידענע סחורות אין אַן אַגראַר־לאַנד, אין געגעבענעם פאַל אין פּוילן, וואָס אינטערעסירט אונז אַמשטאַרקסטן.

נעמען מיר די פּרייזן אין פּוילן פון 1927 פאַר 100, באַקומען מיר, אז אין מערץ 1930 איז די לאַגע געווען אַזאַ)*:

*) Statystyka cen 1930, B. II, S. 2.

| | |
|---|---|
| אקערבוי-פּראָדוקטן | 52,9 פּראָצענט |
| איבערגעאַרבעטע אגראַר-פּראָדוקטן | 70,7 " |
| קאָלאָניאַל-סחורות | 101,1 " |
| רוי-וואָל | 77,6 " |
| וואָל-האַלב-פאַבריקאַטן | 82,2 " |
| וואָל-סחורות | 99,1 " |
| מעטאַל-סחורות | 94,6 " |
| קוילן | 121,0 " |

איצט לאָמיר איבערגיין צום אַנאַליז פון די אַלע געבראַכטע מאַטעריאַלן, און די טראַגישע לאַגע פון פוילן אינם וועלט-קריזיס וועט פון זיך אליין ארויסטרעטן.

צום שטאַרקסטן זיינען געפאַלן די פרייזן אויף קאָרן — אין פארגלייך מיט פאר דער מלחמה אויף א דריטל, אָבער אין פארגלייך מיט 1928 מער ווי דריי מאָל. פארוואס דאָס איז אזוי, ווערט קלאָר פון די דאַטן, וואָס וויזן אונז, אז קאָרן איז געוואָרן בכלל א ווייניקער גאַנגבאַרע סחורה. פוילן אָבער פּראָדוצירט קאָרן 4—5 מאָל אזוי פיל ווי ווייץ. איבערשטעלן די פעלד-ווירטשאַפט פון קאָרן אויף ווייץ איז ניט קיין גרינגע זאך — מען דאַרף דערויף גרויסע קאַפּיטאַלן און אויך א גרויסע אַגראָנאָמישע ארבעט צווישן פויערשאַפט. ביידע זאַכן פעלן אין פוילן. ס'באַקומט זיך, בכן, אז אי קאָרן איז שטארק ביליק, אי ס'זיינען ווייניק קונים אויף אים. ווייץ שטייט נאָך נישקשה אויפן מארק, ווען מען פארגלייכט די פרייזן מיט דער צייט פון פאר דער מלחמה, אָבער ווען מען פארגלייכט מיטן יאָר 1928, איז ווייץ געפאַלן אויף א העלפט, דער פרייז פון גערשטן האָט זיך פאַרקלענערט צוויי מיט א האַלב מאָל, פון האָבער — כמעט אויף א העלפט. די צוויי לעצטע ארטיקלען — גערשטן און האָבער — שטייען נידעריקער אפילו ווי פאר דער מלחמה. און דער פוילישער פויער, ווען ער פארקויפט קאָרן, באַקומט ער דריי מאָל ווייניקער ווי אין 1928-טן יאָר און גייט ער קויפן קאָלאָניאַל-סחורות, וואָס ווערן ס'רוב אריינגעפירט קיין פוילן פון אויסלאַנד, צאָלט ער דעם זעלביקן פרייז ווי אין 1928; און גייט ער קויפן א וואָל-סחורה, דאַרף ער צאָלן כמעט דעם אייגענעם פרייז ווי אין 1927. און פארקויפט ער זיין רוי-וואָל, באַקומט ער נאָר 77,6 פּראָצענט פון דעם, וואָס ער פלעגט באַקומען אין 1927. וויל ער קויפן א האַק, א זעג, בלעך פאר א דאַך און אַנדערע מעטאַל-סחורות, מוז ער אויך צאָלן כמעט דעם אייגענעם פרייז, ווי צוריק מיט 2—3 יאָר. און פאר קוילן נעמען די פאַבריקאַנטן, ווייל זיי זיינען פאראייניקט אין א פעסטן קאַרטעל, נאָך טייערער מיט 21 פּראָצענט ווי צוריק מיט 2—3 יאָר. אמת, דאָס איז טאַקע צוליב פאַטריאָטיזם, כדי צו קאָנען אויפן אויסלענדישן מארק פארקויפן די זעלביקע פוילישע קוילן אזוי ביליק, אז זיי זאָלן קאָנען קאָנקורירן מיט דייטשע און ענגלישע קוילן, אָבער דער פוילישער פויער האָט גאָר ווייניק פונם דאָזיקן פאַטריאָטיזם, אויב ניט רעכענען דאָס, וואָס טייערע קוילן מאַכן טייערער די אלע סחורות, וואָס בּאַ זייער אויסאַרבעטן ווערט פאַרברויכט א סך קוילן.

ס'איז קלאָר, אז דאָ — אינם ריזיקן פאַלן פון די פרייזן אויף אַגראַר־פּראָדוקטן און אינם איינצייטיקן אָנהאַלטן פון די פּרייזן אויף אינדוסטריע־סחורות, שטעקט דער עיקר לאָך פונם אגראַרישן פּוילן, ווו צוויי דריטל פון דער באַפעלקערונג איז באַשעפטיקט אין דער לאַנדווירטשאַפט.

ווי שוין פריער געזאָגט, לייקענען מיר ניט, אז פאַרן שוואַכן אָרימען פּוילן איז אַ ביודזשעט פון דריי מיליאַרד זלאָטעס, וואָס אַ גאַנץ דריטל פון אים גייט אוועק אויף דער אַרמיי, אַ שחיטה; מיר לייקענען אויך ניט, אז פאַרן יונגען פּוילן, וואָס דאַרף ערשט געווינען דעם צוטרוי פונם קאַפּיטאַל־מאַרק, איז די פּאָליטישע הווידעלקע, וואָס הערשט שוין פיר יאָר, נאָך אַ גרעסערע שחיטה, ווייל אָן אויסלענדישע קאַפּיטאַלן קאָן ניט געלייזט ווערן די פינאַנץ־פראַגע פון פּוילן און בא אַ געלט־אומלויף פון ווייניקער פון 50 זלאָטעס אויף אַ נפש, מוזן די צינזן שטיין 3־4 מאָל העכער ווי אין אויסלאַנד; מיר לייקענען אויך ניט, אז אַ שטייער־סיסטעם, וואָס לאָזט ניט די אינדוסטריע און ניט דעם האנדל אָנזאַמלען די נויטיקע אומזאַץ־קאַפּיטאַלן און פּאַמפּעט אויס די לעצטע גראָשנס, זאָל זיין אפילו אויף וויכטיקע און נויטיקע, פון מלוכהשן שטאַנדפּונקט אינוועסטיציעס, איז אַן אומעגליכע פאַרן לאַנד און מוז פירן צו אַ חורבן, — אָבער מיר קאָנען ניט פאַרגעסן, אז די אַלע סיבות האָבן געוועלטיקט מיט דער אייגענער קראַפט, ווי אין 1930, אויך אין די יאָרן 1927 און 1928 און דאָך איז דעמאָלט געווען אַן עקאָנאָמישע אויפלעבונג אין פּוילן, מחמת די גוטע קאָניונקטור אויפן וועלט־מאַרק פאַר אַגראַר־פּראָדוקטן האָט געדעקט די דעפעקטן פון דער שטייער־סיסטעם, פונם אומפּראָדוקטיוון ביודזשעט, פונם פעלן פון אויסלענדישע הלוואות א. א. וו. פון דעם איז געדרונגען, אז די טראַגישקייט פון איצטיקן פּוילישן קריזיס שטאַמט אין אַ גרעסערער מאָס פונם וועלט־קריזיס, אָבער זיין שאַרפקייט ווערט פאַרפינפאַכט אָדער אפשר פאַרצענפאַכט, מחמת די אַלע אינעווייניקסטע סיבות האָבן אזוי אָפּגעשוואַכט דעם עקאָנאָמישן אָרגאַניזם פון פּוילן, אז ער קאָן ניט איבערטראָגן קיין חולאת, בפרט נאָך אזא הויכן פיבער ווי דעם איצטיקן וועלט־קריזיס.

און אין דעם טאַקע באַשטייט דער פאַרברעכן פון די איצטיקע פירער פון פּוילן, וואָס זיי האָבן געמיינט, אז ס'וועט כסדר זיין פורים, אז די הויכע קאָניונקטור אויפן וועלט־מאַרק וועט אייביק אָנהאַלטן און וועט זיי העלפן פאַרדעקן די לעכער, וואָס זיי האָבן געמאַכט מיט זייער שטייער־סיסטעם און מיט זייערע אומגעהויערע אומפּראָדוקטיווע אויסגאַבן. זיי האָבן ניט פאָראויסגעזען, אז דאָס שוואַכע יונגע פּוילן מוז זיין ניט נאָר גרייט צו געניסן פונם שפע פון אַ גוטער קאָניונקטור, נאָר אויך זיין צוגעגרייט צו קאָנען איבערטראָגן די קלעפּ פון אַ געפאַלענער קאָניונקטור.

מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן באַריכות אויף די אַלע אָנגערירטע פראַגן, ווי די שטייער־סיסטעם אין פּוילן, די קנאַפּקייט פון קאַפּיטאַל, די הויכע מלוכהשע אינוועסטיציעס וכדומה, מחמת, ראשית, איז וועגן די אַלע פראַגן אין דער יידישער פּרעסע אַ סך געשריבן געוואָרן און, שנית, מחמת דער אַלגעמיינער טייל, וואָס האָט באַדאַרפט זיין אַן אָריענטיר־אריינפיר צום יידישן, האָט זיך שוין אזוי אויך שטאַרק צעוואַקסן. מיר האַלטן דעריבער פאַר נויטיק איבערגיין צו דער לאַגע פון די יידן אין פּוילן.

## 7. באַטאָג אויפן אַלטן מאַרק

ס׳וואַרפט זיך אין די אויגן יעדן, ווער ס׳באַזוכט נאָר פּוילן, אַז צווישן די דאָרטיקע יידן הערשט אַ שרעקליכע פּאַניק, ניט קיין מאָמענטאַלע, טאָג- אָדער חודש-פּאַניק, ארויסגערופן פון אָנגעלאָפענע שטורעם-געשעענישן, אַן איבערגייענדיקע און פאַרגייענדיקע און דעריבער אַ נאָרמאַלע אין אַ געוויסן זין, נאָר אַ באַשטענדיקע, אַ תושב- און תמיד-פּאַניק, וואָס האַלט אין קלעם די נשמה פון די מאַסן און געוועלטיקט איבער זיי יאָרן; אַ פּאַניק, וואָס פירט צו אַ ניט-גלויבן אין די אייגענע כוחות, אין די אייגענע מעשים און אונטערנעמונגען, אין מאָרגנדיקן טאָג, אין אַ וויפיל ס׳ניט איז בעסערער צוקונפט. און אויך וואַרפט זיך אין די אויגן אַזאַ נערוועז-צערודערטער צושטאַנד פון דער פּסיכיק פון די יידישע מאַסן, וואָס דערמאָנט אַ פּאָגראָם-צושטאַנד, אַ צושטאַנד, ווען מען מוז זיך ראַטעווען, ווען מען מוז לויפן, ווען יעדער מוז זיך ראַטעווען, מוז ארויסראַטעווען, וואָס ס׳איז מעגליך און וויפיל ס׳איז מעגליך, ווען באַטראַכטן, איבערלייגן, אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, באַזונדערס קאָלעקטיוו האַנדלען, בצבור באַטראַכטן און זוכן אַן אויסוועג איז קיין צייט ניטאָ און נאָך ווייניקער נשמה-אויפגעלייגטקייט, און דעריבער טוט יעדער פאַר זיך, וואָס ער קאָן און וויפיל ער קאָן. און נאָך וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז די דאָזיקע עקאָנאָמישע פּאָגראָם-פּסיכיק, דער דאָזיקער סאָציאַלער נשמה-חורבן האָט פאַרכאַפּט, שטאַרקער אָדער שוואַכער, אַלע טיילן פון פּוילישן יידנטום, פון אויבן ביז סאַמע אונטן, און אַז די אינטעליגענץ, חוץ גאָר, גאָר ווייניקע און זעלטענע אויסנאַמען, העלפט שטאַרק מיט צו פאַרגרעסערן און פאַרברייטערן די דאָזיקע תושב- און תמיד-פּאַניק, און, ווי אינטעליגענץ האָט ליב, טרייבט זי איבער און דערפירט צו סאַדיסטישער הנאה פון ווירקליכע און פאַראויסגעזעענע צרות און גזרות.

פאַרשטייט זיך, יעדער יידישער יחיד טוט זיך זיין אַרבעט, איז פאַרשמאַיעט און פאַרהאָוועט, לויפט אין וואַרשטאַט אדער פאַבריק, אַרבעט אָדער זוכט קונים אויף אָפּזעצן די סחורה, טראָגט אויף די פּלייצעס אַ צען-פּודיקן קאַסטן אָדער שלעפּט אַ וועגעלע קוילן און גיסט זיך אָפּ מיט שוויס, שטייט אין קראָם און קוקט ארויס אויף אַ קונה אָדער לויפט כאַפּן אַ גמילות-חסד, כדי אָפּצאָלן אַ וועקסעלע אָדער צאָלן שטייער, דרייט זיך אַרום אויף דער בערזע אָדער שטייט אין באַנק און בעט אַן הלוואה, כדי קאָנען אויסקויפן אַ פּאַטענט א. אַ. וו. דער יחיד ווערט צו שטאַרק געטריבן פון דער נויט און פון דער סאָציאַלער מאַשין, אין וועלכער ער איז ניט מער ווי אַ קליין רעדעלע, אַז ער זאָל זיך קאָנען אָפּשטעלן און אַ קוק טאָן אין זיין אייגענער נשמה און פאַקן דעם ספק-וואָרעם, וואָס פּיקט דאָרטן און פרעסט אויף זיינע כוחות און זיין גלויבן אינם זין און דערפאָלג פונם שמאַיען און האָווען; אָבער דער גוטער קענער פון דער יידיש-פּוילישער מאַסע דערפילט באַלד, אַז דאָס שמאַיען איז אָן אינעווייניקסטן ברען, אָן פליגלען, מער אַ דרויסנדיקער אינערטער אימפּעט, ווי אַ זיכער לויפן נאָך אַ באַשטימטן ציל, מער אַ טאָמער-יאָגעניש און אַן אפשר-דאָך-וואַרפעניש, ווי אַ זיכער גיין אין אַ באַשטימטן וועג.

דאָס לויפן פון די יידישע מאַסן אין די נאַלעווקעס פון איצטיקן וואַרשע מאַכט טאַקע אַן איינדרוק פון קאָנוולסיעס פון מענשן, וואָס טרינקען זיך, פון מענשן, וואָס

טאַפּטשען זיך און דרייען זיך אויף איין אָרט און רוקן זיך ניט ווייטער, רירן זיך באמת ניט פון אָרט. קיין באַזונדער ריטמישקייט איז קיינמאָל ניט געווען אינם כאַאָטישן הו־הא פון די יידישע נאַלעווקעס, אינם דאָזיקן אומענשליכן געדראַנג און ניט קאָנען באַוועגן זיך ניט רעכטס און ניט לינקס. אין דער דאָזיקער צונויפגעשטופּטער, צונויפגעדרייט־צונויפגעפּרעסטער שוואַרצער מאַסע קערפּערס, וואָס רייבן זיך איינער אינם אַנדערן און שטופּן אונטער איינער דעם אַנדערן, און דאָך בלייבט עפּעס אַליך ווי ניט גערירט פון אָרט; אָבער פאַר דער מלחמה האָט מען געפילט טעמפּ, אימפּעט, פליסנדיקע ענערגיע, שטראָמענדיקע קראַפט. אין דער דאָזיקער כמאַרע שוואַרצע קאַפּאָטעס, וואָס האָט זיך געצויגן פון איין עק נאַלעווקעס ביזן צווייטן און האָט פאַרפלייצט מיט אירע שטראָמען אַלע זייטיקע געסלעך און האָט געטריבן אין די לאַנגע שמאָלע הויפן אַריין מאַסן מענשן, וואָס פלעגן דאָרטן נעלם ווערן, אין די קעלערס, לעכער און בוידעמער און פלעגן אַרויסקריכן פון דאָרטן אָנגעלאָדענע מיט באַרגיקע פּעק און צוויי־דריי־גאָרנדיקע קאַסטנס אויף די פּלייצעס און זיך צוריק אַריינרייסן אין דער געדיכטער שוואַרצער כמאַרע, זי צערייסן, צעשטופּן, זי צווינגען זיך צערוקן און מאַכן אַ וואַרע און מיט די שווער אָנגעלאָדענע פּלייצעס פלעגן די דאָזיקע משא־מענשן ווי אויסשרייען און געבן צוויסן אַלעמען, אַז דאָרטן אין די שמאָלע פינסטערע הויפן, אין די קעלערס און אויף די בוידעמער ווערט שווער געהאָרעוועט און פון מענשישן שוויים ווערט געמאַכט סחורה פאַרן ווייטן און ברייטן רוס־לאַנד. איצט איז אויך שוואַרץ אויף די נאַלעווקעס און אויך ענג, און אויך ניט מעג־ליך זיך אַ דריי צו טאָן, אָבער ס'איז קיין לעבן ניטאָ — ס'איז ניט קיין באַוועגלעכע מאַסע, נאָר אַ שטייענדיקע בלאָטע, פאַלט מען אַריין, ווערט מען ווי פאַרוויאַזנעט — ניט אַרויסצוקריכן.

און אָט ווען אַ גאַנצער קיבוץ ווערט פאַרכאַפּט פון איין שטימונג, ווען דריי מיליאָן נפשות לעבן איבער איין און דעם זעלבן געפיל, גיבן איין און דעם זעלבן מאַך מיט דער האַנט, דעם באַקאַנטן יידישן יאוש־מאַך, וואָס גיט אַזוי איבער דעם פאַרצווייפלטן נשמה־ציטער, מוזן דאָ זיין אַלגעמיינע ערנסטע סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן די דאָזיקע קאָלעקטיווע שטימונגס־פּאַניק און, שנית, מוז אַזאַ קאָלעקטיווע דערשלאָגנקייט, אַזאַ קאָלעקטיווע פאַרצווייפלונג פון איר זייט ווערן אַ חורבן־פאַק־טאָר אין לעבן.

איידער מיר וועלן פרווון דערקלערן די דאָזיקע סיבות, וועלן מיר ברענגען עט־ליכע בילדער, אַרויסגעריסן פון צאַפּלדיקן לעבן, טאַקע בעיני געזען, וואָס וועלן דער עיקר אילוסטרירן דעם באַשריבענעם פּאַניק־צושטאַנד, אָבער אין איין וועגס וועלן זיי שוין אויך אונז געבן שליסלען צו דערקלייבן זיך צום מקור פון דער פּאַניק באַ פאַרשיידענע גרופּן און קלאַסן און אין פאַרשיידענע טיילן פון פוילן.

אין פּרצעס „באַנאַכט אויפן אַלטן מאַרק“ איז מאַראַן אַ סצענע אויפן בית־הקברות, אינסצענירט פון מאָסקווער גראַנאָווסקי־טעאַטער, ווו ס'לויפן אַרום מענשן־שאָטנס, בלאָנדזשען, שפּרינגען, יאָגן זיך איינער נאָכן אַנדערן, שפּרינגען איינער איבער אַנדערן, כאַפּן עפּעס אין דער לופט, ווערן ערגעץ נעלם און באַווייזן זיך פּלוצים ער־גער פון אַ זייט, פון אַ לאָך, פון אַ פינסטער ווינקל, פאַלן עפּעס ווי אַראָפּ פון הימל, דרייען זיך איינער אַרום צווייטן, שעפּטשען און מאַכן העוויות; לופט־פיגורן, וואַקסענע

פנימער, הינערשע פיסלעך, טויט־ניט־טויטע, לעבעדיק־ניט־לעבעדיקע; ביינער, הויטן, טויטע גופים מיט לעבעדיקע נשמות, אויסגעהויכטע נשמות און וואַכנדיקע גופים, קברים־תושבים און קברים־געסט, קברים־אַריסטאָקראַטן און קברים־אביונים, פאר דער צייט געקומענע און צו שפעט געקומענע; א רעש, א טומל, א געשריי־געפילדער פונם לויפן־שפרינגען, פונם שעפטשען־אין אויער איינרוימען, א יאַריד, אַן אמתער יאַריד, אָבער א בית־עולם־יאַריד, א שאָטן־יאַריד.

אָט די דאָזיקע סצענע מוז מען זיך דערמאָנען, ווען מען דרייט זיך ארום א שטיקל צייט אויף א מארק אין איינער פון די יידישע שטעט — אין וואַרשע, צי אין ווילנע; אין ביאַליסטאָק, צי אין לעמבערג. באַזונדערס בולט ווערט דאָס בילד, ווען מען גייט ארויס צוערשט זונטיק אויף אזא מארק, ווען די לאַנגע שורות נידעריקע בודקעס־מצבות ליגן אזוי שטיל, טויט, ווי באַהאַלטנדיק עפּעס אונטער זיך, און נאָך דעם קומט מען אויף דעם זעלבן מארק אין א וואָכעדיקן אָדער גאָר אין א יאַריד־טאָג און מען דערזעט די יידישע אלטע ווייבער, איינגעוויקלט אין שמאַטעס; יונגע ווייבלעך מיט בלייכע אויסגעצערטע פנימער באַ די פּאָר ליידיקע פלעשער; ווייסע בערד, וואָס שטארטשען ארויס פון צווישן הענגענדיקע איבער די בודקעס הויזן און פידזשאַקעס פון מיתה־משונה־קאָלירן; אונטערטאַנצנדיקע בחורימלעך מיט אלטע קאַ־לאָשן אין די הענט, וואָס רוימען אייך איין א סוד, אז דאָ גאָענט אין א הויף קאָנען זיי אייך פארקויפן מכל טוב און האַלב אומזיסט; אַן איינגעהויקערטער זקן, וואָס זיצט אין א ווינקל און לאַטעט שיך; א געשטאַלט, חצי יידענע, חצי מכשפה, בעט זיך באַ אייך, אירע בעבלעך, הייסע, פרישע, זאָלן אייך ווויל באַקומען; א מאַסע פאַרשווינען, ספק־מענער, ספק־ווייבער, וואַרפן זיך אָן אויף אייך מיט ביטעס, פאָר־שלאָגן, ברכות, קללות און ווילדע אויסרופן, וואָס ס'איז שווער צו פארשטיין זייער מיין. און וואָס טיפער, אלץ געדיכטער די מחנה, אלץ פאַרפּלאָנטעטער דער קנויל, אלץ הילכיקער דער טומל, אלץ שווערער דאָס אָטעמען — א בית־הקברות־יאַריד, א בית־עולם־יאַריד מיט שאָטן־מענשן און לופט־פיגורן, מיט שמאַטעס־מענשן, וואָס באַ־וועגן זיך, ריידן, האַנדלען, וואַנדלען, מאַכן מיט די הענט און מיט אלע איבעריקע איברים, נאָר לעבן זיי ניט.

און ניט נאָר הונדערטער, טויזנטער יידן זוינען פון דער דאָזיקער מאָגערער בית־הקברותדיקער מארק־ברוסט. מען קאָן רעכענען, אז אַן אכטל פון דער יידישער באַ־פעלקערונג „לעבט“ פון די דאָזיקע בודקעס־מצבות; מען קאָן אָנעמען, אז ניט ווייני־קער פון א פערטל פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס ווערט פארעכנט באַ ציילונ־גען צו דער באַשעפטיקטער אין האַנדל, „לעבט“ פונם דאָזיקן בית־הקברות־מארק. און אזוי ווי ס'איז איצט אין פוילן שטארק אין מאָדע חברות און אָרגאַניזאַציעס, זיינען די דאָזיקע בית־הקברות־לייט אויך אָרגאַניזירט אומעטום אין די אזוי גערופענע קליין־הענדלער־פאַראיינען.

מיר וועלן פארברענגען מיטן לייענער נאָר איין שעה אין לעמבערגער ביוראָ פונם קליין־הענדלער־פאראיין און דאָרטן וועלן מיר זיך באַקענען מיט עטליכע לעבע־דיקע מתים פון דער דאָזיקער וועלט.

ס'איז שבת אויף דער נאכט. די ביוראָ איז געפּאַקט מיט יידן, אלע נאָך אין שבתדיקע קאַפּאָטעס, אָפגעריבענע, אָפגעבליאַקעוועטע; און די פנימער — אויך אָפּ־

גענוצטע, אָפּגעטראָגענע ווי די קאַפּאָטעס. אין א ווינקל אָפּגעטיילט אַ בינטל ווייבער, קליינע, נידעריקע, פאַרשוואַרצטע, פאַרוויקלטע עפּעס אין מאָדנע שאַלן, אז מען זעט ניט קיין פּנימער. איך גיי אריין מיטן פאָרזיצער אין א באַזונדער צימער און בעטן אריינלאָזן די בקשות־אָנגעבער איינציקווייז.

אָט שטייט פאַר אונז א יידענע, א קליינע, א דארע, מיט א גרויסן שאַל איבער די אויגן. אז זי צערעדט זיך און צעהיצט זיך, הויבט זי אָן צו רוקן דעם צו־להכעיס־שאַל ארויף און אראָפּ און מיר באַמערקן, אז די איינגעדאַרטע, אויסגעטריקנטע יידע־נע, וואָס מיר האָבן געמיינט, אז זי איז שוין אַריבער 50, איז אין דער אמתן נאָך גאָר א יונג ווייבל, צווישן 30 און 35, מיט א פּאָר יונגע, פרישע, לעבעדיקע אויגן. און זי האָט אוועקגעלייגט א לשון — ס׳איז געווען א תענוג צו הערן, און גלייכצייטיק האָבן זיך די האָר געשטעלט קאַפּויר. זי האָט אָנגעהויבן:

יידן, איר זענט דאָך רחמנים בני רחמנים! וועט איר דען לאָזן פאַלן אין שאול תחתיה אריין א אָרימע אַלמנה? יידן, עני חשוב כמת, אָבער איך בין נאָך ניט קיין מת און מיינע פיר קינדער ווילן אויך נאָך ניט ווערן קיין מתים. און זיי עסן און פּיקן, און אז ס׳איז ניטאָ קיין ברויט, עסן זיי מיך, און איך וועל שוין טאקע באַלד זיין א מת. יידן, גייט נאָר אריין אין מיין לאַגע, זייט כרחם אָב על בנים, מיינע יתומימלעך האָבן דאָך ניט קיין פאָטער און קיין שפּייזער. זייט זשע איר דער אבי יתומים!

איך גיב איבער כמעט וואָרט אין וואָרט דעם לשון פון דעם ווייבל, ווי איך האָב עס דעם זעלבן אָוונט נאָך פאַרצייכנט. זי האָט ממש געשאָטן מיט העברעאישע ווערטער און גאנצע פּסוקים און ניט אזוי גלאַט אַבי פון דער לופט געכאַפּטע ווער־טער אָדער פּסוקים, נאָר תמיד געטראָפן אין פּינטל, אמת צוגעפּאַסט צום תוך פונם ענין. אז דער פאָרזיצער האָט זי אָפּגעשטעלט און זי געבעטן אויסלייגן איר בקשה, האָט זיך אויסגעלאָזט, אז זי דאַרף באַצאָלן דעם עקזעקוטאָר פון שטאָט־ראַט ז ע ק ס ז ל אָ ט ע ס. און אויב זי וועט מאָנטיק ניט באַצאָלן די דאָזיקע גרויסע סומע געלט, וועט מען איר אָפּשרייבן איר „קראָם״, וואָס זי האָט אויף א שטעלעכל אין מארק, אַ „קראָם׳, וועלכע זי נעמט מיט מיט זיך אהיים יעדן טאָג און וועלכע באַטרעפט מסתמא אינגאנצן 10—15 זלאָטעס און פון וועלכער זי „לעבט״ מיט פיר קינדער.

וואָס איז דאָס פאַר א חשבון זעקס זלאָטעס שטייער? זי איז מחויב צו צאָלן אַ יאָר שטייער דעם שטאָט־ראַט 60 זלאָטעס פאַרן רעכט צו „קראָמעווען״ אויפן שטעלעכל אין מארק. האָט זי, פאַרשטייט זיך, ניט באַצאָלט אָנהויב יאָר. האָט מען איר געדראָט אי קאָנפיסקירן די „קראָם״, אי זי ניט לאָזן מער „קראָמעווען״״, ביז זי האָט זיך דורך א יידישן ראטמאן דערשלאָגן די גרויסע הנחה, אז זי זאָל אויסצאָלן דעם חוב פון די 60 זלאָטעס אין צען חדשים. עטליכע חדשים האָט זי שוין אויס־געצאָלט און אליך פון די אייגענע רוחים. דער לעצטער חודש איז אָבער אזא ביטערער, אַז אָפּשפּאָרן אזא „סומע״ האָט זיך איר ניט איינגעגעבן. ס׳איז אַ קריזיס און די דאָזיקע יידענע מיט דער אונטער־דער־פּאַכווע־קראָם ליידט אויך פון קריזיס.

איר מאַן איז שוין פיר יאָר טויט. געלאָזט האָט ער זי מיט פיר פּיצעלעך קינ־דער און מיט א הבטחה, אז ער וועט זי אין הונדערט און צוואַנציק יאָר ארום זעצן לעבן זיך אין גן־עדן. שוין בעת זיין לעבן איז זי געווען די הויפּט־פאַרדינערן, ווייל דער

מאַן האָט געלערנט תורה און אביסל צוגעקנעלט, פארדינען פלעג ער וויניקער פון איר. ער איז געווען א פרומער און איז זיכער אין גן-עדן, אָבער דער אומגליק איז, וואָס זי איז נעבעך א זינדיקע און לעבט נאָך אויף דער וועלט, און די קינדערלעך, גאָלדענע, געראטענע קינדערלעך, לעבן אויך און ווילן ניט וויסן פון קיין קריזיסן, פון קיין שטייער-עקזעקוטארס און ווילן כאָטש א טרוקן שטיקל ברויט. וואָס זיינען זיי, די דאָזיקע שוואכע, אומשולדיקע עופעלעך, שולדיק, אז ס'איז א קריזיס אין לאנד און זי פארדינט ניט?

אויף מיין פראגע, וואָס איז דאָס אזוינס א קריזיס, האָט זי געגעבן זעהר א פשוטע און קלאָרע תשובה, א סך קלאָרער, ווי די וויסנשאפט, וואָס מאַטערט זיך נעבעך און קאָן ניט איינבייסן דעם דאָזיקן שווערן ביסן. א קריזיס — האָט זי געזאָגט — איז, אז אלע ליגן אין דער ערד. אז איך בין אליין געווען א קבצנטע, איז מיר אויך געווען שלעכט, אָבער ס'איז ניט געווען אזוי שרעקליך. מען האָט געקאָנט כאַפּן בײַ עמיצן אַ פּאָר זלאָטעס, מען האָט געקאָנט באָרגן אביסל סחורה, אָבער אז ס'איז א קריזיס, איז שוין גאָר שלעכט, כאָטש צי זיך אוים און גיי אוים.

דער צווייטער איז געווען א יונגערמאן, א הויכער, א שלאנקער, מיט א קלאָר-וויסן קראַגן, מיט ריין-אָפּגעפּוצטע שיך, הכלל, א „פּאַצעט", ווי מען זאָגט אין פוילן, דאָס הייסט, א פראנט. ער האָט פריער געהאט א שוך-געשעפט אין צענטער פון שטאט און איז געווען פארמעגליך. צוריק מיט א יאָר פינף, בײַם קריזיס פון 1925, האָט ער געמוזט פארמאכן דאָס געשעפט און דינגען אין מאַרק א רונדוק, וווּ ער האָט ווייטער פארקויפט שיך. דאָס לעצטע יאָר האָט ער שוין געמוזט זיך אָפּזאָגן אויך פונם רונדוק און אַראָפּגיידערן נאָך איין שטאַפּל נידעריקער — ער האָט שוין איצט נאָר א שטעלעכל אין מארק, טראָגט ארוים פון דער היים דאָס ביסל שיך און ברענגט עס אויף דער נאכט אהיים. זיין פראַנטאָווע אויסזען איז נאָך א שארית הפליטה פון די אמאָליקע גאָלדענע יאָרן. איצט איז ער א יורד, קאַטשעט זיך באַרג אַראָפּ. ער האָט שוין אלע האָפענונגען פארלאָרן צוריק זיך ארויפצוכאַפּן און האלט שוין בײַ יענעם גרוב-צושטאנד, ווען מען הערט שוין זיך אויף צו שעמען. יאָרנלאנג האָט ער באַהאלטן פון מענשן זיין אומגליק, געכאַפּט בײַ איינעם, געדעקט דעם צווייטן, געדרייט, געקראָ-מעוועט, געהאָפט, אז ס'וועט זיך איבערדרייען, אָבער ער האָט זיך אליין מער פאר-דרייט און פארפלאָכטן אין חובות, ביז ער האָט זיך איינמאָל, ווען ס'איז שוין געווען כלו כל הקיצין, געזאָגט: אוים מאכן אָנשטעלן; א סוף מיט קנייפּן די באקן, אז די פאַרב זאָל שטיין אין פנים און נאַרן מענשן! מען מוז אריינלאָזן דעם דלות אין שטוב און זיך פארשרייבן אין חברה קבצנים. אָפּן פאר דער גאנצער וועלט און אָן בושה!

און אָט איז שוין א יאָר, אז ער שטייט בײַם שטעלעכל, גלייך מיט אלע עגונות, אלמנות, אינוואַלידן, אלטע לייט, אָפּגעריבענע בעלי-מלאכות, עובר-בטלדיקע אָפּגע-בליאַקעוועטע פארמלחמהדיקע שיינע בעלי-בתים, טויגעניכטסן, פוליאַקעס, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַרבעטן, — מיט דעם גאנצן אָפּפאַל, וואָס דער יידישער צענטער פון לעמבערג, דער אויסגעפּוצטער און באַפּאַרבטער, שפּייט אוים פון זיך און וואַרפט ארוים אין מיסטקאַסטן, וואָס רופט זיך מאַרק! יעדער, ווער ס'זעצט אָן און האָט קיין שכל ניט געהאט זיך פריער באַוואָרענען מיט אביסל קאַפּיטאַל, יעדער ארויסגעשטוי-

סענער פון די רייען, יעדער געפאַלענער אויף קיינמאל שוין ניט אויפצושטיין, יעדער האָפענונגלאָזער קבצן, יעדע יידענע, מעג זי זיין ווי שוואך און נאַריש, יעדער אידיאָט, וואָס טויג צו גאָרניט — אלע די דאזיקע אויסגעשפּיגענע פון צענטער ווערן צו־נויפגעוואָרפן אויפן באַרג מיסט, וואָס רופט זיך מארק און וואָס רופט ארויס קנאה בא די אנטיסעמיטן, וועלכע טענהן, אז יידן האָבן פאַרכאַפּט דעם מארק, דעם דאָזיקן מיסט־קאַסטן־גן־עדן.

יעדער יאָר קומען צו הונדערטער שטעלעכלעך, בודקעס, טישלעך, פּאַלאַטקעס און ענדליך האַנט־הענדלער, די, וואָס האָבן ניט אפילו צו באַצאָלן דער שטאָט פאַר א נאַקעט שטיקל פּלאַץ און „קראָמעווען" מיט די פּאָר אלטע בגדים אָדער אלטע שטיוול אויף די הענט און ארומגייענדיק „מאַכן זיי א לעבן".

און די לעצטע צייט זיינען נאָך צוגעקומען קונים אויף א פּלאַץ אין מיסט־קאַסטן. מוז א ייד אנטלויפן פון דאָרף, מחמת מען שלאָגט יידן, אָדער מחמת דער קאָאָפּעראַטיוו האָט ארויסגעריסן דעם לעצטן ביסן פון מויל, שטעלט ער זיך אין לעמבערג אין מאַרק; שטעלט ער זיך ניט אליין אין מארק, מחמת ס'שטייט אים ניט אָן, זעצט ער אוועק זיין ווייב, זיין טאָכטער אין א בודקע אָדער בא א שטעלעכל „ציען פרנסה", ביז ער וועט זיך צעפירן די הענט, אָבער סוף כל סוף פּטרט ער דאָס ביסל גוטס, וואָס ער האָט געבראַכט פון דאָרף, און ווערט אליין א תושב אין מארק.

און אָט איז ער, וואָס האָט שוין לאנג טובערקולאָז, וואָס זיינע אויפגערעגטע אויגן שרייען, אז ער שפּייט מיט בלוט, געשטאַנען אין נעץ און קעלט א גאנצע וואָך באַם שטעלעכל מיט שיך און האָט געלייזט אזש 46 זלאָטעס! וויפיל זשע האָט ער געקאָנט פאַרדינען בא 46 זלאָטעס?! זאָל זיין 10, זאָל זיין 15 זלאָטעס, און ער האָט דאָך א ווייב מיט צוויי קינדער אין דער היים, און ער אליין מוז גאָר טרינקען יעדן טאָג צוויי גלעזער מילך, וואָרום ער שפּייט מיט בלוט אפילו מיט די צוויי גלע־זער מילך, אָבער אָן זיי וואָלט ער שוין לאנג געווען אויף יענער וועלט.

און וואָס וועט זיין שפּעטער? ווי כאַפּט מען זיך ארויס פון דעם דאָזיקן קבר, ווו מען ליגט לעבעדיקערהייט באַגראָבן? ווי רייסט מען זיך ארויס פונם מיסט־קאַסטן, ווהין די שטאָט וואַרפט אָפּ איר גאנצן אָפּפאַל?!

דער יונגערמאַן מיט די שווינדזיכטיקע אויגן האָט גערעדט ווי פון היץ. מיר זיינען געזעסן און געשוויגן, ווי פאַרגליווערט, ווי פאַרשטיינערט. מיר האָבן אים געלאָזט אויסגיסן זיין שווער האַרץ, האָבן אים ניט געקאָנט איבעררייסן, הגם מיר האָבן זעהר גוט געפילט, אז דאָס דאָזיקע היציקע אראָפּריידן זיך פון האַרצן וועט אים קאָסטן ניט איין גלאָז בלוט. ער האָט אזוי גערעדט אודאי א פערטל שעה. ער האָט זיך מיט אמאל א זעץ געטאָן אויפן בענקל, אַנטשוויגן געוואָרן, באַלד איז ער שטילערהייט אויפגעשטאַנען און איז ארויס פון צימער — גאָרניט געבעטן, גאָרניט פאַרלאַנגט.

דער פּאָרזיצער האָט צו מיר געזאָגט:

— אָט מיט די איז ערגער ווי מיט אַלע! זיי קאָנען זיך ניט באַרואיקן! זיי פילן זיך טאַקע באַגראָבן אויפן מארק, אָבער זיי האַלטן אין איין שרייען פון קבר ארויס,

אָבער דאָס שרייען העלפט דאָך ניט! ס׳איז א קבר, וואָס מ׳קאָן פון אים ניט אנט־לויפן. איז שוין בעסער ליגן רואיק און זיך ניט דרייען און וואַרפן.

שטיל און שעמעוודיק רוקט זיך אריין אן אלטיטשקער ייד פון עטליכע און זעכציק יאָר. ער איז א שוסטער, כל ימיו געווען א שוסטער, שוין צו ניין יאָר האָט אים דער פאָטער אָפּגעגעבן צו א שוסטער און פון דעמאָלט אָן האָט ער ניט אויפגעהערט צו נייען און לאַטען שיך, אמאל פאר רייכע לייט, די לעצטע צייט פאר קבצנים. אָבער ער קלאָגט זיך ניט, אדאנק דעם רבש״ע דערפאר, ער איז ניט זינדיק, נאר אַלט איז ער, אָן כחות, ניטא קיין כחות מער צו ארבעטן. וויל ער זיך זעצן אין מארק מיט אביסל אלטע שטיוול, אלטע שיך און אלטע קאַלאָשן. דער אלטעטשקער איז טויב און מיינט, אז מיר זיינען אויך טויב, שרייט ער הויך און טענהט, מען זאָל אים העלפן אויף דער עלטער זיך אביסל אָפּרוען. 55 יאָר האָט ער געשוסטערט און איצט וויל ער אָפּרוען. איז אָט, ווען מען לייעט אים אויס 25 זלאָטעס, קאָן ער עפענען, ד. ה. גרינדן א „געשעפט" פון אלטע שטיוול, קאַלאָשן און שיך אויפן מארק. ער איז א גרויסער מבין אויף לעדער און נאָך מער אויף גרייטע שטיוול. ער האָפט, אז ער וועט אויסצאָלן, ער וועט געוויס אויסצאָלן, ווארום פאַרוואָס זאָל ער ניט פאַרדינען באַם געשעפט, פון וועלכן אזוי פיל יידן לעבן. אז ס׳איז דאָ פאר אזוי פיל, וועט געוויס זיין נאָך פאר איין אלטן יידן, וואָס האָט 55 יאָר געשוסטערט און וויל איצט, די לעצטע יאָרן, אָפּרוען אביסל.

א פּאָר שעה בין איך געזעסן אין ביוראָ פון פאראיין. איינער נאָכן אנדערן זיינען אריינגעגאנגען יידן און יידענעס. דער בעט עטליכע זלאָטעס אויף באַצאָלן שטייער; יענער בעט אויף א פּאַטענט, ווארום מען וועט אים אַראָפּוואַרפן דעם רונ־דוק; דער דריטער בעט אים אויסלייזן פון שטייער־עקזעקוטאר, וואָס האָט שוין איבער־געשריבן די סחורה זיינע; און דער פערטער האָט ניט אויף קויפן גאַניץ פרי באַ די פויערים קאַרטאָפלעס, וואָס ער צעפירט אין א וועגעלע איבערן שטאָט, און די פינפטע, אַן אַלמנה, וויל באַקומען אַן הלואה אויף ווערן א „סוחרטע" אויפן מארק און די זעקסטע, א מלמדס א ווייב, וויל די טאָכטער, שוין א מויד אריבער דרייסיק און קאָן ניט חתונה האָבן, ווייל קיין נדן איז ניטא, אוועקזעצן מיט א שטעלעכל אין מארק, זאָל זי אָנקלייבן נדן א. א. וו.

און דער דאָזיקער סאָציאַלער אָפּפאל, אָבער ניט נאָר סאָציאלער, נאר אויך אָפּט פיזישער, גייסטיקער, מאָראַלישער און וועלכן איר ווילט נאָר, מאכט אויס באַ דער יידישער באַפעלקערונג פון די גרויסע שטעט פון פוילן ביז אן אכטל פון דער גאנצער יידישער באַפעלקערונג! אָט די דאָזיקע אלמנות, יתומים, יתומות, אלטע לייט, ארויסגעוואָרפענע בעלי־מלאכות, אויסזיכטלאָזע ארבעטלאָזע, אינוואַלידן, פיזישע, פסיכישע און מאָראַלישע קאַליקעס, פארזעסענע מוידן, האלב־אידיאָטישע בחורים, היימלאָזע פון דער מלחמה, סתם יורדים און אנטלאָפענע דאָרף־יידן, קרבנות פון פוי־זישן אָדער עקאָנאָמישן אנטיסעמיטיזם — אָט דער גאנצער סאָציאַלער ערב־רב, וואָס רינט פון שטאָט־צענטער אין רינשטאָק, וואָס הייסט מארק, איז ניט נאר ער לייגט זיך ווי א שווערע משא אויף דער גאנצער יידישער קהלה, נאר ער שטעלט פאָר מיט זיך א געפערליכן קלעפּיקן צענטער, וואָס שלעפט אריין ניט ווייניק געזונטע עלע־

מענטשן, וואָס פארסמט די אטמאָספער, אין וועלכער ס׳וועט אויסגעוואַקסן א יונגער דור, וואָס שטעקט אָן די שכנותדיקע סאָציאַלע עלעמענטן מיט דעם מארק־סם און יאַריד־גיפט.

## 8. דער שווערער וועג פון יידישן ארבעטער

די חבלי־לדה פון יידישן אַרבעטער זיינען געווען און זיינען געבליבן ביז איצט א סך שווערער, ווי די זעלבע באַ די ארומיקע פעלקער. אויב ארבעט בכלל איז געווען הונדערטער יאָרן א קללה און א חרפּה אין א יידישער פאמיליע, איז אָפּהענגיקע אַרבעט, אַרבעט באַ יענעם, באַ אַ בעל־הבית, געווען א דאָפּלטע קללה און א דאָפּלטע חרפּה. נאָך איצט איז זיין באַ יענעם אַן אומגליק, א טראַגעדיע פאר א יידישן בחור אָדער פאר א יידיש מיידל. מ׳איז אָפּט גרייט מער ארבעטן און ווייניקער פארדינען, אַבי זיין אין דער היים, באַ זיך, אליין א בעל־הבית פאר זיך און איבער זיך.

דער געוועזענער פויער, וואָס קומט אין שטאָט און קלאַפּט אָן אין טיר פון פאַבריק, קומט מיט א קאָפּ, וואָס האָט געטראָגן הונדערטער יאָרן דעם יאָך פון פריץ, פון האר; ער קומט מיט א געזונטן גוף, וואָס איז פארהארטעוועט אין שווערער אַרבעט, און מיט א נשמה, וואָס האָט הונדערטער יאָרן איינגעזאַפּט אין זיך אונטערטעניקייט און אונטערגעוואָרפנקייט. האָבן א בעל־הבית איבער זיך, א האַר, ווענענס ווילן מען מוז אויספילן, איז באַ אים גאָר א געוויינליכע זאַך. דער ייד אָבער, וואָס קומט פון שטעטל פון א באַלעבאַטיש הויז, פון א שטוב פון א קרעמערל אָדער מעקלערל, פון א שטוב פון א חזן אָדער שמש, פון א שדכן אָדער סתם לופט־מענטשן, און ווען אפילו פון א שטוב פון א זעלבשטענדיקן בעל־מלאכה — אָט דער דאָזיקער ייד ברענגט אריין אין שטאָט ניט נאר א גוף, א שוואכערן, ווי באַם דאָרפס־פויער, נאָר אויך א ווייניקער צוגעפּאַסטע נשמה פאר אָפּהענגיקער ארבעט, א נשמה, וואָס לאָזט זיך ווייניקער אריינפּאַסן אין דער מעכאַניזירטער און דיסציפּלינירטער פאבריק־ארבעט. און אויב אין א לאנד קומט אויף איינצייטיק א פאַבריק־פּראָדוקציע און א היים־אינדוסטריע און ס׳שטייען גרייט צוויי ארבעט־זוכנדיקע מאַכן, א דאָרפיש־פויערשע און א קליינשטעטלדיק־באַלעבאַטיש־קרעמערישע, וועט די לעצטע אליין פון זיך, אָן צוואַנג אפילו מצד די אונטערנעמער, אויסקלייבן דעם וועג צו דער היים־אינדוסטריע, וואָס לאָזט כאָטש א שאָטן פון זעלבשטענדיקייט, וואָס לאָזט א סך מער האָפענונגען אויף ארויפאַרבעטן זיך, ארויסקריכן פון דער אָפּהענגיקער לאַגע, ארויסרייסן זיך פון צוים פון פרעמדן ווילן און זיך ארויפדראַפּען אויף דעם באַלעבאָס־שטאַפּל; וואָס שפּאַנט אויך ניט איין אזוי אין וואָגן אלעמען און טרייבט זיי ניט ווי פערד לויט איין קאָמאַנדע און וואָס שאַפט, ענדליך, ניט אזא גרויסע תהום־דיסטאַנץ צווישן באַלעבאָס און אַרבעטער.

פיזיש און פסיכיש זיינען די צוויי ארבעט־זוכנדיקע מאַסן געווען אזוי פארשיידן, אז זייערע וועגן האָבן באַ דער קלענסטער מעגליכקייט זיך געמוזט פאנאנדערגיין. ניט מען נאָך צו צו דער דאָזיקער פיזישער און פסיכישער דיסטאַנץ צווישן די צוויי אַרבעט־זוכנדיקע גרופּן דעם קולטורעלן מהלך, וואָס האָט זיי געהאַלטן ווייט איינעם

פונם אנדערן, און די שפּראַכליכע פארשיידנקייט, וואָס האָט זיי צעטיילט, און מיר באַקומען צוויי לגמרי פרעמדע וועלטן, וועלכע דער סאָציאַלער גורל האָט, אמת, שפּעטער געטריבן צו איינקייט, צו צוזאַמענגיין, וועלכע אָבער אין זייער אָנהויב־קאַמף פאר אַן א ר ב ע ט ־ פ ל אַ ץ אין דער אויפקומענדיקער אינדוסטריע האָבן געמוזט מער פילן דאָס, וואָס זיי צעשיידט און צעטיילט, ווי דאָס, וואָס זיי פאראייניקט און צוזאמענבינדט.

פארן פאַבריקאַנט, פארן יידישן און אוודאי שוין פארן קריסטליכן, איז די דאָרפישע ניט־יידישע פויערים־מאַסע מיט איר געזונטן גוף און פרימיטיווער פסיכיק, מיט אירע נישטיקע באַדערפענישן און נאָך נישטיקערע השגות, געווען א סך ביליקער און באַקוועמער ווי די קליינשטעטלדיקע קליינבירגערליכע יידישע מאַסע מיט איר שוואכן גוף און צערייצטע נערוון, מיט איר העכערן לעבנס־ניוואָ און אנטוויקלטערן מח, מיט איר צו נאָענטן שטיין צום מעכאניזם פון דער אונטערנעמונג, מיט איר גרינגען תופס זיין די באַוועג־פרוזשינעס פונם דאָזיקן מעכאניזם, מיט איר נשמה־ירעוודיקייט און פסיכישער אקטיווקייט, מיט איר שטרעבן, ווי אם גיכסטן זיך באַפרייען פון אַרבעט־יאָך און אריבערכאַפּן זיך אין באַלעבאַטים־לאַגער, מיט איר געוואַלטיקן דראנג זעלבשטענדיק ווערן און זעלבשטענדיק אָרגאניזירן, שאַפן, דרייען, טאָן און אויפטאָן.

און אויב די פאַופּעריזירטע פויערים זיינען אין גרויסע מאסן אריינגענאנגען אין די ברייטע פאַבריק־טויערן פון דער גרויס־אינדוסטריע, האָבן זיך די פאַופּעריזירטע קליינשטעטלדיקע יידישע מאַסן אריינגעריסן, פון איין זייט, אין די קאָנטאָרן און ביוראָען פון די גרויסע יידישע פאבריקן, ווו זיי האָבן געפונען בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען און גרעסערע אויפשטייג־מעגליכקייטן, ווי אין דער פאבריק גופא, און, פון דער צווייטער זייט, האָבן זיי זיך געוואָרפן אין נאָך גרעסערע מאַסן אויפן וואַקסנדיקן האנטווערק און אויף דער קרובהשער צום האנטווערק היים־אינדוסטריע. אין די לעצטע צוויי אינדוסטריע־צווייגן האָבן זיי געהאט אין די גרויסע שטעט גוטע פארבינדונגען און טראַדיציעס; דאָ האָבן זיי ניט געטראָפן אין אזא פארנעם, ווי אין דער פאבריק־אינדוסטריע, דעם פיזיש שטארקערן און קולטורעל אָפּגעשטאנענערן פויערשן קאָנקורענט; אינם האנטווערק און אפילו אין דער היים־אינדוסטריע איז אין דער ערשטער תקופה פון אויפבלי פון דער אינדוסטריע אין פוילן דער פארדינסט געווען העכער, ווי אין דער פאבריק; די ארבעט־באַדינגונגען זיינען דאָ ניט געווען אזוי אַבסאָלוט קעגן דער גאנצער מיטגעבראַכטער ניט־דיסציפלינירטער און ניט־קאָלעקטיוויזירטער קליינבירגערליכער פסיכאָלאָגיע; און, ענדליך, די אויסזיכטן אויף ארויסרייסן זיך פונם ארבעטער־יאָך, אויף ארויסשפּרינגען פונם ארבעטער־שפּאַן און אריבערשפּרינגען אין באַלעבאַטים־לאַגער זיינען דאָ געווען א סך ברייטער.

די שמאָלע טויערן פונם האנטווערק און פון דער היים־אינדוסטריע האָבן אָבער ניט געקאָנט איינשלינגען אלע פאַופּעריזירטע, צו ארבעט געצוווּנגענע און צו אַרבעט גרייטע קליינבירגערליכע יידישע מאסן. פון דער צווייטער זייט, האָט דער אַרבעטער־קאַמף געבראַכט צו א באַדייטנדיקער פארבעסערונג פון די ארבעט־באַדינגונגען, וואָס זיינען אין דער גרויס־אינדוסטריע אין א סך א גרעסערער מאָס פארווירקליכט געוואָרן און האָבן געהאַט אונטער זיך א פעסטערע באַזע, ווי אין די אינדוסטריע־צווייגן,

וואָס האָבן באַקומען דעם נאָמען „יידישע“ און וואָס זייער כאראקטעריסטישער שטריך איז געוואָרן די שוויץ־סיסטעם. די יידישע האנטווערקער־מאסן האָבן זיך דעמאָלט גענומען רייסן אין די ברייטע טויערן פון דער גרויס־אינדוסטריע. זיי האָבן אָבער געטראָפן די פאַבריקן באַזעצט און באַזעצט פון א נאַציאָנאַל־איינהייטליכער אַרבעטער־מאסע, אין וועלכער ס׳איז שווער געווען זיך אריינצורייסן; ס׳איז אויך שווער געווען דעם איינצלנעם יידישן אַרבעטער, א פרעמדן, אן אנדערן, מיט אן אנדער שפּראַך, מיט אנדערע לעבנס־געוויינהייטן, מיט אנדערע מאנירן און דרכים, זיך איינלעבן אין דער דאָזיקער פון איין נאַציע־שטיק אויסגעגאָסענער מאסע. חוץ דעם, האָט די דאָזיקע באַזעצטע נית־יידישע אַרבעטער־מאַסע געהאט א שטענדיקן צושטראָם, א שטענדיקן דראנג פון קרובהשע, דאָרפישע מאסן אויף די צוגעקומענע נייע ערטער, פון מאסן, וואָס זיינען איר געווען נאָענטער און טייערער, ווי די פרעמדע יידישע מאַסע. דאָרטן, ווו די יידישע אַרבעטער־מאסע, ווי אין ביאַליסטאָק, איז געקומען צו דער רעכטער צייט, איידער די מעכאניזירטע טעקסטיל־אינדוסטריע איז געוואָרן באַזעצט פון איין נאַציאָנאַלער אַרבעטער־גרופּע, און ווו דער דראנג פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין דער מעכאַניזירטער גרויס־אינדוסטריע איז געווען אָרגאַניזירט און אָנגעפירט פון א מאסן־אָרגאַניזאַציע — דאָרטן איז טאקע דער דערפאָלג געווען און געבליבן עד היום א באַדייטנדיקער: אין ביאַליסטאָק מאַכן אויס די יידישע מעכאַנישע וועבער העכער א העלפט פון אלע מעכאנישע וועבער. לײדער, האָבן די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זיך אזעלכע צילן דעמאָלט נאָך ניט געשטעלט. דער עיקר חסרון אָבער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אויך דער סטיכישער דראנג פון די יידישע מאַסן אין דער פאַבריק אריין האָט א סך פארלאָרן אין זיין אינטענסיווקייט און אין זיין עקשנות אדאנק די ברייטע עמיגראציע־מעגליכקייטן. אין משך פון ערשטן פערטל פון לויפנדיקן יאָרהונדערט האָבן פון מזרח־אייראָפּע אָפּגעוואַנדערט קיין אַמעריקע מער פון א מיליאָן יידישע אַרבעטנדיקע עלעמענטן. אַמעריקע האָט אויף א שטיק צייט באַפרייט די יידישע מאסן פון דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט ניט נאָר איבערגיין צו אַרבעט־פרנסות אין די אלטע היימען, נאָר אויך זיך צופּאַסן צו די אַרבעט־באַדינגונגען פון דער אַרבעטער־מערהייט און זיך מאַכן קאָנקורענץ־פעאיק אויפן אַרבעט־מאַרק. אָבער די מאַטעריעלע און סאָציאַלע עליה, וואָס אַמעריקע האָט אין משך פון א האַלבן יאָרהונדערט געגעבן מיליאָנען יידן פון מזרח־אייראָפּע, האָט זיך פארענדיקט — און מיר לעבן אין אַן עפּאָכע, ווען די ברייטע יידישע מאסן זיינען געצוואונגען זיך צופּאַסן צו די שווערסטע אַרבעט־באַדינגונגען פונם אָרטיקן אַרבעט־מאַרק, ווען די יידישע מאסן וועלן מוזן מאַכן דעם צווייטן גרויסן אָנשטרענג און ווערן גלייך צו דער ארומיקער באַפעלקערונג ניט נאָר אין פרט פון אַרבעטן בכלל, נאָר אויך אין פרט פון אַרבעטן אויף די זעלביקע באַדינגונגען און מיט דער זעלביקער דיסציפּלין און אונטערגעאָרדנקייט, ווי די אַרומיקע מערהייט־אַרבעטער־מאסע.

אָבער איידער מיר באַלייכטן די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען פאַרן אַריינדרינגען פון די יידישע אַרבעטער אין גרעסערע מאַסן אין דער גרויס־אינדוסטריע, מוזן מיר זיך אָפּשטעלן אויפן צווייטן פאַקטאָר — אויף דער יידישער אונטערנעמערשאַפט, וואָס קומט דער עיקר אין באַטראַכט בײַ דער דאָזיקער פראַגע.

### 9. דער אָפּשטאַם פון יידישן פאַבריקאַנט

ניט נאָר די צוויי אַרבעטער־מאַסן — די יידישע און די ניט־יידישע — קומען אין פוילן פון צוויי אַבסאָלוט פאַרשיידענע סאָציאַלע, קולטורעלע און שטייגער־שיכטן, נאָר אויך די אונטערנעמער, די באַלעבאַטים, קומען מערסטנטיילס פון פאַרשיידענע סאָציאַלע און קולטורעלע וועלטן.

אויב אין דייטשלאַנד און אין גרויס־רוסלאַנד האָבן דער אויפגעקומענער בעל־מלאָכה און דער רייכער הענדלער (גרויס־רוסישע קופּעטשעסטוואָ!) געשפּילט אין דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע א גאַנץ באַדייטנדיקע ראָלע, האָבן די דאָזיקע עלעמענטן אין דער פּוילישער אינדוסטריע, אויף וויפיל סע־רעדט זיך וועגן ניט־יידישער אינדוסטריע, געשפּילט א גאָר נישטיקע ראָלע.

דער גוט־באַזיצער אָדער דער געוועזענער גוט־באַזיצער, דער הויכער מלוכה־באַאַמטער אָדער זיין זון, דער אינזשענער, דער יוריסט, כמעט אויסשליסליך קינדער פון די העכערע קלאַסן — אָט פון די דאָזיקע עלעמענטן איז באַשטאַנען די מערהייט פון די קריסטליכע אונטערנעמער ביז סאַמע ערב מלחמה. זיי זיינען דערצויגן געוואָרן דורות־לאַנג אין אַן אַטמאָספער פון הערשן איבער די מאַסן, שטיין איבער זיי, זיין ווייט און פרעמד פון זיי, אין אַן אַטמאָספער, וואָס האָט געבילדעט א גאַנצן תהום צווישן זיי און די נידעריקע קלאַסן. אויפגעקומענע פון פויערים אָדער אַרבעטער, פון בעלי־מלאכות אָדער הענדלער, אַרויסגעשפּרונגענע פון די נידעריקסטע שטאַפּלען צו די העכסטע זיינען צווישן די ניט־יידישע פּוילישע אונטערנעמער געווען זעלטענע דערשיינונגען. און אויב זיי זיינען נאָך געווען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין דער אויפקום־תקופה צווישן די דייטשע וועבער אין פוילן, זיינען זיי אין אַלע איבעריקע אינדוסטריע־צווייגן געווען א זעלטענער אויסנאַם און אויך אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע זיינען זיי געווען צווישן די ניט־יידישע אונטערנעמער ווייט ניט קיין מאַסן־דערשיינונג. אַרויסגעקומענע פון די מיטעלע אָדער נידעריקע קלאַסן קריסטליכע גרויסע אונטערנעמער פלעגן זיך געוויינליך גיך אַסימילירן מיט די אַדל־ און יחוס־קלאַסן, פלעגן דאָרטן במל בששים ווערן, אַריינברענגענדיק אַביסל פריש בלוט אין די דאָזיקע פאַרגליווערטע קלאַסן.

גאָר אַנדערש איז געווען דער אָפּשטאַם פון ערשטן דור יידישע פאַבריקאַנטן. נאָר אין א קליינער מאָס שטאַמען די ערשטע יידישע פאַבריקאַנטן פון דער ירושה־דיקער יידישער גרויס־בורזשואַזיע, — פון יידישע באַנקירן, גוט־באַזיצער און גרויסע סוחרים. אין זייער גרעסטן טייל שטאַמען זיי אָדער פון די אייגענע שיכטן, פון וואַנען ס'שטאַמען די יידישע אַרבעטער אָדער פון גאָר, גאָר נאָענטע און קרובהשע שיכטן. וועגן א קולטור־תהום, וועגן א פּסיכישער וואַנט־מחיצה צווישן דעם ערשטן דור יידישע פאַבריקאַנטן און צווישן די יידישע אַרבעטער, וועגן אַזא תהום, ווי בײַ די דאָזיקע קריסטליכע פאַרטנערן, קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין. דאָס פעלן אָבער פונם מחיצה־תהום צווישן בעל־הבית און אַרבעטער, אָט די פּסיכישע און קולטורעלע צו גרויסע

נאָענטקייט צווישן די דאָזיקע סאָציאַל קעגנזעצליכע קלאַסן, די מורא פון באַלע־באָס פאַר דער דאָזיקער נאָענטקייט, וואָס טראָגט אין זיך די קאָנקורענץ־סכנה פונם סאָציאַל אונטערגעוואָרפענעם, אָבער פּסיכיש און קולטורעל כמעט גלייכן מענשן — אָט דאָס אַליין איז אפשר אויך געווען איינע פון די וויכטיקסטע סיבות, וואָס האָט אָפּגעשטויסן דעם יידישן פאַבריקאַנט פונם יידישן אַרבעטער. אז די דאָזיקע מורא פאַר דער רירעווודיקייט פון יידישן אַרבעטער און אָנגעשטעלטן, וואָס כאַפּט זעהר ניך די קוניץ פון געשעפט, איז ניט געווען קיין אומזיסטע, וועלן מיר באַלד זען פון דעם, וואָס פאַר א גרויסער פּראָצענט יידישע פאַבריקאַנטן זיינען פריער געווען אָנגעשטעלטע אָדער מייסטערס.

מיר האָבן באַאַרבעט דעם ביאָגראַפישן מאַטעריאַל פון העכער הונדערט יידישע גרויסע און מיטעלע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן פון לאָדזש און ביאַליסטאָק*) און ס׳האָט זיך באַקומען ביז גאָר אַן אינטערעסאַנט בילד. דאָס ארויסקומען פון יידישן אינ־טערנעמער פון שיכטן, גאָר נאָענטע צו די זעלביקע שיכטן, פון וועלכע ס׳רעקרו־טירן זיך די יידישע אַרבעטער, ווערט דאָ באַשטעטיקט אין אַן איבעראַשנדיקער פאַר אונז זעלבסט מאָס. בנוגע צו דער קולטור־סביבה איז גענוג צו זאָגן, אז מער פון פינף און ניינציק פּראָצענט פון ערשטן דור יידישע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן האָבן געלערנט אין חדר; מער פון דריי פערטל פון אַלע אונטערנעמער האָבן אין חדר און טיילווייז אין ישיבה פאַרענדיקט זייער בילדונג. א גאַנץ דריטל פון די גרויסע טעק־סטיל־אונטערנעמער האָבן געלערנט אין ישיבות; מיט העכערער וועלטליכער בילדונג איז ניט געווען צווישן די דאָזיקע פאַבריקאַציע־פּיאָנערן קיין איינציקער; נאָר אַכט פון פופציק גרויסע אונטערנעמער האָבן באַזוכט א וועלטליכע שול, אי דאָס נאָר א פאָלקס־שול און ניט קיין מיטל־שול; צען פון פופציק גרויסע אונטערנעמער האָבן באַ־קומען זייער וועלטליכע אויסבילדונג בײַ פּריוואַטע לערער.

לאָמיר איצט זען פון וואָס פאַר א מקומות שטאַמען די אונטערנעמער, מיט וואָס האָבן זיי זיך פאַרנומען, איידער זיי זיינען געוואָרן פאַבריקאַנטן און מיט וואס האָבן זיך פאַרנומען זייערע עלטערן.

פון 93 גרויסע און מיטעלע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן, וואָס זייער געבורט־שטאָט איז באַקאַנט, זיינען געווען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| געבוירענע אין קליינע שטעטלעך . . . . | 69 . . | 74,2 | פּראָצענט |
| געבוירענע אין מיטעלע שטעט . . . . | 8 . . | 8,6 | פּראָצענט |
| געבוירענע אין גרויסע שטעט . . . . | 16**) . . | 17,2 | פּראָצענט |
| **צוזאמען** . . . . . . . . . . . | 93 . . | 100,0 | פּראָצ׳ |

ובכן, דריי פערטל פון די גרויסע און מיטעלע יידישע טעקסטיל־אונטערנעמער זיינען געווען פון קליינע שטעטלעך; נאָר איין זעקסטל (17,2 פּראָצענט) זיינען געווען געבוירענע אין גרויסע שטעט.

בנוגע צו די פריערדיקע באַשעפטיקונגען פון די פאַבריקאַנטן איז אינטערע־סאַנט צו באַטראַכטן באַזונדער ביידע גרופּן:

*) לויט דעם בוך פון לאַזאַר קאַהאַן: „אילוסטרירטער יאָרבוך פאַר אינדוסטריע, האַנדל און פינאַנסן“, לאָדזש, 1925.

**) אַכט אין לאָדזש, פיר אין ווארשע, דריי אין ביאַליסטאָק, איינער אין אָדעס.

| די פריערדיקע באַשעפטיקונג פון די אונטערנעמער | גרויסע טעקסטיל־אונטערנעמער: אַבס. צאַל | גרויסע טעקסטיל־אונטערנעמער: פּראָצ. | מיטעלע טעקסטיל־אונטערנעמער: אַבס. צאַל | מיטעלע טעקסטיל־אונטערנעמער: פּראָצ. |
|---|---|---|---|---|
| געוועזענע אָנגעשטעלטע . . . . . } קאָמיסיאָנערן און וואַיאַזשאָרן . . . } | 26 | 49,1 | 19 | 47,5 |
| געוועזענע סוחרים און קרעמער . . | 8 | 15,1 | 2 | 5,0 |
| געוועזענע רבנים און מיט היתר־הוראה | 5 | 9,6 | — | — |
| געוועזענע פאַבריק־מייסטערס . . . . | 2 | 3,8 | 16 | 40,0 |
| אָנגעהויבן פון פאַבריקאַציע . . . . | 12 | 22,4 | 3 | 7,5 |
| **צוזאַמען** . . . . . . . . . | **53** | **100,0** | **40** | **100,0** |

די ערשטע גרופּע, דער עיקר אָנגעשטעלטע, קינדער פון קליינשטעטלדיקע באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין דער וועלט זוכן מזל, ווייל אין קליינעם שטעטל איז ניט געווען וואָס צו טאָן און ווייל די ירושה פון טאַטנס געשעפט האָט זעהר ווייניק צוגעזאָגט; באַלעבאַטישע קינדער, וואָס האָבן מיט פאַרביסענע ציין און פאַרביטערטע הערצער זיך געשטעלט באַ יענעם פאַר א „מענשן“; קליינשטעטלדיקע מאַטעריעלע און סאָציאַלע יורדים, קינדער פון יורדים, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך א שלל מיט ענערגיע און רירעוודיקייט און א פעסטן עקשנותדיקן ווילן ניט בלייבן באַ יענעם א „מענש“, נאָר ווערן אליין א מענש, — אָט די דאָזיקע „מענשן“ באַ יענעם מאַכן אויס כמעט א העלפט פון אלע גרויסע און מיטעלע פאַבריקאַנטן פון ערשטן דור יידישע אונטערנעמער. פאַרשטייט זיך, אז צווישן די „מענשן“ מאַכן ניט אויס די אויפגעקומענע פאַבריקאַנטן, געוועזענע אָנגעשטעלטע, אפילו קיין איין פּראָצענט — געשמרעבט און געטרוימט האָבן טויזנטער און פאַרווירקליכט דעם חלום האָבן יחידי־סגולה, די פעאיקסטע, די עקשנותדיקסטע, אָפט אויך די גרויזאַמסטע, קמצנדיקסטע און נעלט־דורשטיקסטע. די דאָזיקע העלפט אונטערנעמער, וואָס האָבן אליין פאַרזוכט דעם טעם פון אַרבעטן באַ יענעם, וואָס זיינען געווען א שטיקל צייט לוין־נעמער, פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן אליין דורכגעמאַכט דעם וועג צום העכסטן סאָציאַלן שטאַפּל, וואָס זיינען געווען אזוי נאָענט צו דער מאַסע, פון וועלכער ס'קומט אויך א גרויסער טייל יידישע אַרבעטער — אָט דוקא די דאָזיקע אַרויפגעאַרבעטע זיינען געווים געווען און געבליבן די גרעסטע קעגנער פון יידישער אַרבעט. און ס'איז אויך פאַרשטענדליך — זיי וויסן דאָך צו גוט, ווי נאָענט אָפט דער יידישער אַרבעטער שטייט צו זיין באַלעבאָס־פאַבריקאַנט אין פּרט פון פאַרשטיין ניט נאָר די טעכנישע זייט, נאָר אויך דעם גאַנץ קאָמפּליצירטן קאָמערציעלן תוך פון דער אונטערנעמונג.

געוועזענע מייסטערס זיינען אין דער גרופּע גרויסע אונטערנעמער זעהר ווייניק (3,8 פּראָצענט), אָבער צווישן די מיטעלע פאַבריקאַנטן מאַכן זיי אויס גאַנצע פערציק פּראָצענט. ביידע גרופּן צוזאַמען — די געוועזענע אָנגעשטעלטע און קאָמיסיאָנערן און די געוועזענע מייסטערס, — מאַכן אויס באַ די מיטעלע פאַבריקאַנטן 87,5 פּראָצענט פון אלע יידישע מיטעלע טעקסטיל־אונטערנעמער. און נאָר 12,5 פּראָצענט זיינען באַ די מיטעלע פאַבריקאַנטן געוועזענע סוחרים און קרעמער אָדער האָבן

גלייך אָנגעהויבן פון פאַבריקאַציע. בײַ די גרויסע אונטערנעמער איז די פאַרטיילונג פון דער צווייטער העלפט אונטערנעמער גאַנץ אַנדערש ווי בײַ די מיטעלע. כמעט צען פּראָצ. זיינען געווען רבנים אָדער האָבן זיך געגרייט צו זיין רבנים. געוועזענע פאַבריק-מייסטערס זיינען גאָר ווייניק, אָבער די גרופּע, וואָס האָט גלייך אָנגעהויבן פון פאַבריקאַציע, ד. ה. די גרופּע, וואָס איז געקומען מיט קאַפּיטאַל צו דער אונטערנעמונג, מאַכט אויס 22,4 פּראָצענט פון אַלע גרויסע אונטערנעמער; די געוועזענע סוחרים און קרעמער, מערסטנטיילס אויך מסתמא מענשן מיט קאַפּיטאַל, מאַכן אויס מער פון 15 פּראָצענט.

אינטערעסאַנט איז דער אָפּשטאַם פון די יידישע טעקסטיל-פאַבריקאַנטן. לײַדער, האָבן מיר ידיעות וועגן אָפּשטאַם נאָר פון 41 גרויסע אונטערנעמער. זיי פאַרטיילן זיך אַזוי:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| פון עלטערן סוחרים אָדער קרעמער . . . . . | 25 | — | 61,0 | פּראָצענט |
| פון עלטערן גוט-באַזיצער און באַנקירן . . . . . | 6 | — | 14,6 | " |
| פון עלטערן פאַבריקאַנטן*) . . . . . . | 5 | — | 12,2 | " |
| פון עלטערן רבנים און מלמדים . . . . . . | 5 | — | 12,2 | " |
| **צוזאַמען . . . . . . . . . . . . . .** | **41** | **—** | **100,0** | **פּראָצ.** |

נאָר די צוויי מיטעלע גרופּן קאָן מען רעכענען צו דער יידישער גרויס-בורזשואַזיע און זיי מאַכן אויס אַביסל מער פון א פערטל פון אַלע גרויס-אונטערנעמער; די איבעריקע כמעט דריי פערטל פון די עלטערן פון די גרויסע אונטערנעמער זיינען מיטעלע באַלעבאַטים אָדער גאָר פון די קליינע מענשעלעך מיט די קליינע השגות. ס'איז גאָר ניט קיין ספק, אַז דער אָפּשטאַם פון די מיטעלע יידישע טעקסטיל-אונטערנעמער איז א סך דעמאָקראַטישער, א סך פאָלקסטימליכער, אַזוי צו זאָגן.

כדי די געבראַכטע ציפער זאָלן ניט בלייבן אַבסטראַקט און זאָלן באַקומען פלייש און ביין, וועלן מיר ברענגען עטליכע קורצע ביאָגראַפיעס פון די יידישע פּיאָנערן אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע.

„ישראל פּאָזנאַנסקי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1833 אין אַלעקסאַנדער, בײַ לאָדזש. זיין פאָטער, קלמן פּאָזנאַנסקי, איז געווען אַן אָרנטליכער סוחר. חתונה געהאַט מיט א טאָכטער פון משה הערץ, וועלכער איז געווען סעקרעטאַר פון וואַרשעווער קהלה, האָט ישראל פּאָזנאַנסקי באַלד נאָך דער חתונה זיך געמאַכט א קליין געשעפטל אויף אַלט-שטאָט אין לאָדזש**)".

מיר לאָזן דורך די גאַנצע געשיכטע, ווי דער דאָזיקער קליין-קרעמער האָט אויפגעבויט זיינע ריזיקע פאַבריק-געביידעס, פּאַלאַצן און הייזער און שטעלן נאָר פעסט, אַז אין די פאַבריקן פון די פּאָזנאַנסקים האָבן אין 1929-טן יאָר נאָכדעם, ווי דאָס געשעפט איז פון מלחמה-צייט אָן שטאַרק געפאַלן, געאַרבעט 4297 אַרבעטער***). וויכטיק איז נאָך צוצוגעבן, אַז דער דערפאָלג פון די אונטערנעמער פון דער דאָזיקער פירמע איז געווען באַם לעבן פון אַלטן פּאָזנאַנסקי, וואָס קומט פון א

*) דריי טעקסטיל-פאַבריקאַנטן, איין זייף-פאַבריקאַנט, איין בראָנפן-פאַבריקאַנט.

**) לאַזאַר קאַהאַן: „אילוסטרירטער יאָרבוך פאַר אינדוסטריע, האַנדל און פינאַנסן", לאָדזש 1925, ז. 52.

***) Edward Rosset: „Lodz miasto pracy“, Lodz 1929, S. 43.

פשוטער באַלעבאַטישער שטוב, א סך, א סך גרעסער, ווי נאָך זיין טויט, ווען זיינע קינדער, שוין געבילדעטע, מיט גאַנץ אַנדערע השגות, מיט גאַנץ אַנדערע אַפּעטיטן, אַסימילירטע און אויך טיילווייז געשמדטע, האָבן איבערגענומען די געשעפטן.

אָשר קאָן — „געבוירן איז אָשר קאָן אין לאָדזש אין יאָר 1870. זיין פאָטער דערציט אים, ווי אַלע זיינע קינדער, אין שוים פון תורה. ער האַלט די בעסטע רביים און מלמדים און דער יונגער אָשר, וועלכער איז געבענטשט מיט א גוט גמרא־קעפּל, איז נאָך דערצו א מתמיד און אַזוי אַרום האָט דער פאָטער פון אים נחת אַלס ווויל־לערנער, וואָס שניידט זיך צו ווערן אַן עלוי.

צו 16 און א האַלב יאָר מאַכט מען אים חתונה. ער ווערט אַן איידעם בּאַ זלמן רובין אין מאָמאַשאָוו, וועלכער איז געווען א חשובער קאָמיסיאָנער*)“.

מיר לאָזן דורך די געשיכטע, ווי קאָן ווערט א משכיל, לערנט זיך אויס דעם וועבער־פאַך, גרינדעט א פירמע בשותפות מיט אַנדערע, ווערט דירעקטאָר פון א גרויסער פאַבריק — פאַר אונז איז וויכטיק און אינטערעסאַנט די לעצטע שורה: בּאַ אָשר קאָן אין די פאַבריקן אַרבעטן איצט 8500**) אַרבעטער און דער אַמאָליקער מתמיד, ערב עלוי און גאַנצער משכיל איז דער באַלעבאָס פון א גאַנץ שטעטל מיט פאַבריקן, הייזער, מיט אַן אייזנבאַן, מיט א קאָלאָסאַל פאַרצווייגטער נעץ טעקסטיל־אונטערנעמונגען.

זילבערשטיין — „אָנגעהויבן זיין קאַריערע האָט מאַרקוס זילבערשטיין, ווי דער רוב פון די ערשטע יידישע אינדוסטריע־פּיאָנערן, נאָכדעם, ווי ער האָט דערוואָרבן אַביסל וועלטליכע בילדונג, איז ער אָנגעקומען אַלס ב ו כ ה אַ ל ט ע ר בּאַ דער דייטשער פירמע קינדלער אין פּאַביאַניץ“***).

אויף די פאַבריקן פון זילבערשטיין האָבן געאַרבעט אָנהויב 1929 — 1152 אַרבעטער****).

ראָזענבלאַט — „ישעיה ראָזענבלאַט איז געבוירן געוואָרן אין לאָדזש. זיין פאָטער, וועלכער האָט געשטאַמט פון שטעטל פּושעדבאָרזש און איז געווען א רייכער חסידישער באַלעבאָס, האָט פאַרמאָגט א גוט אין לאָדזשער אומגעגנט און אייניקע הייזער אין לאָדזש. באַקומען א יידיש־רעליגיעזע דערציאונג, האָט זיך דער יונגער ראָזענבלאַט דאָך פרי אָפּגעריסן פון שטיבל און פון דער גמרא און צו 18 יאָר הויבט ער שוין אָן אַליין צו פאַבריצירן“. אויף די פאַבריקן פון ראָזענבלאַט האָבן געאַרבעט אָנהויב 1929 — 2551 אַרבעטער.

די אייטינגאָנס — „א דערציאונג האָבן זיי באַקומען א יידיש־באַלעבאַטישע. זיי האָבן געלערנט פריער אין חדר, דאַן אין אָרשער שטאַטישער שול. נאָאום און באָרים, וועלכע זיינען געקומען קיין לאָדזש, האָבן דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּן, וואָס די לאָדזשער מענטשן זיינען געוויינליך דורכגעגאַנגען. נאָאום איז אָנגעקומען צום טיכער־פאַבריקאַנט צמח, אָנהויבנדיק פון אונטערשטן שטאַפּל און כסדר געשטיגן אַליץ העכער אויף דעם

*) ציט. בוך פון ל. קאַהאַן ז. 64.

**) ציט. בוך פון ראָסמעט, ז. 44.

***) ציט. בוך פון ל. קאַהאַן ז. 38.

****) ראָסמעט ז. 43.

לייטער פון לעבן, ביז ער איז אוועק פון דער פירמע און געגרינדעט א טיכער-פאבריק בשותפות מיט זיין שוועסטער-קינד, מיכאל אייטינגאן פון מאסקווע.

„בארים אייטינגאן, קומענדיק קיין לאדזש, איז געווען א קורצע צייט אין געשעפט פון זיין קרוב, באלד אבער באקומען א פאסטן אין דער אנגעזעענער פירמע „שמילער און ביעלשאווסקי" — בכן ביידע זיינען געווען „מענטשן" בא יענעם און איצט ארבעטן אויף די פאבריקן פון אייטינגאן און קאמפ. — 1028 ארבעטער.

מיר האבן ביז אהער געבראכט די ביאגראפיעס פון די „בערן" פון דער לאדזשער יידישער טעקסטיל-אינדוסטריע. לאמיר נאך ברענגען עטליכע ביאגראפיעס פון די אונטערנעמער, וואס בא זיי ארבעטן צו 300—400 ארבעטער.

„ירחמיאל ליפשיץ איז געבוירן געווארן אין אזארקאוו. זיין יחוס איז גאר א גרויסער. זיין זיידע איז געווען אזארקאווער רב. זיין שלשלת היוחסין דערגייט אזש צום קאצקער רבין. זיין פאטער איז געווען א שיינער בעלבאס, א גלאז-סוחר. צו 16 יאר קומט דער יונגער ליפשיץ קיין לאדזש צו זיין קרוב פייוול שולזינגער און בא אים מאכט ער דורך די ערשטע „קלאסן" פון דער האנדלס-„אקאדעמיע".

איצט פארמאגט ליפשיץ אן אונטערנעמונג, וואס האט אלע טעכנישע מיטלען אליין די סחורות פון אנהויב ביזן סוף אויסצוארבעטן. די פאבריק באשטייט פון ראשעל-מאשינעס, רונד- און שטריק-מאשינעס, אן אייגענע וועבעריי פאר טיכער און אן אייגענע אפרעטור".

סאלאמאנאוויטש — געבוירן אין פעטריקאוו. אייניקע יאר געארבעט אלס שרייבער אין א וואלד. חתונה געהאט פון טאמאשאוו. זיין שווער איז געווען דער באקאנטער טאמאשאווער קאמיסיאנער און וואלד-הענדלער*).

פארעצקי און גאווענסקי אין ביאליסטאק האבן איינע פון די גרעסטע טעקסטיל-אונטערנעמונגען. פארעצקי איז געבוירן געווארן אין שטשוטשין, ווילנער גובערניע, און גאווענסקי אין וואסילישקי, ווילנער גובערניע. ביידע האבן געהאנדלט באלד נאך דער חתונה מיט וואלד. זיי ביידע גרינדן די אונטערנעמונג, אבער אנטוויקלט די אונטערנעמונג האט דער עיקר פארעצקיס זון, וועלכער קומט אין 1896 קיין ביאליסטאק פון דער ישיבה און ווערט די טרייבנדיקע קראפט פון דער אונטערנעמונג. די דאזיקע פאבריק איז באקאנט מיט דעם, וואס דא זיינען פארגעקומען די שווערסטע קאמפן פון די יידישע ארבעטער פאר צולאזן זיי צו מעכאנישער וועבעריי און דא האבן זיי אפגעהאלטן דעם ערשטן נצחון און באקומען די העלפט פון אלע מעכאנישע שטולן.

א. און י. פיקעלני — זיי שטאמען פון נאוואגרודעק. דער פאטער זייערער, א גרויסער למדן און משכיל, וועלכער האט פארמאגט א בראנפן-זאוואד, האט דערצויגן זיינע זין אין יידיש-משכילישן גייסט. אברהם פיקעלני האט דער ערשטער פון די קינדער זיך אוועקגעלאזט פון שטעטל זוכן א תכלית, און אזוי ווי די פאמיליע האט געהאט א קרוב אין לאדזש, און לאדזש האט געשמט אין ליטע אלס „קליין-אמעריקע", איז ער געקומען אהין און באקומען א ש ט ע ל ע אין דער דייטשער פירמע „יוזעף ריכטער". די פירמע א. און י. פיקעלני האט איצט א מעכאנישע וועבעריי אין זדונסקא-וואליא מיט 112 וועב-שטולן און א געשעפט אין לאדזש.

*) די נאר וואס, ווי אויך די ווייטערדיקע ביאגראפישע ידיעות וועגן די פאבריקאנטן, זיינען גענומען פון ל. קאהאנס בוך.

אַברהם משה פּרוסאַק — שטאַמט פונם שטעטל דראָבנין, פלאָצקער גובערניע. געבוירן 1820 אין א סוחרישער פאמיליע. געקומען קיין לאָדזש א יונגערמאַן און זיך גלייך גענומען צו מסחר און פאבריקאציע; געווען א פרומער חסידישער ייד, פלעגט פאָרן צום רבין און פלעגט אָן דעם רבינס עצה גאָרנישט טאָן. אברהם משה פּרוסאַק איז געווען גאָר פון די ערשטע פּיאָנערן אין דער מעכאַנישער וועבעריי אין לאָדזש. דעמאָלט זיינען נאָך געווען כמעט נאָר דייטשע פאַבריקאַנטן און דייטשע מעכאַנישע וועבער; קיין יידישע פאַבריקאַנטן זיינען נאָך כמעט ניט געווען. אז פּרוסאַק האָט געבראַכט מעכאַנישע וועבשטולן, האָט ער גענומען צו דער ארבעט יידישע וועבער, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן לערנען מעכאַנישע וועבעריי. צווישן די דייטשע מעכאַנישע וועבער איז געוואָרן א גרויסע מהומה, און זיי זיינען געגאַנגען אונטער דער פירונג פון יוליוס היינצל, וועלכער איז נאָך דעמאָלט געווען א וועבער, שפּעטער אָבער געוואָרן א גרויס-אינדוסטריעלער און באַקומען אפילו דעם טיטול באַראָן, אין יידישן קוואַרטאַל, כדי צו פאַרניכטן די פאבריקן. דער שטאָט-פּרעזידענט איז אָבער באַצייטנס דערפון געוואָר געוואָרן און האָט געשיקט קאָזאַקן, וועלכע האָבן די דייטשע וועבער צעיאָגט און פאַרטריבן*).

הערמאַן פּויסט — געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. צו 13 יאָר לאָזט ער זיך שוין ארויס אין דער וועלט מאַכן א לעבן פאַר זיך. ער קומט אָן אלס אָ נ ג ע ש ט ע ל ט ע ר

*) לאַזאַר קאַהאַן, באַ וועמען נעמען מיר די נאָר וואָס געבראַכטע ידיעות, זאָגט, „אז אין לאָדזש דערציילט מען וועגן סקאַנדאַלן מיט די וועבערס גאַנצע לעגענדעס" און אז ער גיט איבער דאָס, וואָס ער האָט געהערט פון פאַרשיידענע פּערזאָנען. פון די דאָזיקע דערציילונגען קומט ארויס, אַז די מעשה איז געווען אין אן „אומרואיקער צייט אין פּוילן, און די רוסישע רעגירונג האָט זיך געשראָקן פאַר די קלענסטע אומרוען". אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז אינטערעסאַנט צו ברענגען א ידיעה, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין א ווינער יידישער אויסגאַבע (Wiener Mitteilungen. Zeitschrift für Wissenschaft und Kunst, orientalische Studien und israelitische Kultur-Zustände) פון 1861-טן יאָר, נר. 11. ווו ס׳ווערט פאָלגנדיקס דערציילט פון וואַרשע:

„אַ טרויעריקע ידיעה איז היינט אָנגעקומען פון דער דייטשער פאַבריק-שטאָט. א יידישער פאַבריקאַנט האָט פאַר א שטיקל צייט געבראַכט א דאַמף-מאַשין און דורך דעם האָט ער אָפּגעזאָגט פילע פון זיינע אַרבעטער. חוץ דעם האָט שוין לאַנג די קאָנקורענץ פון די יידישע איינוווינער געוועקט דעם צאָרן פון די דאָרטיקע דייטשע פאַבריקאַנטן. אין דער נאַכט פון 20-טן אויפן 21-טן זיינען אָנגעפאַלן א גרויסע צאָל דייטשן אויף זייערע רייכערע יידישע מיטבירגער און האָבן חרוב געמאַכט א שפּינעריי ביזן גרונט. די יידן האָבן זיך פאַרטיידיקט; די פּוילישע איינוווינער, ווי אויך די פּויערים פון די ארומיקע דערפער זיינען געקומען די יידן צו הילף. ס׳איז געקומען צו א בלוטיקן געשלעג, באַ וועלכן פיל זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן און איינער איז דערהרגעט געוואָרן. גענויערע ידיעות האָבן מיר ביז איצט נאָך ניט באַקומען". צי דאָ האַנדלט זיך וועגן איין און דער זעלביקער מעשה אָדער וועגן צוויי פאַרשיידענע געשעענישן, מוז ערשט אויפגעקלערט ווערן. מיר זיינען נוטה אָנצונעמען, אז ס׳האַנדלט זיך דאָ וועגן איין געשעעניש, און דער נוסח פון דער וואַרשעווער קאָרעספּאָנדענץ אין דער ווינער אויסגאַבע איז מסתמא דער ריכטיקער.

צום יידישן פאַבריקאַנט לעוויצקי אין פאַביאַניץ. נאָכדעם באַקומט ער א ש ט ע ל ע בא די גרעסטע פאבריקאנטן אין פאביאניץ, בא די ברידער בארוך. א פאָר יאָר נאָך דער חתונה ווערט ער א פאבריקאנט. איצט איינער פון די רייכסטע אונטערנעמער אין פאַביאַניץ.

ש. ה. ציטראָן — געבוירן אין מיכאַלאָוואָ בא ביאַליסטאָק, אַן אייניקל פונם באַוווסטן באָדקער רב און רוזשאנער ראש־ישיבה. זיין פאָטער האָט געהאט א שניט־קראָם אין מיכאלאָוואָ. ש. ה. ציטראָן לערנט אין ישיבות, קומט צו 17 יאָר קיין ביאַליסטאָק, הויבט אָן האנדלען מיט טוך און נאָכדעם ווערט ער א פאבריקאנט, איצט איינער פון די גרעסטע אונטערנעמער אין ביאַליסטאָק.

יעקב קאַהאַן — „זאָקן־קעניג" אין פוילן. געבוירן אין בערעזאָווקע בא אָדעס; זיין פאָטער האָט געהאט א שניט־געוועלבל. דער יונגער קאַהאַן האָט געלערנט בא די בעסטע מלמדים און געשמט אל׳ם עלוי. צו 12 יאָר ווערט ער א יתום; צו 13 יאָר פאָרט ער קיין אָדעס און ווערט א מאַנופאַקטור־קלייט. שפעטער גרינדעט ער א קאָמיסיאָן־קאנטאר אין אָדעס; פאָרט נאָכדעם אריבער קיין לאָדזש און ווערט א וו אָ י אַ ז ש א ר. שפעטער גרינדעט ער א זאָקן־פאַבריק און פירט דער ערשטער איין אין לאָדזש מעכאנישע זאָקן־פאַבריקאַציע. איצט איינער פון די גרעסטע זאָקן־פאבריקאנטן אין לאָדזש. קאַהאַן האָט אין די יונגע יאָרן געשריבן אין „קול־מבשר", אין „פאָלקסבלאַט" און אין ספעקטאָרס „הויז־פריינד".

י. שעפס — געבוירן אין טאָמאַשאָוו; אלס קינד שוין געשמט פאר אן עלוי. נאָך גאָר אלס יונגערמאן ווערט ער רב אין טאָמאַשאָוו און צו 15 יאָר פסקנט ער שאלות, אָבער ער לעבט ניט פון זיין רבנות, נאָר פון מסחר מיט וואָל. פון מסחר גייט ער איבער צו פאַבריקאַציע.

וואָלף אַלט — געבוירן אין קאָוועל; געקומען קיין לאָדזש אלס קינד און געענדיקט דאָ א שול. צו 15 יאָר קומט ער אָן אין דער פאַבריק פון הערמאן קאַהאַן, ווו ער ווערט א מייסטער. איצט זעלבשטענדיק, באַשעפטיקט ביז 80 ארבעטער.

ברידער טייטלבוים — געבוירן אין גאָמבין.ביידע האָבן געארבעט אין דער פאבריק בא וואָידיסלאַווסקי, געווארן מייסטערס. פארן קריג האָבן זיי שוין געהאט אן אייגענע פאַבריק, אין איר האָבן זיי באַשעפטיקט ביז 300 ארבעטער. איצט באשעפטיקן זיי ביז 100 ארבעטער.

וואָס זעען מיר פונם דאָזיקן צעטל ביאָגראַפיעס? ראשית, אז אלע יידישע אונטערנעמער זיינען געקומען אָן קאַפיטאַל, גאָר אָן געירשנטן קאַפיטאַל און אויך אָן אן אייגענעם גרויסן קאַפיטאַל. אלע ארבעטן זיך ארויף אדאנק זייער אינטעליגענץ, זייער ענערגיע, זייער רירעוודיקן גייסט און אונטערנעמערישער פלינקייט. כמעט אלע יידישע אונטערנעמער הויבן אָן פון אויסגעבן סחורה אהיים און ערשט נאָכדעם, ווי זיי מאכן אביסל קאַפיטאַל, גרינדן זיי פאַבריקן. סאָציאַל קומען כמעט אלע פון יידישן מיטלשטאנד, פון דער יידישער באַלעבאַטישער שטוב, אָבער פון אזא באלעבאטישער שטוב, וואָס שטייגט ניט, נאָר האלט אין פאלן, און א גאנצע העלפט פאַבריקאַנטן גייען דורך א סטאַזש פון ארבעטן בא יענעם, מערסטנטיילס אלס אָנגעשטעלטע און משרתים, פארזוכן, הייסט עס, דעם טעם פון אָפהענגיקער אַרבעט און מאכן אליין דורך דעם לעבנס־גאנג פון אָרימען יידישן בחור צום גרויסן אונטערנעמער און קאַפיטאַ־

ליסט. קולטורעל קומען זיי אלע, כמעט אָן אויסנאַם, פון חדר, פון טראַדיציאָנעלער יידישער דערציאונג, פון דער גמרא, אָפט אפילו פון דער ישיבה — וועלטליכע בילדונג באַקומט דער רוב שוין אלס דערוואַקסענע, שוין שטייענדיק אין לעבנס-קאַמף, אָפט באַ פריוואַטע לערער, אָבער ניט זעלטן אויך דורך זעלבסט-בילדונג.

דאָס איז געווען דער טיפ ערשטער דור יידישע טעקסטיל-פאַבריקאַנטן. אז דער צווייטער דור יידישע פאַבריקאַנטן האָט שוין גאָר אן אנדער פנים, איז קלאָר — הן סאָציאַל, הן קולטורעל טיילט אים שוין אָפ א תהום פון יידישן ארבעטער, וואָס רעקרוטירט זיך נאָך עד-היום אין א גרויסער מאָס פון די זעלביקע רייען, פון וואַנען אין פריערדיקן דור זיינען געקומען אויך די יידישע פאַבריקאַנטן. דער יידישער ארבעטער-קלאַס קומט אָבער נאָך אין א גרעסערער מאָס פון רואינירטן קליינבירגערטום, פון די אָרימע מאַסן בכלל, פון דעם המון, וואָס לעבט פון צופעליקע פרנסות און צופעליקע ארבעטן.

א גלענצנדיקע אילוסטראַציע צו דעם, וואָס פאַר א קאָלאָסאַלע ראָלע די מיט-געבראַכטע אָפשטאַם-פסיכאָלאָגיע קאָן שפּילן אין דער אנטוויקלונג פון די נייע באַ-שעפטיקונגען, צו וועלכע מענשן זיינען איבערגעגאַנגען, גיט אונז דער צושטאַנד פון דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע נאָך דער מלחמה.

אין ביאַליסטאָק איז איצטער די טעקסטיל-אינדוסטריע אינגאַנצן אין יידישע הענט, אויף וויפיל ס'רעדט זיך וועגן באַלעבאַטים. חוץ איין פלוש-פאַבריק פון א דייטשן פאַבריקאַנט, זיינען אלע פאַבריקן אין יידישע הענט. פאַר דער מלחמה זיינען געווען צען דייטשע פאַבריקאַנטן און מער פון הונדערט יידישע, שוין אריינגערעכנט די פאַבריקאַנטן, וואָס גיבן ארויס ארבעט אהיים. פון 66 וועבערייען, חוץ לוינקעטניקעס, זיינען געווען אין 1912 יידישע 58 אָדער 9, 87 פראָצענט*).

די גרעסטע פאַבריקן זיינען געווען אין דייטשע הענט. די צען דייטשע פאַבריקן האָבן באַשעפטיקט באַ א דריטל פון אלע טעקסטיל-ארבעטער אין ביאַליסטאָק, האָבן געהאַט פון 25 ביז 30 פראָצענט פון אלע וועבשטולן און האָבן אויסגעארבעט פון 40 ביז 45 פראָצענט פון דער גאנצער טעקסטיל-פראָדוקציע. נאָך דער מלחמה האָט זיך די ביאַליסטאָקער טעקסטיל-אינדוסטריע שטאַרק פאַרקלענערט — ערב מלחמה האָבן געארבעט בערך 1500 וועב-שטולן; איצט נאָר ביז 1000. די פראָדוקציע איז געפאַלן אויף א העלפט. אויך די צאָל ארבעטער האָט זיך שטאַרק פאַרקלענערט — אין 1895 זיינען געווען אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל-אינדוסטריע פאַרנומען 4675 ארבעטער**); ערב מלחמה בערך ביז צען טויזנט ארבעטער; אין 1920 — 5133***) און אין 1928 — 3975 ארבעטער***). ביאַליסטאָק באַשעפטיקט, הכן, אין איר טעקסטיל-אינדוסטריע איצט ווייניקער ארבעטער, ווי מיט העכער דרייסיק יאָר צוריק.

---

*) א. זויסקינד, פון ביאַליסטאָקער ארבעטער-לעבן. „פראַגן פון לעבן" נר. 2—3, 1912.

**) „די אַנטשטייאונג, אנטוויקלונג און מצב פון דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל-אינדוסטריע". יובל-זשורנאַל פון פראָפ. פאַראיין פון טעקסטיל-מייסטערס אין ביאַליסטאָק. 1929, מעריץ, ז. 30.

***) דאָרטן, ז. 31.

פאַרוואָס זיינען אַלע דייטשע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן אונטערגעגאַנגען און די יידישע זיינען געבליבן? דאָס איז אַ גאַנץ אינטערעסאַנט קאַפּיטל ווירטשאַפט־געשיכטע, וואָס ווייזט און באַווייזט, וואָס פאַר אַ גרויסער פאַקטאָר ס'איז די פּסיכאָלאָגיע פון די פאַרשיידענע אונטערנעמער־גרופּן — דער אונטערנעמערישער גייסט, די עקשנותדיקע צופּאַסונגס־פעאיקייט, דאָס קאָנען זיך און יענעם דרייען און אויסהאַלטן, אויסבערטראָגן און דערשלעפּן ביז בעסערע צייטן. באַלד נאָך דער מלחמה האָט די ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע אביסל אויפגעלעבט—די פּוילישע מלוכה, וואָס האָט געפירט מלחמה מיט די באָלשעוויקעס, האָט געמאַכט גרויסע באַשטעלונגען. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן דער קריזיס — רוסלאַנד איז געבליבן געשלאָסן. האָט מען געמוזט, ראשית, זען אויסנוצן, ווי ווייט מעגליך, דעם אינעווייניקסטן פּוילישן מאַרק, באַזונדערס די ניי־צוגעקומענע צו קאָנגרעס־פּוילן געגנטן. שנית, האָט מען געמוזט זוכן נייע מערק—אויפן ווייטן מזרח, אין כינע, אין יאַפּאַן, אויפן באַלקאַן, אין אונגאַרן און ווו נאָר מעגליך. ביז וואַנען ס'איז געווען די אינפלאַציע און פּוילישע סחורה איז געווען זעהר ביליק, האָבן אויך די דייטשע פאַבריקן געאַרבעט. נאָר אָט איז געקומען די סטאַביליזאַציע — די פּוילישע סחורה איז געוואָרן ווייניקער קאָנקורענץ־פעאיק; קאַפּיטאַל איז געוואָרן קנאַפּ און ווו צו באָרגן איז ניט געווען. די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן דאָ אַרויסגעוויזן ממש וואונדער — זיי האָבן געשיקט אַגענטן אין די ווייטסטע מקומות פון אזיע; אַזוי ווי רוסלאַנד איז געווען פאַרשלאָסן, האָט מען געמוזט פאָרן בּאַ אַ דריי חדשים, ביז מ'האָט זיך דערשלעפּט קיין כינע און אין ווייטן מזרח; די סחורה פלעגט זיין אין וועג פון 5 ביז 6 חדשים; איידער דאָס געלט פאַר דער סחורה פלעגט אָנקומען, פלעגט דויערן 9—10 חדשים. אייניקע גרויסע יידישע פאַבריקאַנטן זיינען אַליין אוועק אין די דאָזיקע ווייטסטע געגנטן פון אזיע און האָבן דאָרטן אויסגעקעמפּט אַ פּלאַץ פאַר זייערע סחורות. ביאַליסטאָקער קאָלדרעס, למשל, זיינען געוואָרן איינער פון די פאַרשפּרייטסטע אַרטיקלען אין כינע און טיילווייז אין יאַפּאַן און האָבן אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס פאַרקאָנקורירט די ענגלישע סחורות. אויך אין די באַלקאַן־לענדער, באַזונדערס אין רומעניע און יוגאָ־סלאַוויע, האָבן די ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן נאָך אַ לאַנגען קאַמף פאַרכאַפּט אַ באַדייטנדיקן טייל פון מאַרק. ניט גרינג איז זיי אָנגעקומען צו שאַפן אומזאַין־קאַפּיטאַל — און אויך אין דעם פּרט האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן אַזוי פּיאָנעריש, אַזוי צופּאַסונגס־פעאיק, אַז די דייטשע פאַבריקאַנטן האָבן זיי בשום אופן ניט געקאָנט נאָכיאָגן. די אַרבעטער האָבן זיי גענומען צאָלן מיט וועקסלען — מיט זעקס־חדשימדיקע און אפילו מיט אַכט־חדשימדיקע וועקסלען. די אַרבעטער פלעגן מוזן אויף די בערזשעס אָפּזעצן די וועקסלען. די קוויטאַנציעס פון די אָפּגעשיקטע אין די ווייטע מקומות וואַגאָנעס סחורה האָט מען אָפּגעזעצט, טיילווייז אין בענק, אָפּט אין האַמבורגער בענק, אָבער ניט ווייניק אויך בּאַ אָרטיקע פּראָצענטניקעס, וואָס האָבן זיך שטאַרק פאַרמערט אין גאַנץ פּוילן די לעצטע יאָרן. און ענדליך — לייען פּשוט געלט: דער יידישער פאַבריקאַנט האָט זיך ניט געשעמט לייען בּאַ צענדליקער מענשן קלענערע סומען, אַבי צונויפקלאַפּן דעם נויטיקן קאַפּיטאַל. און גמילות־חסדים־ און יידישע לייי־ און שפּאָר־קאַסעס זיינען אויך ניט אויסגעמידן געוואָרן פון יידישע מיטעלע און קליינע פאַבריקאַנטן. אָט דאָס דאָזיקע „יידישע“ לויפן

אין עק וועלט אויפצודעקן נייע קונים און זיך צופאַסן צום נייעם מאַרק, אוועקשיקן פּאַרטיעס סחורה, וואָס דאָס געלט פאַר זיי וועט זיך אומקערן אין 9—10 חדשים אַרום; אָט דאָס ריין „יידישע" דרייען זיך, כאַפּן, דעקן, באָרגן, לאַטן, און אייביק זיין אין אַ יאַריד פון צאָלונגען און חובות, און ניט וויסן אַפילו, וויפיל וועקסעלעך דו האָסט אונטערגעשריבן און ווען אייגנטליך זייערע טערמינען פאַלן אויס, און בכלל חתמענען וועקסעלעך אין די מאות, און אויף סומען פון צוואַנציק און דרייסיק זלאָטעס אַ וועקסעלע, און דאָס אַליץ אָן אַ שטרענגער בוכהאַלטעריע, ווייל אויף אַדמיניסטראַציע־הוצאות מוז מען שפּאָרן — אָט דער דאָזיקער גאַנצער יאַריד־אופן פון פאַבריקאַציע, אָט דער דאָזיקער גאַנצער טומל־ און טראַסק־כאַראַקטער פון דער פּראָדוקציע איז גע־ווען אַזוי פרעמד דעם דייטשן פאַבריקאַנט, וואָס איז געוויינט געווען, מ'זאָל באַ אים די סחורה אָפּנעמען און ער זאָל זיין דער מיוחס, אַז ער האָט גאָר אינגאַנצן ליקווי־דירט די אונטערנעמונגען. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך די יידישע ירושה־רירעוודיקייט און דריי־געניטקייט אַרויסגעוויזן אין דער דאָזיקער שעת צרה פאַר באַזונדערס וויכטיקע פאַקטאָרן אין איינהאַלטן אַלטע און אין פאַרכאַפּן נייע פּאָזיציעס.

לאָמיר ענדליך איבערגיין צום יידישן אַרבעטער.

## 10. דער אָפּשטאַם און די לאַגע פון יידישן אַרבעטער

ווי זשע האַלט עס מיט יידישע אַרבעטער אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס ליגט אַלע הונדערט פּראָצענט אין הענט פון יידישע באַלעבאַטים?

יידישע אַרבעטער זיינען אין ביאַליסטאָק געווען כמעט פון סאַמע אָנהויב פונם אויפקומען פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע. אַזוי לייענען מיר אין „ווילענסקי וועסטניק„ פון 1868, נ. 75 אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ביאַליסטאָק:

„אין 1860־טן יאָר האָבן געהערט יידן פון 46 וואָל־פאַבריקן — 19 אָדער 41,3 פּראָצענט. און איצט, אין 1868, געהערן יידן פון 89 פאַבריקן — 44 אָדער 49,4 פּראָצענט. דער דאָזיקער פאַקט פון וווקס פון פאַבריקאַציע צווישן יידן ברענגט ניט נאָר צום אויספיר, אַז באַ פרייע קאַפּיטאַלן געפינען מענשן לוינבאַרע באַשעפ־טיקונגען אַפילו אויף אַ זאַמדיקן און שטיינערנעם באָדן, נאר נאָך צו אַ מער וויכטיקן אויספיר, אַז יידן זיינען ניט נאר ליידיקגייער, ניט נאר פאַקטאָרס, מעקלערס און הענד־לער, נאָר זיי קאָנען אויך זיין גוטע פּראָדוצענטן פון פאַרשיידענע סחורות. די וווייטער־דיקע ידיעות וועלן וויזן, אַז ניט נאָר קאַפּיטאַליסטן און געבילדעטע יידן פאַרנעמען זיך מיט פאַבריקאַציע, נאָר אויך דער נידעריקער אַרימער קלאַס יידן, וואָס מ'איז גע־וויינט געוואָרן אים האַלטן פאַר עם־הארציש און פאַנאַטיש. אויף די יידישע פאַבריקן אַרבעטן אינאיינעם מיט די קריסטליכע אַרבעטער און אַרבעטערנס יידישע מענער און פרויען, אינטערעסאַנט, וואָס אי די דייטשן, אי די יידן גיבן אויף זייערע פאַבריקן אַרבעט: די ערשטע—דייטשן און די צווייטע—יידן. אויף זייערע פאַבריקן איז זעהר ווייניק מייסטערס וויסרוסן, וואָס זיינען פאַרנומען נאָר מיט צופירן האָליץ און מיט אַנדערע שוואַרצע אַרבעטן. איצטער אין מאַי 1868, רעכנט מען, אַז ס'אַרבעטן אויף די גע־וואַנט־פאַבריקן ביז 2500 יידישע אַרבעטער און אַרבעטערנס. מיר האָבן אַ קורצע און ניט פולע רשימה פון יידישע פאַבריקן אין ביאַליסטאָק מיט אַן אָנווייז וועגן דער צאָל יידישע אַרבעטער אויף זיי. ניט וואַרטנדיק אויף דער פולער רשימה, גיבן מיר

דערוויייל די קורצע רשימה. נאר מיר האלטן פארן חוב מתרה זיין דעם לעזער, אז פער־זענליך האָבן מיר באַזוכט נאָר דריי יידישע פאבריקן, ווו מיר זיינען געווען עדות פון דער ארבעט פון יידישע ארבעטער און ארבעטערנס. די פרויען ארבעטן מער באַם סאָרטירן די וואָל און אלס נופּערקעס, שפּולערקעס, ווי מיר האָט דערקלערט דער יידישער פאבריקאנט האלבערשטאַם. משונה האָט אונז אויסגעזען דאָס, וואָס באַ אים טאקע אויף דער פאבריק האָבן פיר יידישע ארבעטערנס געוואלט נאָר זיצן באַזונדער און אָפּגעצוימט פון די איבעריקע און מען האָט זיי אָפּגעטיילט מיט א הילצערן געפארבט ווענטל.

די רשימה פון די יידישע געוואנט־פאַבריקן אין ביאַליסטאָק און אומגעגנט מיט דער בערכדיקער צאָל יידישע ארבעטער און ארבעטערנס, וואָס זיינען באשעפטיקט אויף די דאָזיקע פאַבריקן:

1) די פאַבריק פון קופּעץ האַלבערשטאַם באַשעפטיקט אינגאנצן 145 מענשן; פון זיי 15 יידישע אַרבעטער (דריי מייסטער) און 18 יידישע ארבעטערנס.

2) די פאַבריק פון קופּעץ ראַטנער — 25 יידישע ארבעטער און ארבעטערנס.

3) די פאַבריק פון קופּעץ קאַפּלאַן — 30 יידישע אַרבעטער און 15 יידישע אַרבעטערנס.

4) די פאַבריק פון קופּעץ גאָלדבערג — 40 יידישע ארבעטער און 15 יידישע אַרבעטערנס.

5) די פאַבריק פון מ. זאַבלודאָווסקי — 15 יידישע ארבעטער און ארבעטערנס.

6) די פאַבריק פון ד. מ. זאַבלודאָווסקי — 20 יידישע ארבעטער און אר־בעטערנס.

7) די פאַבריק פון די קופּצעס האַלפּערן — 15 יידישע ארבעטערנס*).

די דאָזיקע אלע פאַבריקן האָבן דאַמף־מאַשינעס. אויף די פאבריקן פון איזמער־זאָן, פּרייסמאַן, קאַסאָווסקי, מארגולים, וויסאָצקי, סוראַזשסקי, שאַצקי, שטיין און אַנדערע יידישע פאבריקן אין שטאט גופא ארבעטן מער פון 150 יידישע ארבעטער און ארבעטערנס, באַם אויסלענדער גאַזבאַך, א דייטש, ארבעטן 80 אַרבעטער, פון זיי 10 יידן.

7, 8 און 10 ווערסט פון ביאַליסטאַק: אין וואַסילקאָוו א גרויסע פאַבריק פון ביאַליסטאָקער קופּעץ באַראַש, ווו ס׳ארבעטן ביז 50 יידישע ארבעטער און ארבע־טערנס. דאָרטן זשע זיינען פאראן נאָך עטליכע יידישע פאבריקן מיט יידישע אר־בעטער און ארבעטערנס. לעבן וואַסילקאָוו דריי גרויסע פאַבריקן, דהיינו: פון קופּעץ הירשהאָרן מיט וואַסער־קראַפט, פון זילבערשטיין אויך מיט וואסער־קראפט און פון מיכל זאַבלודאָווסקי מיט וואַסער־קראפט און מיט א דאַמף־מאשין. אויף די דאָזיקע דריי פאבריקן ארבעטן ביז 80 יידישע ארבעטער און ארבעטערנס. אין שטעטל זאַבלודאָווע, 15 ווערסט פון ביאַליסטאָק, האָבן יידן פלאנעל־פאבריקן, ווו ס׳ארבעטן 100 יידישע ארבעטער און ארבעטערנס. אין גאָראָדאָק 5 יידישע פאַבריקן, ווו עס אַרבעטן ביז 200 יידישע ארבעטער און ארבעטערנס. אין קרינקי פארנעמען זיך מיט געוואנט־פאַבריקאַציע ביז 400 יידישע מענער און פרויען. אין די פאבריקן פון

*) וויפיל ס׳זיינען פארנומען אויף די אלע פאַבריקן אויסלענדישע ארבעטער, איז מיר גיט באַקאַנט.

דער קאָלאָניע מיכאַילאָווע, 36 ווערסט פון ביאַליסטאָק, געגרינדעט דורך אויסלענ־דער, אַרבעטן ביז 200 יידישע מענער און פרויען. אין שטעטל טיכאָנאָוויעץ, ווו די געוואנט־פאַבריקאציע איז איינגעפירט פון אויסלענדער, זיינען כמעט אלע וועבער יידן און א סך יידן ארבעטן אויך אויף די פאַבריקן. אין שטעטל קנישין זיינען פאראן צוויי יידישע פאַבריקן מיט וואסער־קראַפט און דאמף־קראַפט און אויף זיי ארבעטן אויסשליסליך יידן. אין דער אומגעגנט פון ביאַליסטאָק זיינען פאראן 15 געוואנט־פאַבריקן, ווו ס'ארבעטן אי אלס מייסטערס, אי אלס ארבעטער אויסשליסליך יידן.

חוץ דעם זיינען נאך פאראן אין סלאָנימער און וואָלקאָווישקער קרייזן יידישע פאַבריקן פון גאנץ באַדייטנדיקער גרויס, דהיינו: אין רוזשאַנע — 5 גרויסע פאבריקן; אין קאָסאָווע — 1, אויך א גרויסע; אין וואָלקאָוויסק — 2; אין ביטלען — 1 — צוזאַמען 9 פאבריקן גרויסע, ווו די מייסטערס און די ארבעטער זיינען יידן און נאָר די שוואַרץ־ארבעטער זיינען פויערים. אלע פרויען־ארבעטן ווערן געמאכט אויסשליסליך פון יידישקעס".

מיר האָבן געבראַכט אזוי אויספירליך דעם דאָזיקן ווייניק באַקאַנטן מאַטעריאַל, מחמת ער וואַרפט נאָר א נייעם ליכט אויפן אָנטייל פון יידישן ארבעטער אין דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע. און אויב דער דאָזיקער מאטעריאל זאָל זיך באשטעטיקן, וועלן דערמיט אויך דערוויזן ווערן אונזערע הנחות, אז אין ערטער מיט א שוואך אנטוויקלטער היים־אינדוסטריע האָבן זיך יידן מער געריסן צו דער אויפגעקומענער אינדוסטריע און, שנית, אז די אמעריקאנער עמיגראציע האָט געשפילט א קאָלאָסאַלע ראָלע אין אָפציען די יידישע ארבעטער פון דער פאבריק, ווו אין די ערשטע יאָרן זיינען די ארבעט־באַדינגונגען געווען זעהר שווערע און די ארבעט האָט זיך שלעכט באַצאָלט.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויספירליך אויף דער אנטוויקלונג פון דער יידישער ארבעט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע פון ביאַליסטאָק און זיין ראַיאָן. מיר וועלן זיך אין קורצן אָפּשטעלן נאָר אויף ביאַליסטאָק. מיר רעכענען, אז די דאַטן וועגן ביאַליסטאָק פאַרדינען אויך מער צוטרוי. לויט די דאַטן פון ציטירטן קאָרעס־פאָנדענט קומט אויס, אז אין 1868 זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע 368 יידישע ארבעטער; אין 1887־טן יאָר האָט טובאָטין („איז דער יידישער טשערטא") אָנגעציילט 1266 יידישע ארבעטער אין דער טעקסטיל־אינ־דוסטריע פון ביאַליסטאָק. לויט דער אנקעטע פון יק"א אין 1898, זיינען געווען יידישע ארבעטער אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע פון צוויי ביז דריי טויזנט. צו דער דאָזיקער צייט הויבט זיך אָן די מעכאַניזאַציע פון דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל־אינדוסטריע און די יידישע האנטוועבער ווערן מאסנווייז ארויסגעשטויסן. ס'שאַפט זיך א טראַדיציע, אז באַ מעכאנישער ארבעט דאַרפן ארבעטן ניט־יידן. אין 1904 זיינען געווען אין ביאַליסטאָק סך־הכל 54 יידישע מעכאנישע וועבער*), אָבער ס'זיינען נאָך דעמאלט געווען א סך האנטשטולן, באַ וועלכע ס'האָבן געאר־בעט יידן. באַ יידן זיינען געווען אין 1903־טן יאָר 1300 האנטשטולן (700 אין די

*) א. זיסקינד, פון ביאַליסטאָקער אַרבעטער־לעבן אין זאַמלבוך „פראגן פון לעבן" 1912, נר. 2—3, ז. 113.

יידישע פאבריקן און 600 בײַ די לוינקעמניקעס)*). אין 1912 זיינען געווען אין ביאַליסטאָק אין די פאַבריקן אינגאנצן מעכאנישע שטולן — 1116; פון זיי אין די יידישע פאבריקן — 741. יידישע מעכאנישע וועבער-ארבעטער זיינען געווען 445 — 40 פּראָצענט פון אלע מעכאנישע וועבער און 60 פּראָצענט פון אלע מעכאנישע וועבער אין די יידישע פאבריקן**). חוץ דעם זיינען געווען 300 מעכאַנישע שטולן בײַ יידישע לוינקעטניקעס. צוזאמען קאָן מען, בכן, רעכענען בײַ 750 יידישע מעכאנישע וועבער (ארבעטער און לוינקעטניקעס) אין 1912. אין 1927 זיינען געווען רעגיסטרירטע אין דער יידישער פיליע פון טעקסטיל-פאראיין 425 יידישע וועבער און חוץ דעם זיינען געווען פארנומען דורך די לוינקעמניקעס ביז 400 מעכאנישע שטולן — צוזאמען, הייסט עס, זיינען געווען פארנומען בײַ מעכאנישער וועבעריי בײַ 1000 יידן. די יידישע וועבער-ארבעטער האָבן אויסגעמאכט ניט ווייניקער פון א העלפט פון אלע מעכאנישע וועבער-ארבעטער אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל-אינדוסטריע.

מיר וועלן געוויס זיין גאָר נאָענט צום אמת, ווען מיר וועלן אָננעמען, אז די צאָל יידישע וועבער-ארבעטער אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל-אינדוסטריע האָט זיך פאר דער צייט פון נאָך דער מלחמה ניט פארקלענערט, הגם די אינדוסטריע איז באַדייטנדיק געפאלן. דאָס דערקלערט זיך, ראשית, מיט דעם, וואס ליקווידירט האָבן זיך דער עיקר קריסטליכע גרויסע פאבריקן, ווו ס'האָבן געארבעט אויסשליסליך ניט-יידישע ארבעטער; צווייטנס, האָבן די קריסטליכע ארבעטער בשעת מלחמה און בשעת קריזיס פון 1925-טן יאָר מאַסנוויז פארלאָזט די שטאט און זיך אומגעקערט אין דאָרף אריין, ווען די יידישע ארבעטער זיינען געווען געצוווּנגען צו בלייבן אין שטאָט, זיך מוטשען און אויסוואַרטן, זיך ווארפן אויף צייטווייליקע זייטיקע פרנסות, אַרבעטן בײַ א לוינקעטניק, אָבער אַלץ ארויסקוקן אויפן פלאַץ אין דער פאבריק און אים פארכאַפּן בײַ דער ערשטער מעגליכקייט. אויך ניט ווייניק יידישע ארבעטער פון ביאַליסטאָק האָבן די שטאט פארלאָזט: מ'האָט עמיגרירט קיין רומעניע, ווהין אייניקע פאַבריקן האָבן זיך אריבערגעטראָגן; קיין רוסלאנד, קיין ארגענטינע, אָבער דאָך איז די צאָל יידישע ארבעטער אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע אַבסאָלוט ניט געפאלן און רעלאַטיוו איז זי געוויס געוואַקסן.

חוץ יידישע וועבער זיינען נאָך געווען יידישע ארבעטער אדער ארבעטערנס (1927), רעגיסטרירטע אין יידישן פּראָפעסיאָנעלן פאראיין:

| | |
|---|---|
| 1) נופּערקעס . . . . . . . . | 117 |
| 2) סאָרטירערקעס פון שמאטעס . | 80 |
| 3) שפּולערקעס . . . . . . . | 66 |
| 4) שנעלערקעס . . . . . . . | 24 |
| 5) שערערקעס . . . . . . . | 71 |
| 6) פארשיידענע . . . . . . . | 105 |
| סך-הכל . . . . . . . . | 463 |

*) דאָרטן ז. 112.

**) דאָרטן ז. 113.

רעגיסטרירטע יידישע ארבעטער און ארבעטערנס זיינען געווען אין 1927 בערך 900 און ניט מען צו 400 לוינקעטניקעס, באַקומט מען א צאָל פון בערך 1300 יידישע באַשעפטיקטע ארבעט-קרעפטן אין דער ביאַליסטאָקער טעקסטיל-אינדוסטריע. לויט דער אנקעטע פון „דזשאָינט“, איז געווען אין 1921-טן יאָר יידישע לוין-נעמער אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע אין ביאַליסטאָק 1400, וואָס האָבן אויסגעמאכט 32 פּראָצ. פון אלע באַשעפטיקטע אין די יידישע פאַבריקן. אין 1928-טן יאָר זיינען געווען פארנומען, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, 3975 ארבעטער אין דער ביאליסטאָקער טעקסטיל-אינדוסטריע. אויב פון דער צאָל מאכן די יידן אויס 32,7 פּראָצענט (1300 פון 3975), קומט אויס, אז זיי האָבן זייער פּאָזיציע ניט אָפּגעשוואכט פאר די לעצטע יאָרן. אין דער ווירקליכקייט אָבער געווים אביסל פארשטארקט, ווייל מיר האָבן דאָך געבראַכט נאָר די צאָל יידישע רעגיסטרירטע אַרבעטער אין פּראָפעסיאָנעלן פאראיין. געווים זיינען געווען מינימום 20 — 25 פּראָצענט יידישע ארבעטער ניט רעגיסטרירט, ד. ה. בערך נאָך א פאָר הונדערט יידישע ארבעטער.

לאָמיר זיך אביסל באַקענען מיט אייניקע לעבעדיקע טיפּן פון יידישע ארבעטער אין ביאַליסטאָק.

אָט שטייט פאר מיר א וועבער פון 64 יאָר. ער ארבעט בײַ טרילינגען אויף דער פאַבריק — א גאנצער עטאַזש מיט העכער 50 שטולן איז פארנומען אויסשליסליך מיט יידישע ארבעטער און ארבעטערנס. דער צווייטער עטאַזש איז פארנומען אויסשליסליך מיט קריסטליכע ארבעטער און ארבעטערנס. יעדער עטאַזש איז פארפעסטיקט בײַ א נאַציאָנאַלער גרופּע — ווערט פריי א שטול אויפן „יידישן“ עטאַזש, פארנעמט דעם פּלאַץ א יידישער וועבער און דאָס אייגענע אויפן „ניט-יידישן“ עטאַזש.

דער 64-יאָריקער וועבער-זקן מיט א פּאטריארכאליש-שיינער באָרד, מיט א הדרת-פּנים גאָר ניט פון קיין ארבעטער, שטייט בײַ א וועב-שטול שוין 49 יאָר. ער וועבט און וועבט און בלייבט א קבצן. זיינע עלטערן האָבן געהאט א טאבאק-פאַבריקל. ער האָט געאַרבעט אין פאבריקל פון 13 ביז 15 יאָר. ביז 13 יאָר געלערנט אין חדר און נאָך איצט האקט דער אלטער אריין א פסוק און א מימרא, אז מען פּילט, אז ער האָט זיין גאנץ לעבן זיך ניט אָפּגעריסן פון א יידישן ספר. צו 15 יאָר איז ער געוואָרן א וועבער און האָט גלייך גענומען פארדינען 6 רובל א וואָך. דעמאָלט איז געווען א צייט, ווען ביאַליסטאָק האָט געזוכט וועבער, ווען די אינדוסטריע האָט געהאלטן אין איין וואקסן. פון די ארומיקע שטעטלעך זיינען געלאָפן בחורימלעך, קינדער פון פיינע משפחות, פון באַלעבאַטישע הייזער, פון קרעמער, פון סוחרים און אויך פון כלי-קודש און פלעגן זיך לערנען וועבעריי. איינצלנע האָבן זיך ארויפגעארבעט און געוואָרן פאַבריקאנטן; הונדערטער זיינען געבליבן ארבעטער. ס'האָט געצויגן די יוגנט אין שטאָט אריין, אין די פאַבריקן — פטור פון בייזן טאטן, פון שטרענגען מלמד און דערצו פארדינט מען אליין געלט און מען לעבט א זעלבשטענדיק לעבן. נאָך איצט צינדט זיך אָן א פייערל אין די אויגן פונם זקן, ווען ער דערציילט, ווי צו דרייצן יאָר האָט ער שוין פאַרלאָזט דעם חדר מיטן בייזן רבין און מיטן רימענדיקן קאנטשוק און צו 15 יאָר פארלאָזט אויך טאטע-מאמע און אָנגעהויבן לעבן א פריי לעבן. מען פּילט אין זיין דערציילן, ווי ענג, ביז דערשטיקט צו ווערן, ס'איז געווען אין דער אַלטער יידישער פאַמיליע און אינם אלטן חדר. מיט א באַזונדער גאוה און שטאָלץ

דערציילט דער גרויער וועבער, ווי אין יאָר 1906, ווען זיין באַלעבאָס האָט ארויסגע-
וואָרפן די האַנטשטולן און מיט זיי צוזאמען געוואלט אויך ארויסוואַרפן די יידישע
ארבעטער, האָבן די לעצטע זיך פארבאריקאדירט אין פאבריק און דערקלערט: „נאָר
איבער אונזערע טויטע קערפּערס וועלן די קריסטליכע ארבעטער צוקומען צו די מע-
כאַנישע שטולן". „מער ווי 25 יאָר בין איך געשטאנען אויף מיין פּלאַץ באַם האַנט-
שטול, די בעסטע יאָרן אוועקגעגעבן, און איצט נאָר וויל מען מיך ארויסוואַרפן! ניין,
בלוט האָט זיך געגאסן און מיר האָבן איינגעפירט".

דער אלטיטשקער האָט זעקס קינדער. אלע ארבעטן. ווער ס'איז געוואָרן א סטאָ-
לער, ווער א וועבער און צוויי מיידלעך זיינען נייטארקעס. נאָר איין זון, וואָס איז
צוריק מיט אכט יאָר אוועק קיין מעקסיקע, האָט זיך גענומען צו פּעדלעריי, אָבער
דער אלטער גלויבט, אז ווי באַלד ער וועט אביסל זיך באקענען מיטן לאנד, וועט ער
זיך נעמען פאר זיין פאך — סטאָלעריי און וועט ניט בלייבן באַ דער מיאוסער פּעדלער-
פרנסה. רעדנדיק מיטן דאַזיקן פּאַטריאַרכאַלן יידישן וועבער, פילט מען, אַז אָט דאָ ווערט
געשאפן יידישע ארבעט-טראַדיציע, אָט דאָ ווערט ארבעט איינגעוואָרצלט און טייער,
אָט דאָ ווערט איבערגעריסן די יחוס-קייט פונם האנדלען און וואנדלען און פון „תורה
איז די בעסטע סחורה".

אָט זיינען מיר אין שטוב באַ אַ לוינקעטניק. ער זיצט באַם טיש און לייענט
סענקעוויטשן אויף יידיש. ער זיצט אין א קליינעם צימער; אין איין ווינקל
אַ פּליטע אויף צו קאָכן; אין מיטן צימער א טיש; ארום טיש פיר איינפאכע לאנגע
בענק. אויף דער וואַנט צוויי בילדער — ד"ר הערצלס און מעדעמס. באַם פענסטער
הענגען אַ פּאָר תפלין. אין צווייטן צימערל שטייען נאָר צוויי בעטן, זיי פארפולן דאָס
גאַנצע צימערל: צום צווייטן בעט מוז מען קריכן איבערן ערשטן בעט, וואָס שטייט
האַרט באַ דער טיר, ריכטיקער באַם לאָך, ווייל קיין טיר איז נישטא. דער וועבער איז
איצט אלט 57 יאָר. די עלטערן האָבן געוווינט אין אַ דאָרף, געהאט א שענק און גע-
האַנדלט מיט תבואה. ער אליין האָט אין די יונגע יאָרן געלערנט אין א ישיבה, גע-
קאָנט גאַניץ גוט גמרא, אָבער נאָכדעם, ווי מען האָט דעם פאָטער רואינירט, צוגענומען
באַ אים דעם שענק, איז ער געצוווּנגען געווען זיך נעמען פאר ארבעט. ער איז געוואָרן
א וועבער, ווי א סך יידישע יונגעלייט. ער האָט זיך ארויפגעארבעט און פאר דער
מלחמה האָט ער שוין געהאט 5 אייגענע שטולן און געהאלטן דריי פרעמדע ארבעטער.

די מלחמה האָט אים רואינירט. מען האָט אים גענומען אין דער ארמיי; ער איז
אנטלאָפן, געהאט צרות, געליטן גלות און סוף כל סוף זיך ארויסגעדרייט א לעבעדיקער
און נאָך א סך וואַגלענישן און מאַטערנישן זיך דערשלאָגן צוריק קיין ביאַליסטאָק,
צו דער פאמיליע. ער האָט געמוזט אָנהויבן פון דאָס ניי. ער האָט זיך אויסגעלערנט
מעכאנישע וועבעריי, אָבער פונם דלות איז שווער פטור צו ווערן, ער האַלט פעסט אין
קלעם. ער האָט געהאט ארבעט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1925 . . . . . . | 3½ | חודש |
| " " | 1926 . . . . . . | 4½ | " |
| " " | 1927 . . . . . . | 4 | חדשים |
| " " | 1928 . . . . . . | 5 | " |
| " " | 1929 . . . . . . | 3 | " |

אָנהויב 1930 איז ער געווען אַרבעטלאָז שוין מער ווי אַ האַלב יאָר, און דערצו ליגט זיין פרוי קראַנק און אויף איר קרענק גייען אַוועק די לעצטע גראָשנס.

אין שטוב איז נאַס און קאַלט. אַז ער האָט אַרבעט אַלע זעקס טעג אין וואָך, פאַרדינט ער 42 זלאָטעס אַ וואָך. אַלס אַרבעטלאָזער באַקומט ער רעגירונגס־אונטער־שטיצונג 12 זלאָטעס אַ וואָך, אָבער מען האָט אים אַראָפּגענומען פון דער ליסטע, ווייל ער האָט קינדער, וואָס פאַרדינען. ער האָט פיר זין — איינער איז אַ העברעאישער לערער, אַ געוועזענער ציוניסט, געווען אין ארץ־ישראל עטליכע יאָר און געקומען צוריק אַן אַנטוישטער. דער צווייטער זון איז אַ סטאָלער, אַ קאָמוניסט. דער דריטער אַן אָנגע־שטעלטער אין אַ געשעפט און דער פערטער לערנט זיך ערשט אַ מלאכה. די לעצטע צוויי זיינען בונדיסטן.

אַלע קינדער זיינען פלייסיקע לייענער פון ביכער און צייטונגען. דאַוועגען דאַוונט נאָר דער פאָטער; די קינדער ניט. אָן בעס און אָן פאַרדרוס דערציילט דאָס דער פאָטער, און מען באַקומט דעם איינדרוק, אַז ער אַליין איז אויך ניט פרום, נאָר דאַוונט פון געוויינהייט. דערפאַר לייענט ער אַ סך ביכער, שוין דורכגעלייענט ניט נאָר אַלע יידישע שרייבער, נאָר אויך אַלץ פון טאָלסטאָי און זאָלאַ, וואָס ס'איז נאָר דאָ אין יידיש. דער דלות און די איבערגעלעבטע צרות האָבן דעם דאָזיקן אין תוך אינטעלי־גענטן מענטשן געמאַכט אַביסל פאַרגרעבט; זיין אָפּגעלאָזט אויסזען באַהאַלט זיין אינע־ווייניקסטע אינטעליגענץ.

און אָט זיינען מיר אין אַ צווייטער וווינונג פון אַ וועבער. דער איז שוין אַ וועבער בן וועבער. זיין פאָטער האָט נאָך געאַרבעט באַ וועבעריי; ער איז שוין אויס־געוואַקסן באַם האַנטשטול פון זיין פאָטער. דער זיידע איז געווען אַ מלמד אין אַ נאָענט קליין שטעטל, אַ ייד אַ למדן געווען, וואָס האָט געקנעלט ביז 75 יאָר און האָט „אויפגעשטעלט אַ סך תלמידי־חכמים". דער אַלטער האָט געוואָלט באַם זון, דעם וועבער אויסנאַרן דאָס אייניקל און אים מאַכן פאַר דעם, אויף וועלכן ער זאָל קאָנען זאָגן: „זה חלקי מכל עמלי". אָבער דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. דאָס אייניקל איז צו 14 יאָר אַנטלאָפן פון דער גמרא צום וועבשטול. ס'איז געווען אַ צייט, ווען וועבער האָבן גוט פאַרדינט און ס'האָט אים געצויגן אין פאַבריק אַריין. ער האָט געאַרבעט אין איין פאַבריק 20 יאָר; דורכגעלעבט אַן אינ־טענסיוו פּאָליטיש לעבן און ס'טוט אים ניט באַנג, וואָס ער האָט פאַרלאָזט די גמרא. פון דער גמרא איז אים אויך ווייניק געבליבן און חוץ אַ יידישער צייטונג לייענט ער נאָר ניט. צוריק מיט פיר יאָר איז די פאַבריק, וווּ ער האָט געאַרבעט 20 יאָר, אַרי־בערגעפירט געוואָרן קיין רומעניע. ער האָט ניט געוואָלט מיטפאָרן און איז צוויי יאָר אַרומגעגאַנגען ליידיק. אַ גליק, וואָס זיין פרוי איז אַ נייטאָרן און פאַרדינט 15 זלאָטעס אַ וואָך. אין יאָר 1928 און אין דער ערשטער העלפט 1929 געהאַט אַרבעט און זיך אַביסל אָנגעגעסן צו זאַט. נאָר שוין פיר מיט אַ האַלבן חודש גייט ער אַרום ליידיק.

די צוויי קינדער זיינען אין תלמוד־תורה. דאָס מוז מען. מען קאָן ניט לאָזן קיין יינגלעך אָן אַ שול. אין שטוב, אין ווינקל, זיצט דעם ווייבס אַלטע מוטער — 70 יאָר אַלט. דאַר, בלייך, אַ פאַרמעט־פּנים, מער טויט ווי לעבעדיק, אויף דריי פערטל שוין אין די הענט פון מלאך־המות. זי קרעכצט, נאָר זי קרעכצט ניט מיט קיין געוויינליכן

קרעכץ, נאָר מיט עפּעס א געדיכטן שווערן בויך־טיפן קרעכץ. איר קרעכצן פאַרשטאַרקט די מרה־שחורה, וואָס הענגט איבער דער שטוב. אויף די ווענט הענגען דריי פּושקעס: פאַר ר׳ מאיר בעל־נס, פאַר דער תלמוד־תורה און פאַר דער נאָוואָהאָראָדקער ישיבה. דאָס האָט די אַלטע מיט זיך געבראַכט אין שטוב אריין.

און אָט בין איך אין א שטוב, ווו איך טרעף א מאַטן מיט א זון, ביידע אינטערעסאַנטע טיפּן. ביידע זיינען וועבער, ביידע פון ישיבה געקומען און געבליבן עד־היום בני־תורה, מענשן, וואָס לייענען און טראַכטן, וואָס לעבן אַן אינטענסיוו גייסטיק לעבן. דער פאָטער האָט ביז 20 יאָר געלערנט אין ישיבה. אָבער פון גמרא האָט מען ניט געקאָנט אָנלייגן קאַרטאָפל אין טעפּל, ווי ער דריקט זיך אויס, און ער איז געוואָרן א וועבער. די וועבעריי האָט זיך תמיד גערעכנט אין ביאַליסטאָק פאַר אַן אריסטאָקראַטישער ארבעט. דער זון האָט אויך געלערנט אין ישיבה, שוין נאָר ביז 15 יאָר און איז אויך געוואָרן א וועבער. ער איז א גוטער קענער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור און רייט איבער פּרצעס ווערטער, אז וואָס גרעסער דער סוחר, אַלץ קלענער דער ייד: „וואָס מער ארבעט, אַלץ ווייניקער ישיבה”. דער זון איז שוין אויך אַלט 39 יאָר און איז שוין 24 יאָר אַן ארבעטער, ניט נאָר קיין וועבער, נאָר אויך א סטאָלער. ער איז שוין געווען אין ארץ־ישראל, און פאַרן פאָרן אַהין האָט ער זיך אויסגעלערנט סטאָלעריי, ווייל מיט וועבעריי קאָן מען דאָרטן ניט פאַרדינען.

א אומרואיקער רעוואָלוציאָנערער גייסט. געווען א מינסקער פּועלי־ציון, נאכדעם א ציוניסט־סאָציאַליסט, שפּעטער א רעכטער פּועלי־ציון און נאָכדעם נאָך א לינקער פּועלי־ציון. איצט איז ער נאָר אָן א פּאַרטיי־גאָט, פאַריאושט און פאַרצווייפלט. דעם „בונד” האָט ער פיינט בתכלית השנאה — צו פראָסט, צו פּשוט גייט דער „בונד” צו צו די באַרג־פּראָבלעמען, וואָס אונטער זייער שווערער משא איז ער געפאַלן; צו גרינג בינדט ער איבער ווונדן, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע, וואָס יאַטערן אזוי און טריפן אזוי מיט בלוט. ער וויל תורה, חקירה, טיפע טעאָריעס און דער עיקר ברייטע נאַציאָנאַלע פּערספּעקטיוון, זיכערע נאַציאָנאַלע אויסזיכטן. ער וויל ראטעווען און ניט לאַטען, אויסהיילן און ניט איבערבינדן אָן אַן עק; ער וויל זען פאַר זיך א זיכערן און קלאָרן וועג און ניט פאַרלאָזן זיך אויף ניסים — אָדער יידן וועלן בלייבן א פאָלק מיט אַן אייגענער קולטור אָדער נישט. מיט גאַל רעדט ער וועגן נאַציאָנאַלן נייטראַליזם און מיט א געוואַלטיקן פאַרדרוס וועגן דער גאנצער געוועזענער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך באַרואיקט, ארויסגעוואָרפן גטווייליק א צוים אויף די אמאָליקע מאַקסימאַלע אַפּעטיטן און שטרעבונגען. איצט שטייט ער אָן א זייט פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג, בלאָזט זיך און איז ברוגז און לאָזט אויס זיין כעס צום „בונד”, וואָס וויל כלומרשט ניט וויסן פון באַזונדערע ספּעציפישע יידישע פראגן און פּראָבלעמען.

אויפן וועג פון טרילינגס פאבריק צו די גאַסן פון דער יידישער אָרימקייט האָב איך זיך אריינגעכאַפּט אין א ווארשטאט פון יידישע לוינקעטניקעס. אין ווארשטאט זיינען געווען א 20 וועבשטולן, וואָס האָבן געהערט צו 15 מענשן, ווייל 5 לוינקעטניקעס האָבן געהאט צו צוויי שטולן און האָבן פאַרדינגען די שטולן צו אנדערע. מען האָט אָפּגעשטעלט די ארבעט און מען האָט מיך ארומגערינגלט. איבערגעבן די רייד

פון די מענשן איז אומעגליך: דאָס איז געווען אזא פארצווייפלטער יאָמער, אזא האַרצ-
רייסנדיקע קלאָג, אז איך ביז אוועק פון דאָרטן שרעקליך א צעבראָכענער. אָט רעדט
אַ בחורל פון 18 יאָר: קיין אויגן זעט מען כמעט ניט; נידעריק, דאַר, קליין, בכלל
עפעס גאָר קיין קערפער ניט; אויפן קאָפ שיטערע רויטע האָר; ער ארבעט אויף א
געדונגענעם שטול, פארדינט 25 זלאָטעס א וואָך; 10 זלאָטעס באַצאָלט ער דעם באַלע-
באָס פון שטול און 15 בלייבט אים צום לעבן; ארבעט 16 און 17 שעה אין מעת-
לעת און איז גליקליך, אז ס'איז כאָטש פאַראַן ארבעט; אָבער ארבעט איז דאָ העכסטנס
א האַלב יאָר — און דאָס צווייטע האַלבע יאָר? אויף דער דאָזיקער קשיא איז קיין
ענטפער ניט געווען. אָט שטייט א הויכער ייד, 38 יאָר אַלט, אָבער האָט שוין א סך
גרויע האָר; א פנים פון אַן ענערגישן, פעאיקן מענשן — ער רעדט אָפגעהאַקטע ווער-
טער: מען ליגט אין גרוב; מען באַגראָבט זיך אליין; מען לויפט איינער פארן אַנ-
דערן צום פאַבריקאַנט, מען לאָזט אַראָפ פון די פרייזן און מען דערלייגט מיט בלוט —
מען ארבעט מער מיט א שעה, מער מיט צוויי שעה און מער מיט דריי שעה; ארבעט
איך 15 שעה, ארבעט דער צווייטער 16 שעה אין מעת-לעת און קומט דער דריטער
און ארבעט 17 שעה אין מעת-לעת און לאָזט נאָך ביליקער; אזוי טרייבן מיר זיך אליין
אין קבר אריין און קיינער איז נישט שולדיק, ווייל אלע זיינען הונגעריק און אלע האָבן
קינדער אין דער היים; איך האָב פינף פיצלעך און ער, וואָס ארבעט לעבן מיין שטול,
האָט שוין זעקס קינדער, ווי זשע קאָנען מיר טראַכטן וועגן תכלית, וועגן געזונט, וועגן
עקספלאָטאַציע, און וועגן אָרגאַניזאַציע און נאָך וועגן אזעלכע גוטע זאַכן? און אָט
רעדט א דריטער — אן עלטערער ייד, עטליכע זעכציק יאָר, איבער פערציק יאָר
געאַרבעט בא אַ האַנטשטול, שוין עטליכע יאָר ארבעט ער בא א מעכאנישן וועב-
שטול, אן איינזאמער זקן, דאָס ווייב שוין לאנג באגראָבן, די קינדער צעזייט און צע-
וואָרפן איבער דער גאָרער וועלט: צוויי זין אין רוסלאנד, וואָס האָבן גאָר פארגעסן אָן
אַלטן טאַטן, איינער אין ניו-יאָרק דערמאָנט זיך איין מאָל אין א יובל און וואַרפט
עפעס צו און איינער, דער ייִנגסטער, אין מעקסיקע, נאָר פון אים זיינען דערווייל קיין
גוטע בשורות ניטאָ; איז דער אלטער דוקא צופרידן, וואָס אויף דער עלטער איז אים
דאָך געבליבן פון עטליכע און 50 יאָר האָרעוואַניע אַן אייגענער קאַפּיטאַל, אַן אייגע-
נער מעכאנישער וועבשטול, אויף וועלכן צענדליקער זיינס גלייכן זיינען אים מקנא,
אָבער ארבעט, ארבעט, ווו נעמט ארבעט כאָטש זעקס חדשים אין יאָר? און אין
דער זייט, שטיל און נידערגעשלאָגן, אָפגעשטופט פון מער באַרעדעוודיקן עולם,
שטייט א טיפ, וואָס מאַכט דעם איינדרוק בכלל פון א מענשן אָן עלנבויגנס, אַן אָפ-
געשטופטער פון לעבן, אַן אונטערגעגעבענער דעם גורל אָן פראָטעסט און אָן פאר-
דרוס — ער שווייגט, אָבער זיין שווייגן פאראינטערעסירט און אינטערעסירט, איך ווער
געוואָר, אז דאָס איז געווען א וויל-לערנער, א ייִדענער יונגערמאַן און פון גאָר א
באַלעבאַטישער משפחה; די מלחמה האָט אים, א יונגענמאַן פון עטליכע און צוואַנ-
ציק יאָר, געמאַכט פאר א נע-ונדניק; די עלטערן זיינען ערגיץ אין רוסלאנד געבליבן
שטעקן אין די ווייטע מקומות, וווהין היימלאָזע זיינען פארשיקט געווארן נאָך אָנהויב
מלחמה; ברידער און שוועסטער האָט ער ערגיץ, ער האָט אָבער ניט קיין שום פאר-
בינדונגען און קיין שום אדרעסן, און ער ווייסט ניט, ווער ס'איז לעבן געבליבן און ווער
ס'איז איינגעשלונגען געווארן פון דער מלחמה, פון די פאָגראָמען, פון דער רעוואָלו-

ציע, פונם טעראָר, פונם הונגער, פון די עפּידעמיעס און פון טויזנטער אנדערע מלאכי־חבלה, וואָס האָבן זיך די לעצטע יאָרן געיאָגט נאָכן מענשן און באַזונדערס נאָכן יידן – ער אליין איז א גראָדנער, בשעת מלחמה פרייוויליק געלאָפן קיין רוסלאנד; אין יאָר 1920, בשעתן הונגער אין רוסלאנד, האָט ער זיך דורכגעריסן דורכן גרעניץ, געווען ניט איין מאָל אין די נעגל פון מלאך־המות, נאר מיט נסים זיך ארויסגעריסן און זיך דערשלעפּט ביז ביאַליסטאָק און דאָ זיך אויסגעלערנט וועבעריי און ארבעט אויף א פרעמדן וועבשטול און פארדינט 15 זלאָטעס א וואך, און לעבט אַבסאָלוט איינזאם און שווייגט תמיד.

העכער א שעה האָב איך פארבראכט מיט די דאזיקע קנעכט שבקנעכט, אביונים שבאביונים אין דער ארבעטערשאפט – און ממש א ים פון צרות און קלאָגן האָב איך אין זיך איינגעזאַפּט. דאָס איז געווען אָנהויב 1927; חוץ יאוש און פארצווייפלונג, געוואַלטיקער מרה־שחורה און דערשלאָגנקייט האָב איך ניט געפונען אינם דאָזיקן טייל ביאַליסטאָקער אַרבעטערשאפט. דעמאָלט זיינען געווען פון 300 ביז 400 לוינקעטניקעס. אָנהויב 1930 בין איך נאָך אמאל געווען אין ביאַליסטאָק – די צאָל לוינקעטניקעס האָט שוין אריבערגעיאָגט די פינף מאות, ווייל דער קריזיס וואַרפט אליץ מער און מער ארויס מענשן אין גאס, און ווער ס׳קאָן ניט עמיגרירן און ניט זיך שטעלן אין מארק, כאַפּט זיך שאפן אן אייגענעם שטול און ווערן א לוינקעטניק, וואָרום אָפט טרעפט, אז וואָס גרעסער דער קריזיס, ווען די פאַבריקן שטייען שטיל, אליץ גרעסער די האָפענונג פון לוינקעטניק באַקומען ארבעט. אויפן אָרט פון האַלטן אָפן די פאַבריק, לוינט בעסער דעם פאבריקאנט דאָס ביסל סחורה, וואָס ער האָט נויטיק, לאָזן מאכן בא די לוינקעטניקעס. אָבער די שטימונג בא די לעצטע האָב איך געטראָפן גאָר אן אנדערע – זיי האָבן געשאפן א שטארקע דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאציע און האָבן אויסגעקעמפט בא דער עלעקטרישער סטאַנציע ביליקערע עלעקטרישע ענערגיע, בא די פאַבריקאנטן – העכערע פרייזן פאר דער ארבעט, און דער עיקר זיי האָבן דורכגעפירט אן אכט־שעהדיקן ארבעט־טאָג און שוין דריי יאָר האָבן זיי אויסגעהאלטן און קיינער האָט ניט עובר געווען אויפן דאָזיקן פריי־וויליקן אָפּמאַך צווישן זיך.

אין דער לוינקעטניקעס־מאסע האָט זיך אריינגעריסן א גרופּע יונגע ארבעטער, וואָס זיינען דורכגעגאנגען א סאָציאַליסטיש־פּאָליטישע שול, וואָס האָבן דורכגעמאכט א לאנגען קאמף־וועג אין די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און די דאָזיקע געניטע און געשולטע קעמפער האָבן די דאזיקע דערשלאָגנסטע און אומגליקליכסטע מאסע אָרגאַניזירט פאר געמיינזאמע צוועקן.

וואָס איז דאָס אזוינס לוינקעטניקעס? זיינען דאָס היים־אַרבעטער, ווי אין א סך אנדערע בראַנזשעס? ווי די מאגאזין־שניידער און מאגאזין־שוסטער אין אלע לענדער און באַזונדערס בא יידן אומעטום? ווי די צעברעקלטע און די צעשפּליטערטע היימישע זאָקן־אינדוסטריע? מיט איין וואָרט, ווי די גאנצע שוויך־אינדוסטריע, וואָס איז אזוי גוט באַקאַנט?

געוויס האָבן די לוינקעטניקעס אלע כאראקטעריסטישע „מעלות“ פון יעדער היים־אינדוסטריע, פון יעדער שוויך־ארבעט: א לאנגען ניט קאָנטראָלירטן פון א וואָסער

ס׳ניט איז געזעצגעבונג טאָג־ארבעט; א שקלאַפן־לוין; א צעבראָקלטקייט פון דער ארבעטער־מאַסע; קיינע פארזיכערונגען, א גוואַלטיקע קאָנקורענץ צווישן זיך און מינימום אָרגאַניזירטקייט. אָבער דאָך זיינען לוינקעטניקעס עפּעס אנדערש ווי היים־ארבעטער. די לעצטע ארבעטן טאַקע אין דער היים: אין עסצימער אָדער אין שלאָפצימער; מיט ווייב און קינדער; מיט אַן ארבעטער אָדער לערניינגל. דער באַלעבאָס פון אזא ווארשטאַט, הגם ער איז באמת א שקלאַף פון מאגאזין און אין דער אמתן בא אים אַן ארבעטער, נאָך אַ מער אָפּהעניקער, ווי דער ארבעטער אין דער פאַבריק, וואָס פילט אין זיך די קראַפט פונם קאָלעקטיוו, פונם ארבעטער־ציבור, דאָך פילט ער זיך מעשה באַלעבאָס, מעשה בא זיך, מעשה זעלבשטענדיק. דער לוינקעטניק אַרבעט מערסטנטיילס טאַקע אין א פאַבריק, נאָר אין א פאַבריק פון אים זעלבסט אָרגאַניזירט און אויסגעהאַלטן. 5, 10, 20 און אפילו 50 ארבעטער דינגען א געביידע, כדי אוועקצושטעלן 5, 10, 20 אָדער 50 אייגענע וועבשטולן; זיי זאָרגן פאר אליץ, חוץ פאר רווישטאָף, וואָס אויף דעם קלעקט בא זיי ניט קיין קאַפּיטאַל. לויפט מען צום פאַבריקאַנט נאָך רווישטאָף און מען ארבעט אין א פאבריק — דאָ פעלט אַבסאָלוט די היים־אַטמאָספער, די משפּחה־אַטמאָספער און אויך די באַלעבאָס־אַטמאָספער. דעריבער איז דאָ די באַלעבאָס־אילוזיע, די זעלבשטענדיקייט־זעלבסטנאַרעריי אזוי קליין און ווייניק, און ווען זי כאַפּט זיך אויף, די דאָזיקע אילוזיע, האָט זי גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער — איר מיראַזש־גאַנג איז אזא: ווען מיר אלע, 20 אדער 30 לוינקעטניקעס, וואָס האָבן אינאיינעם א פאבריק, אַ מאָטאָר, וועבשטולן און אַן אַפּאַראַט, וואָס זאָרגט פאר דער גאנצקייט פון די שטולן און מאָטאָרן, פאר די חשבונות מיט דער עלעקטרישער סטאנציע און מיטן באַלעבאָס פון בנין א. א. וו. א. א. וו. — ווען מיר האָבן נאָך קאַפּיטאַל אויף רווישטאָף, ווערן מיר אלע צוזאמען א פאבריקאנט. טרוימט מען אמאָל וועגן קאָאָפּעראַטיוון, וועגן יידישע רייכע אָרגאַניזאציעס, וואָס זאָלן פינאנסירן אזעלכע קאָאָפּעראַטיוון, אָבער ס׳לאָזט זיך אוים מיט גאָר ניט.

ובכן, די לוינקעטניקעס זאָרגן קאָלעקטיוו מערסטנטיילס פאר א פאבריק, ווייל דער אונטערנעמער האָט ניט קיין פאבריק אָדער אויף זיין פאַבריק האָט ער ווייניק שטולן; זיי זאָרגן פאר אייגענע פּראָדוקציע־מיטלען; זיי זאָרגן פאר אויסהאַלטן די פאבריק און באַזאָרגן מיט טרייב־קראַפט די וועבשטולן; זיי באַפרייען די אונטערנעמער פון אלע סאָציאַלע געזעצן און סאָציאַלע התחיבותן; זיי פארקויפן, הייסט עס, ניט נאר זייער ארבעט־קראַפט, נאָר שטעלן אין רשות פון אונטערנעמער אויך די אלע באַדינגונגען, וואָס זיינען נויטיק, אז די ארבעט־קראַפט זאָל קאָנען קומען אין באַוועגונג, און באַדינגונגען פיל בעסערע פארן אונטערנעמער, ווי זיינע אייגענע, ווייל זיי זיינען פון דער מלוכה א סך ווייניקער באלאסטעט און א סך ווייניקער באַגרעניצט — און פאר די דאָזיקע אלע מעלות און טובות באַקומט דער לוינקעטניק דאָך א קלענערן לוין ווי דער פאַבריק־אַרבעטער.

און דערמיט טאַקע דערקלערט זיך דער וווּקס פון די לוינקעטניקעס. אין 1930 זיינען געווען בא די לוינקעטניקעס 500 שטולן, וואָס אויף זיי האָבן געארבעט ביז 600 מענשן. פון זיי 300 באַלעבאַטים פון שטולן און 300 פאמיליע־גלידער אדער אַרבעטער. די דאָזיקע 500 שטולן האָבן געאַרבעט בערך אין 65—70 לאָקאַלן:

| | | |
|---|---|---|
| 1 לאָקאַל | | – 55 שטולן |
| 3 לאָקאַלן צו | 25 | 75 " |
| 3 לאָקאַלן צו | 20 | 60 " |
| 5 לאָקאַלן צו | 10 | 50 " |
| 10 לאָקאַלן צו | 8–7 | 75 " |
| 20 לאָקאַלן צו | 5 | 100 " |
| 30–25 לאָקאַלן צו | 4–2 | 85 " |

די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעקעמפט בײַ דער עלעקטרישער סטאַנציע א קילאָוואַט ענערגיע פאַר 27 גראָשן אויפן אָרט פון די פריערדיקע 41. אָבער די לוינקעטניקעס צאָלן 33 גראָשן פאַר א קילאָוואַט, און די דאָזיקע זעקס גראָשן גייען אין דער קאַסע פון דער אָרגאַניזאַציע. חוץ דעם טראָגט יעדער מיטגליד אַרײַן א יאָר 40 זלאָטעס און צו 20 זלאָטעס פון יעדן שטול. די אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעצאָלט שטיצע אַרבעטלאָזע:

| | |
|---|---|
| אין יאָר 1927 | 50.000 זלאָטעס |
| אין יאָר 1928 | 27.000 " |
| אין יאָר 1929 | 40.000 " |

אַ באַלעבאָס פון א שטול פאַרדינט איצט פון 40 ביז 50 זלאָטעס א וואָך; אַן אַרבעטער אויף א פרעמדן שטול נאָר ביז 30 זלאָטעס א וואָך, שנעלערקעס און נופּערקעס פאַרדינען צו 10 זלאָטעס א וואָך. אַרבעט איז דאָ נאָר 5–6 חדשים אין יאָר. די 600 לוינקעטניקעס באַקומען אַרבעט בײַ 60 ביז 70 אונטערנעמער — די מערהייט האָט נאָר קיין אייגענע פאַבריקן ניט, אָבער ס'זיינען אויך דאָ פאַבריקאַנטן, וואָס גיבן אַרויס אַרבעט: בשעת סעזאָן, בשעת ס'איז זיי ווייניק די פּראָדוקציע פון דער אייגענער פאַבריק אָדער בשעת נאָר א גרויסן קריזיס, בשעת ס'לוינט ניט טרייבן די אייגענע פאַבריק. בשעת איך בין געווען דאָס לעצטע מאָל אין ביאַליסטאָק, פעברואַר 1930, זיינען ביז 75 פּראָצענט לוינקעטניקעס געווען אָן אַרבעט.

אלע לוינקעטניקעס אין ביאַליסטאָק, אָן אויסנאַם, זיינען יידן.

דאָ זיינען מיר געקומען צו הצד השוה צווישן יידישע אַרבעטער מיטן יידישן פאַבריקאַנט. ווי דער לעצטער ווייזט אַרויס איבערמענשליכע ענערגיע און אויסטערלישע דערפינדערישקייט באַם אויסזוכן נייע אָפּזאַץ־מערק און אומזאַץ־קאַפּיטאַל, אַזוי ענערגיש און דערפינדעריש איז דער יידישער אַרבעטער באַם באַקומען אַרבעט. אָט האָט זיך צוריק מיט א פאָר יאָר ליקווידירט אין ביאַליסטאָק איינע פון די עלטסטע און גרעסטע יידישע טעקסטיל־פאַבריקן, די פאַבריק פון נאָוויק — אלע קריסטן זיינען אַוועק און קיינער ווייסט ניט וווהין: ווער אין דאָרף אַרײַן, ווער אויף שוואַרץ־אַרבעט, ווער אויסגעוואַנדערט, ווער אויף אַרבעט בײַ דער מלוכה אָדער שטאָט און ווער ס'טאַקע געבליבן אַרבעטלאָז. אלע יידישע אַרבעטער פון דער דאָזיקער פאַב־

ריק האָבן געקויפט שטולן פון דער ליקווידירטער פאבריק און זיך געשטעלט ארבעטן, געוואָרן לוינקעטניקעס. ווו האָבן זיי גענומען געלט? אַביסל פון אמעריקאנער קרובים, אַביסל אין די ליי- און שפּאָר-קאַסעס, אַביסל בײַ קרובים און גוטע פריינט אין שטאָט, אַביסל אין די גמילות-חסדים-קאַסעס, אַביסל אויף פּראָצענט בײַ פּריוואַטע וואָ-כערניקעס, אַביסל שולדיק געבליבן פאר די שטולן און געצאָלט ראַטעס — קאָמבינאַ-ציעס און איינפאלן זיינען דאָ געווען אזוי פיל, אז ס'איז ווירקליך זיי גאָר ניט אויסצו-רעכענען, קאָמבינאַציעס און איינפאלן, וואָס זיינען אין יידישן לעבן שטייגער-דער-שיינונגען, וואָס קאָנען באַצייכנט ווערן מיט די ווערטער: „די שטאָט ראַטעוועט", „מען קאָן קיין יידן ניט לאָזן פאלן".

בשעת ליקווידאציע פון דער דערמאנטער פאבריק איז ווירקליך געווען א לאַגע, ווען מען האָט געדארפט ראַטעווען עטליכע צענדליק יידישע ארבעטער, אָבער די פאָרם פון ראַטעווען — שאַפן די מיטלען אויף צו קויפן די שטולן — איז מעגליך געווען נאָר דערפאר, ווייל ס'זיינען שוין געווען עטליכע הונדערט יידישע לוינקעט-ניקעס, וואָס זיינען שוין צענדליקער יאָרן א מכה פון דער ביאַליסטאָקער יידישער טעקסטיל-אַרבעטערשאפט, אָבער אויך א רפואה אין צייטן פון שווערע קריזיסן.

די לוינקעטניקעס זיינען אַ טיפּישע דערשיינונג פון יידישן לעבן, וואָס האָט פארן יידישן ארבעט-מענשן אזעלכע ענגע און שמאָלע ראַמען, אז ער איז געצוווּנגען צו זיין דערפינדערישער און ביטרער ווי דער קריסטליכער ארבעט-מענש, וואָס האָט א סך א ברייטער פעלד און א סך גרעסערע מעגליכקייטן. האָבן דאָך יידישע ארבעטער אין ביאַליסטאָק אין 1906 און 1907 געליען יידישע פאַבריקאַנטן געלט אָן פּראָצענט דערפאַר, וואָס יענע פלעגן זיי צולאזן ארבעטן בײַ מעכאנישע וועבשטולן. שוין נאכדעם, ווי דער ווידערשטאנד פון די קריסטליכע ארבעטער און פון די פאבריקאנטן צוצולאזן יידישע ארבעטער בײַ מעכאנישע שטולן איז געבראָכן געוואָרן, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער קאמף פונם יידישן ארבעטער פאר א לעבעדיקן שטול אין פאבריק, וואָרום ס'האָט געדראָט, אז ער זאָל בלייבן בײַ זיין אויסגעקעמפטן רעכט צו שטיין בײַ א מעכאנישן שטול. און די „ביטרע" יידישע ארבעטער זיינען געוואָרן די קרעדיטאָרן ניט אויף קאַ-טאָוועס, נאָר טאַקע אמתע קרעדיטאָרן פון זייערע פאבריקאנטן. 62 יידישע ארבעטער האָבן צוזאמען געליען פאבריקאנטן בערך 19000 רובל אויף קויפן שטולן*), און ס'זיינען געווען פאלן, ווען יידישע ארבעטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָדער ניט געהאט ווו צו באַקומען די 300—400 רובל פּראָ קאָפּ, וואָס דער פאַבריקאַנט האָט געפאָדערט, און קיין איין יידישער ארבעטער איז ניט אָנגענומען געוואָרן. דאָס געלט פלעגט גע-געבן ווערן אויף עטליכע יאָר אָן פּראָצענט אויף אויסצאָלן ראַטעסווייז.

ביידע פאָליוסן פון דער דאָזיקער דערשיינונג — פאַבריקאַנטן, וואָס בײַ זיי שפּילן די נישטיקע ארבעטער-סומען א גרויסע ראָלע אין זייער אינוועסטיציע-קאַפּיטאַל; און ארבעטער, אביונים-ארבעטער, וואָס פארדינען קנאַפּ צום לעבן, וואָס שטעלן צו קאַ-פּיטאַל דעם פאַבריקאַנט און קויפן דערמיט רעכט אויף ארבעטן בײַ מעכאנישע שטולן — די דאָזיקע ביידע דערשיינונגען זיינען דאָך ניט מער ווי א ריכטיקער שפּיגל פון דעם קרומען יידישן ווירטשאַפט-אָרגאַניזם, ווען ס'קומט אָן אזוי שווער און ווייטיקדיק צו ווערן לייטן גלייך.

## 11. נייע שטימונגען בײַ יידישע ארבעטער און בײַ יידישע פאַבריקאַנטן

מיר לאָזן דורך די באַשרייבונג פון דער פינסטערער נויט בײַ די יידישע האנט־וועבער, ווי אויך די שרעקליכע ארבעטלאָזיקייט, וועלכע מיר האָבן געטראָפן אין לאָדזש אָנהויב 1930 — מיר האָבן דעם דאָזיקן מאַטעריאַל געגעבן אין א סעריע ארטיקלען אין אמעריקאַנער „פאָרווערטס“. דאָ וועלן מיר זיך נאָר אָפּשטעלן אויף די נייע שטימונגען בײַ די לאָדזשער יידישע ארבעטער, ווי אויך בײַ אַ טייל פון די דאָרטיקע יידישע פאַבריקאַנטן — שטימונגען, וואָס זיינען גאַנץ קלאָר מרמז, אז די דיסטאַנץ צווישן יידישן און ניט־יידישן ארבעטער, וועלכע מיר האָבן פריער כאַ־ראקטעריזירט, האַלט אין פארשווינדן. פון איין זייט בייט זיך שטארק דער יידישער ארבעטער — הן אין זיינע מאַטעריעלע פאָדערונגען, הן אין זיין פסיכישער איינ־שטעלונג לאָזט ער זיך אראָפּ צו דער ניט־יידישער מערהייט; פון דער צווייטער זייט, וואַקסן אלץ מער די שטאָטישע, קולטורעלע עלעמענטן צווישן די ניט־יידישע ארבעטער, וואָס דערהויבן זיך צו די פאָדערונגען און השגות פונם יידישן ארבעטער.

אויף דער פראגע, פארוואָס ער נעמט ניט אָן קיין יידישע אָנגעשטעלטע אין זיינע צוויי צענדליק פיליאַלן, וועלכע איז געשטעלט געוואָרן א יידישן בעל־הבית פון אַן אוניווערסאַל־מאַגאזין אין דייטשלאנד, האָט ער ציניש און אָפנהאַרציק, אָבער זעהר צוטרעפנדיק געענטפערט בערך אזוי: געשעפט איז געשעפט! איך דארף אָנגע־שטעלטע, וואָס ווען זיי קומען אין קראָם, זאָלן זיי ניט נאָר מיט זייערע הענט און פיס זיין בײַ דער ארבעט, נאָר אויך מיטן קאָפּ און מיטן מוח; זיי זאָלן, בשעת זיי זיינען אין קראָם, ניט האָבן קיין אנדערע מחשבות און געדאנקען — ניט טראַכטן באַטאָג, ווי כאַפּט מען זיך ארויס אין ביבליאָטעק אריין בייטן א בוך; ניט טראַכטן וועגן שפּראַך־ אָדער אַנדערע קורסן, וווהין מען אנטלויפט באלד ווי מען ווערט נאָר פריי; ניט אין זינען האָבן קיין פראָפעסיאָנעלע אָדער פּאָליטישע פארזאמלונגען, הכלל מיר דארפן ניט קיין מענשן, וואָס מיט די פיס זיינען זיי אין קראָם און מיטן קאָפּ זיינען זיי ערגעץ אנדערש! און אויך דארפן מיר ניט קיין מענשן, וואָס שטופּן צופיל די נאָז אהין, וווהין מען דארף ניט — אין די חשבונות און נעמען פון די פירמעס, וואָס שטעלן צו סחורה אָדער וואָס נעמען אָפּ סחורה; וואָס ווילן אומבאַ־דינגט וויסן אלע פרוזשינעס און פרוזשינקעלעך פון גאנצן געשעפט, וואָס ווילן ניט איינשטיין בײַ דעם טישל, וואָס איז זיי באַשטימט און „מלא כל הארץ כבודו“; דאָס געשעפט דאַרף רואיקע, דיסציפּלינירטע, פּשוטע, ניט צו קלוגע און אודאי ניט צו איבערגעשפיצטע מענשן. און דער יידישער אָנגעשטעלטער איז גאָר ניט פּשוט, גאָר ניט רואיק און לעבט תמיד מיטן געדאנק, ווי ווערט מען שוין אליין א בעל־הבית.

אָט דאָ האָבן מיר א גאנצע פראָגראַם, וואָס גיט א שליסל צו פארשטיין א גאנץ גרויסן טייל פון די סיבות, וואָס האָבן געמאכט דעם יידישן לוין־נעמער, אלץ

איינס צי דעם יידישן ארבעטער אין לאָדזש אָדער דעם יידישן אָנגעשטעלטן אין דייטשלאנד, פאר דעם ניט־געווונשענעם.

אין קעגנזאץ צו דער ראָזיקער רעדע פון א יידישן ארבעטגעבער אין דייטשלאנד לאָמיר לאָזן זיך איינהערן א לאָדזשער יידישן ארבעטער. אויף א פארזאמלונג פון עטליכע צענדליק יידישע טעקסטיל־ארבעטער אין לאָדזש האָט אן עלטערער ארבעטער, וואָס שטייט בא א וועבשטול שוין באַלד דרייסיק יאָר, אזוי דערקלערט, ווי דער יידישער ארבעטער האָט זיך געביטן: אין 1905 אָדער 1906, ווען איך בין אריין אין פאבריק, האָב איך זיך באַלד גענומען אָרגאניזירן די ארבעטער פאר א שטרייק; וואָס האָב איך מורא געהאט? מען וועט מיך אָפזאָגן, וועל איך זיין באַם טאטן אָדער איך וועל גאָר אוועקפאָרן קיין אמעריקע. גאָר אנדערש איז איצט — דער ייד ארבעט מיט רוחות; פאָרן איז ניטאָ וווהין; זיצן באַם טאַטן קאָן מען ניט היינטיקע יאָרן; באקומען א שטעלע איז פארן יידן שווערער, ווי פארן ניט־יידן, ציטערט דער ייד איבער זיין פלאַץ, היט זיך ניט פארלירן זיין פלאַץ א סך מער, ווי דער ניט־ייד, און גיט זיך אונטער, ווערט רואיקער, שטילער, אונטערגעוואָרפענער. אָט בין איך ניט לאנג אָנגעקומען אויף א נייער פאַבריק ארבעטן, האָט מיך דער בעל־הבית דעם ערשטן טאָג אָפגערופן אין א זייט און מיר געזאָגט: איך נעם אייך צו צו דער ארבעט, הגם איר זענט א ייד; זעט זשע אָבער... ער האָט פארשפּאָרט ענדיקן, מיר האָבן זיך פארשטאנען, און דער פאַבריקאַנט איז צופרידן... דער ניט־יידישער ארבעטער האָט זיך אויך געביטן, אָבער גאָר אין אן אנדער זין. ער איז שוין ניט דער דאָרפישער פויער, וואָס איז גרייט צו ארבעטן 12—14 שעה אין מעת־לעת, האָט ניט קיין קולטורעלע באַדערפעניש, פּאָליטיש פאַסיוו, פיזיש אונטערגעוואָרפן און קנעכטיש. ער האָט שוין אָפגעלעבט 30 יאָר אין שטאָט און האָט זיך געוויינט צו א בעסערער קוואַרטיר, צו א בעסערן אָנצוג, צו א צייטונג, צו א פּראָפעסיאָנעלן פאראיין, צו א קינאָ, ער האָט שוין א קינד אין א פאָלקס־שול אָדער גאָר אין א גימנאַזיע; ער האָט קינדער אויף מלוכהאָדער קאָמונאַלע שטעלעס; ער פילט זיך פאר א בירגער פון זיין לאנד און פון זיין שטאָט; ער וויל גאָר ניט ארבעטן מער פון אכט שעה, ווען ער ארבעט אפילו פון שטיק. ער האָט גאָר ניט אזוי מורא פאר בלייבן אָן ארבעט, וויל, ערשטנס, באַקומט ער דאָך שטיצע פון דער מלוכה און, צווייטנס, האָט כמעט יעדע ניט־יידישע ארבעטער־משפחה איין גליד אויף א מלוכה־ אדער קאָמונאלע שטעלע — בא דער אייזנבאַן, באַם טראַמוויי, אין די שטאָטישע אונטערנעמונגען א. א. וו. א. ד. ג. יעדנפאַלס איז בא אַרבעטלאָזיקייט זיין לאגע קיינמאָל ניט אזוי טראגיש, ווי פון יידישן ארבעטער, וואָס האָט קיינעם ניט אויף קיין מלוכהשע אָדער קאָמונאַלע שטעלעס און דאָס לעבן פון דער גאנצער פאַמיליע הענגט אינגאנצן אָפּ נאָר פונם פארדינסט פון פאָטער. דער איצטיקער ניט־יידישער ארבעטער האָט דעריבער אמאָל מער העזה ווי דער יידישער. דער יידישער ארבעטער פילט אויף זיך די אחריות פארן יידישן ארבעטער־כלל. ארבעט איין ייד שלעכט, וועט מען באַלד זאָגן, אז יידישע ארבעטער טויגן ניט, יידישע ארבעטער זיינען פויל. דער יידישער אַרבעטער פילט אויף זיך דאָס אויג פון בעל־הבית, וואָס עקזאַמענירט אים, פרווט אים, איז אים חושד און איז גרייט יעדע קלייניקייט, וואָס באַם קריסט מערקט

מען עס גאָר ניט, פֿאַרגרעסערן און מאַכן דערפֿון אַ גאַנצן וועזן און עס אַרויפֿוואַרפֿן אויפֿן יידישן אַרבעטער-כּלל. דער יידישער אַרבעטער האַלט אויס עקזאַמען אין דער גרויסער פֿאַבריק און ער שטרענגט אָן אַלע זיינע פּסיכישע און פֿיזישע כּוחות ניט דורכפֿאַלן, און דעריבער אַרבעט ער מיט רוחות און מיט אונטערגעוואָרפֿנקייט. דאָס איז גאָר אַ באַזונדער צושטאַנד, וואָס קיין שום ניט-יידישער אַרבעטער ווייסט פֿון דעם ניט.

און אָט איז אַ רעדע פֿון אַ יידישן מיטעלן פֿאַבריקאַנט אין לאָדזש: מיט יאָרן צוריק איז געווען אַן אינטערעס צוצונעמען קריסטן און ניט קיין יידן. אין די גאָר גרויסע פֿאַבריקן איז נאָך געבליבן די דאָזיקע טראַדיציע, אָבער אין די קלענערע פֿאַבריקן נעמט מען אַ סך גיכער יידישע אַרבעטער. דער קריסטליכער אַרבעטער איז פֿויל — ער וויל ניט אַרבעטן קיין איבערשעהן און וועט לויפֿן צום אינספּעקטאָר אויסזאָגן, אַז מען אַרבעט אין פֿאַבריק מער פֿון אַכט שעה; ער קוקט אַרויס, ס'זאָלן זיך וואָס גיכער ענדיקן די 20 אַרבעט-וואָכן, וואָס גיבן אים רעכט אויף מלוכה-שטיצע, ווי אַן אַרבעטלאָזן, און איז צופֿרידן בלייבן אָן אַרבעט און חדשים-לאַנג נעמען שטיצע און ניט אַרבעטן. דער ייד איז פֿלייסיקער, איז גרייט אַרבעטן צוועלף שעה אין טאָג, אַבי מער פֿאַרדינען, אַבי אויסאַרבעטן מער; דער ייד גייט ניט אַזוי גערן נאָך דער אַרבעטלאָזן-שטיצע און באַקומט זי אויך ניט אַזוי גרינג. ציילט ער ניט די אַרבעט-וואָכן און פֿאָדערט ניט, אַז מען זאָל אים גלייך נאָך אָנקומען רעגיסטרירן און צאָלן פֿאַר אים פֿאַרזיכערונג. מיטן יידישן אַרבעטער קאָן מען גיכער דורכקומען איידער מיטן ניט-יידישן, וואָס וועט דיך נאָך נאָכדעם מסרן, אַז מען האָט אים ניט רעגיסטרירט. פֿאַרן ניט-יידישן אַרבעטער זיינען אַלע פֿאַבריק-טויערן אָפֿן — איז ער גאָר אַ מיוחס; פֿאַרן יידישן אַרבעטער זיינען כּמעט אַלע טויערן פֿאַרשלאָסן, האַלט ער זיך מיט די ציין דאָרטן, וווּהין ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט. דעם ניט-יידישן אַרבעטער מוז מען צאָלן מזומן געלט, ווען דער יידישער נעמט אויך אַ וועקסל. דער יידישער אַרבעטער איז פּראָדוקטיווער, מחמת ער וויל פֿאַרדינען וואָס מער, ער מוז אויסהאַלטן אַ גאַנצע פֿאַמיליע, ווען בּאַם ניט-יידישן אַרבעטן אָפֿטער די פֿרוי און די קינדער. דער ייד וואָלט שוין איצט אויך געשיקט זיין פֿרוי אויף אַרבעט, איז אָבער שווער די לעצטע יאָרן קריגן אַרבעט און די יידישע פֿרוי איז ווייניקער צוגעפּאַסט און ווייניקער געוווינט צו אַרבעט. אָבער אויך אין דעם פּרט האָט זיך אַ סך געענדערט — די יידישע פֿרוי און דאָס יידישע מיידל רייסן זיך צו אַרבעט, און בשעת ס'איז אויפֿגעקומען די טריקאָטאַזש-אינדוסטריע האָבן די יידישע מיידלעך, און צווישן זיי גאָר, גאָר אַ סך בעל-הבתישע, געבילדעטע קינדער, טאַקע פֿאַרכאַפּט דעם גרעסטן אָרט. אין לאָדזש און אין די אַרומיקע שטעטלעך זיינען איצט פֿאַראַן ביז 300 וואַרשטאַטן, ווו מען אַרבעט אויס סוועטערס — זיינען מער פֿון 90 פּראָצענט אַרבעטער יידישע און אַ סך מער פֿרויען ווי מענער. דער ייד וויל היינט אַרבעטן, אַ וויל ער, עס זאָל נאָר זיין בּאַ וואָס. אפֿילו אויף שוואַרץ-אַרבעט גייען היינט יידן גאַנץ גערן און אַרבעטן מיט בלוט און מיט שוויס, אַבי פֿאַרדינען. מען איז געוואָרן אויס מיוחסים; פּשוטע חזי-וקימס און מען איז גרייט צו אַרבעטן אַי שבת, אַי יום-טוב, אַי בּאַנאַכט, אַי בּאַטאָג, אַבי פֿאַרדינען. אַ ייד, אַז ער נעמט זיך, איז מיט היין און מיט ברען און איר וועט זען, אַז זיי וועלן זיך

אריינשטופן אויך אין די גרויסע פאַבריקן. ס׳קומט אָן שווער, אָבער די וועלט דרייט זיך. וויהין פאָרן איז ניטאָ, פאַסט מען זיך צו און מען מוז זיך צופאַסן. אויס בני-מלכים, אויך באַנק-קוועטשערס, אויס שטעקעלעך-מיוחסים, אויס גמרא-פריצים — ס׳איז א נייע וועלט אויפגעשטאַנען, און די יידן מוזן אויך זיין נייע, אנדערע. קומען קיין לאָדזש הונדערטער און טויזנטער יידישע בחורים און מיידלעך פון דער פראָווינץ, פון דער גמרא דער בחור און פון דער מאַמעס פאַרטוך דאָס מיידל — און נאָך דריי חדשים דערקענט מען זיי ניט, אנדערע מענטשן געווארן, מ׳האָט זיך אויסגעלערנט קלאַפן אויף דער מאַשין און א נייע נשמה איז געבוירן געוואָרן. דאָס לעבן מייסטרעוועט און וועט שוין עפעס אויסמייסטרעווען; דערווייל איז ביטער און פינסטער — אלע ווילן ארבעטן, און ארבעט איז דאָ ווייניק. קומט אָן יעדער פלאַץ פאַר א יידן מיט ווערים, אָבער ס׳רוקט זיך און פאַר מיינע אויגן האָט זיך דאָס יידישע לעבן שטאַרק געביטן, פאַרגויאישטער געוואָרן, פאַרוואָכעדיקטער געוואָרן, פאַרגרעבטער געוואָרן, אָבער געזונטער און עפעס לייטישער געוואָרן. און נאָך א סוד וועל איך אייך זאָגן — איך נעם נאָר יידישע ארבעטער, ווייל איך טראַכט מיר: וואָס דאַרף איך, אז די ארבעטער זאָלן מיך אין צווייען פיינט האָבן, אי אלס בעל-הבית, אי אלס יידן; ס׳איז גענוג פאַר מיר, אז זיי האָבן מיך פיינט אלס עקספלאָטאַטאָר. איך פיל מיך דעריבער עפעס מיט א יידישן ארבעטער זיכערער און רואיקער.

ווי ס׳האָט זיך נאָכדעם ארויסגעשטעלט, איז דער דאָזיקער פאַבריקאַנט געווען אין די יונגע יאָרן א מיטגליד פון א יידישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און איז גענוג באַקאַנט מיט די ווייטיקדיקע פראָבלעמען און פראַגן פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן בכלל און פון יידישן ארבעטער-לעבן בפרט. באַם שמועס זיינען אָבער געווען נאָך עטליכע יידישע פאַבריקאַנטן און אויך א פאָר יידישע ארבעטער און אלע האָבן צוגעגעבן, אז דער רעדנער האָט ריכטיק כאַראַקטעריזירט די לאַגע און גוט באַלויכטן די פראַגע. פאַרשטייט זיך, אז מיר נעמען אויף זיך ניט די אחריות פאַר זיין מיינונג וועגן די ניט-יידישע ארבעטער.

מיר האָבן געלאָזט דריי לעבעדיקע מענטשן ארויסזאָגן זיך און מיר האָבן איבערגעגעבן כמעט וואָרט אין וואָרט זייערע רייד. וואָס ושע איז געדרונגען פון די דאָזיקע רייד? ראשית, אז דער העכערער קולטורעלער צושטאַנד פון יידישן ארבעטער אָדער אָנגעשטעלטן, זיין אנטוויקלטערער פערזענליכקייט-געפיל, זעלבסט-ווירדע-געפיל, דאָס שמערצליכערע באַנעמען פון זיין קלאַסן-לאַגע, דאָס שטאַרקערע שטרעבן ארויסרייסן זיך פונם יאָך פון קלאַסן-אונטערטעניקייט — דאָס אליץ מאַכט דעם יידן פאַר א ווייניקער געווונשענעם אין פאַבריק אָדער געשעפט. אָבער אויף וויפיל דאָס ארויסרייסן זיך פון דער לאַגע פון א לוין-נעמער ווערט אליץ שווערער און אומעגליכער און די לאַגע פון די יידישע מאַסן ווערט אליץ טרויעריקער, וואַקסן אליץ מער באַ יידן עלעמענטן, וואָס זיינען גרייט זיך צופאַסן צום קולטור- און נשמה-צושטאַנד פון דער ארומיקער באַפעלקערונג-מערהייט און זיך צופאַסן צו די ארבעט-באַדינגונגען און ארבעט-פאָדערונגען, וואָס הערשן אין דער ארומיקער וועלט. פון דער צווייטער זייט פירט די אנטוויקלונג פון די ארומיקע לוין-נעמער דערצו, אז די קולטורעלע און פסיכישע דיסטאַנץ צווישן יידישן און ניט-יידישן לוין-נעמער זאָל אליץ מער און מער קלענער ווערן.

שנית, איז קלאָר, אז אין פוילן, ווו דער עקאָנאָמישער קריזיס בײַ דער יידישער באַפעלקערונג האָט דערגרייכט זיין העכסטע און טראַגישסטע מדרגה, איז פאָרגעקומען א טיפער איבערברוך אין דער פסיכאָלאָגיע פון די יידישע מאַסן בכלל און אויך פון די יידישע ארבעטער־מאַסן, און דער דראַנג אין דער גרויס־אינדוסטריע און צו ארבעט בכלל האָט אָנגענומען אזא סטיכישן כאראַקטער און אזעלכע גרויסע מאָס־שטאַבן, אז ער וועט גובר זיין הן די אינעווייניקסטע און הן די דרויסנדיקע מגיעות און אבן־נגפס. די צופאַסונגס־פעיקייט פון די יידישע מאַסן וועט אויך דאָ זיך אַנט־פלעקן, באַזונדערס ווען זי ווערט אונטערגעטריבן פון א נויט, וואָס איר גלייכן איז כמעט ניטאָ — און אויף וויפיל די ארומיקע עקאָנאָמישע באַדינגונגען וועלן נאָר דערלויבן, וועלן מסתמא גרעסערע יידישע מאַסן זיך אריינרייסן אין נייע אינדוסטריע־צווייגן און אין העכערע אינדוסטריע־פאָרמען.

דריטנס, קאָן מען אָנעמען, אז דער איבערברוך אין דער פסיכאָלאָגיע פון יידישן ארבעטער און דער דראַנג פון די יידישע מאַסן צו ארבעט האָבן שוין נורם געווען א טיילווייזן איבערברוך אין דער באַציאונג פונם יידישן אונטערנעמער צו יידישער ארבעט, און אויב ס׳איז נאָך גאַנץ וויט פון גלייכבאַרעכטיקונג פון יידישער ארבעט אין דער יידישער גרויס־אינדוסטריע, זיינען מיר דאָך געגנג וויט אוועק פון דעם אַבסאָלוטן באָיקאָט פון יידישער ארבעט, וואָס האָט געהערשט צוריק מיט עטליכע יאָר.

## 12. פינסק, זיין עקאָנאָמישער פנים און זיינע האָפענונגען

די וויכטיקסטע פראַגע פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן איז געווים די אזוי גערופענע ארויסשטויס־פראַגע. מיר האָבן געפרוווט די דאָזיקע פּראָבלעם פאָרמולירן טעאָרע־טיש אין אונזער ארבעט*) אינם ערשטן באַנד „עקאָנאָמישע שריפטן" פון דער עקאָ־נאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע באַם יידישן וויסנשאַפטליכן אינסטיטוט. מיר האָבן שוין דאָרטן געוויזן, ווי קאָמפּליצירט די דאָזיקע פראַגע איז און ווי ווייניק מיר האָבן דערוויל מאַטעריאַל, כדי צו געבן א קלאָרע און זיכערע תשובה אויף איר. מיר האַלטן דעריבער פאַר דעם וויכטיקסטן אין איצטיקן מאָמענט צו זאַמלען מאַטעריאַל — אים פאַרגלייכן, אויב מעגליך, מיט א פריערדיקן צייטפּונקט; אויב ניט מעגליך, וועט ער אויך צונויף קומען אויף שפּעטערדיקע פאַרגלייכן. דער עיקר איז אָבער דערביי, לויט אונזער מיינונג, געבן דעם מאַטעריאַל וואָס דעטאַליזירטער — נאָר אויף אזא אופן וועלן מיר קאָנען אָנטאַפּן די שוואַכע פּאָזיציעס, ווו דאָס אריינדרינגען פון ניט־יידן ברענגט אפשר צום ארויסשטויסן פון יידן. מיר גיבן דאָ וויימער סטאַטיס־טישן מאַטעריאַל וועגן עטליכע שטעט — דער מאַטעריאַל איז פון זעהר א פאַרשיידע־נעם ווערט, אָבער מיר קאָנען, לײַדער, ניט זיין צו פּעדאַנטיש אין דעם פרט, ווייל מיר האָבן קיינע האָפענונגען ניט באַקומען בעסערן מאַטעריאַל.

מיר הויבן אָן פון דער שטאָט פינסק. מיר ברענגען צוויי טאַבעלעס — די באַשעפטיקונג פון די יידן פאַר 1897 לויט דער רוסישער פאָלקס־ציילונג און פאַרן

*) „די אנטוויקלונג פון יידישן פאָלק פאַר די לעצטע 100 יאָר" אין „שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק", ב. 1, בערלין 1928.

## פּראָפעסיאָנעלער באַשטאַנד פון דער פינסקער באַפעלקערונג (1897)

| פּראָפעסיעס | אלגעמיינע צאל | דערפון יידן | |
|---|---|---|---|
| | | אַבסאָלוט | פּראצענט |
| **האנדל:** | | | |
| פארשייד. לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטן | 531 | 518 | 97,0 |
| האנדל בכלל, אָן באַזונדערע באַצייכענונג | 164 | 160 | 98,0 |
| בוי־ און ברענהאָלץ־מאַטעריאַלן | 157 | 152 | 97,0 |
| האנדלס־פאַרמיטלונג | 98 | 94 | 96,0 |
| מאַנופאַקטור | 75 | 74 | 99,0 |
| טראַקטירן, האָטעלן, קלובן | 104 | 70 | 70,0 |
| תבואה־מסחר | 54 | 54 | 100,0 |
| פעל, פעלצן און אנדערע | 35 | 34 | 98,0 |
| משקאות | 24 | 23 | 96,0 |
| מעטאַל, מאשינעס און געווער | 20 | 20 | 100,0 |
| פי־האנדל | 20 | 19 | 95,0 |
| לוקסוס־, וויסנשאַפט־, קונסט־, קולט־זאַכן | 20 | 17 | 85,0 |
| פארשיידענע זאַכן | 16 | 16 | 100,0 |
| הויזראַט | 9 | 9 | 100·0 |
| הויזירער | 6 | 6 | 100,0 |
| **סך־הכל אין האנדל** | **1333** | **1266** | **95,0** |
| **האנטווערק און אינדוסטריע:** | | | |
| קליידונג | 1246 | 1176 | 94,0 |
| האָלץ־באַאַרבעטונג | 767 | 540 | 70,0 |
| בוי־אונטערנעמונגען | 483 | 370 | 76,0 |
| מעטאַל־באַאַרבעטונג | 810 | 241 | 30,0 |
| שפּייז־פּראָדוקציע | 208 | 183 | 90,0 |
| כעמישע און אנדערע פּראָדוקציע | 198 | 153 | 76,0 |
| טאַבאַק | 128 | 128 | 100,0 |
| פּאָליגראַפישע אונטערנעמונגען | 94 | 92 | 98,0 |
| באַאַרבעטונג פון חיהשע פּראָדוקטן | 88 | 82 | 93,0 |
| טעקסטיל | 81 | 78 | 95,0 |
| פארשיידענע און אומבאַקאַנט | 99 | 57 | 57,0 |
| פריזירער א. א. רייניקונגס־אנשטאלטן | 139 | 54 | 39,0 |
| ברויעריען | 41 | 33 | 80,0 |
| אינסטרומענטן, זייגערס, שפּילצייג | 33 | 32 | 97,0 |
| יובעלירן, לוקסוס־זאַכן | 27 | 25 | 92,0 |
| קעראַמיק | 13 | 12 | 91.0 |
| פארשיידענע משקאות | 6 | 6 | 100,0 |
| סטעלמאַכערס און שיף־בוי | 5 | 4 | 80,0 |
| **ס"ה אין האנטווערק און אינדוסטריע** | **4466** | **3266** | **73,0** |
| **פרייע פּראָפעסיעס:** | | | |
| דאָקטוירים און סאַניטאַרן | 87 | 46 | 54,0 |
| פריוואַטע אדוואָקאַטן | 15 | 7 | 47,0 |
| **ס"ה אין פרייע פּראָפעסיעס** | **102** | **53** | **52,0** |
| **צוזאַמען** | **5901** | **4585** | **78,0** |

## פּראָפעסיאָנעלער באַשטאַנד פון דער פּינסקער באַפעלקערונג (1928)

| פּראָפעסיעס | אלגעמיינע צאָל | דערפון ייִדן | |
|---|---|---|---|
| | | אבסאָלוט | פּראָצענט |
| **האַנדל:** | | | |
| דראָגיסטן | 17 | 17 | 100,0 |
| געשעפטן פון בוי־מאטעריאלן | 13 | 13 | 100,0 |
| פוי־האנדל | 7 | 7 | 100,0 |
| טוי־האלעם | 10 | 8 | 80,0 |
| רעסטאָראַנען | 10 | 5 | 50,0 |
| האָלץ־ און ברענהאָלץ־געשעפטן | 18 | 18 | 100,0 |
| פאַרב־ און שפּאַליר־געשעפטן | 5 | 5 | 100,0 |
| רויכוואַרג־געשעפטן | 9 | 9 | 100,0 |
| גאַלאַנטעריי־געשעפטן | 57 | 56 | 98,0 |
| האָטעלן | 10 | 10 | 100,0 |
| היט־געשעפטן | 13 | 13 | 100,0 |
| קאַפעס | 11 | 4 | 38,0 |
| קאָלאָניאַל־געשעפטן | 20 | 17 | 85,0 |
| שפּייז־געשעפטן | 247 | 225 | 90,0 |
| שרייב־מאַטעריאַלן און ביכער־געשעפטן | 11 | 9 | 88,0 |
| געשיר־געשעפטן | 8 | 8 | 100,0 |
| מאַנופאַקטור־געשעפטן | 63 | 63 | 100,0 |
| ניי־מאַשינעס | 5 | 4 | 80,0 |
| מילך־ און פּוטער־געשעפטן | 6 | 3 | 50,0 |
| שיך־קראָמען | 28 | 28 | 100,0 |
| פרוכטהענדלער | 10 | 10 | 100,0 |
| ביר־פאַרקויף | 7 | 7 | 100,0 |
| מעבלירטע צימערן | 6 | 6 | 100,0 |
| פיש־האנדל | 5 | 5 | 100,0 |
| לעדער־געשעפטן | 11 | 11 | 100,0 |
| פעל־געשעפטן | 6 | 6 | 100,0 |
| זאַלץ־קאָנצעסיעס | 6 | — | — |
| בראָנפן־קאָנצעסיעס | 9 | 3 | 33,0 |
| טאַבאַק־קאָנצעסיעס | 34 | 23 | 66,0 |
| אַפּעקוראַציע־אַגענטן | 6 | 6 | 100,0 |
| תבואה־האַנדל | 5 | 5 | 100,0 |
| דאַמפער־אייגנטימער | 8 | 6 | 75,0 |
| אייזן־געשעפטן | 21 | 21 | 100,0 |
| פאַרשיידענע האנדלס־אונטערנעמונגען | 39 | 35 | 90,0 |
| **סך־הכל אין האַנדל** | **741** | **666** | **90,0** |

| | | | |
|---|---|---|---|
| **האנטווערק און אינדוסטריע:** | | | |
| בלעכערס | 9 | 9 | 100,0 |
| מענער־שניידער | 94 | 91 | 97,0 |
| דאַמען־שניידער | 13 | 11 | 85,0 |
| בוי־אונטערנעמונגען | 5 | 2 | 40,0 |
| קאָנדיטאָרייען | 6 | 5 | 82,0 |
| צוקערקעס־פאַבריקלעך | 5 | 5 | 100,0 |
| הישל־מאכערס | 22 | 22 | 100,0 |
| דרוקערייען | 6 | 6 | 100,0 |
| זעגמילן | 9 | 9 | 100,0 |
| פאָטאָגראַפישע אנשטאלטן | 5 | 5 | 100,0 |
| זייגערמאַכערס און יובעלירן | 15 | 15 | 100,0 |
| קאַמאַשן־שטעפערס | 5 | 5 | 100,0 |
| שוסטערס | 62 | 59 | 95,0 |
| שמידן | 16 | 14 | 85,0 |
| טאָקערייען | 8 | 8 | 100,0 |
| שלאָסער און מעכאניקער | 11 | 9 | 90,0 |
| רויכווארג־וואַרשטאטן | 5 | 5 | 100,0 |
| מאַלערס | 6 | 6 | 100,0 |
| טישלערס | 25 | 25 | 100,0 |
| מילן | 5 | 4 | 80,0 |
| בעקערייען | 37 | 36 | 97,0 |
| רימערס | 8 | 7 | 88,0 |
| קצבים | 44 | 43 | 98,0 |
| וורשט־פאַבריקלעך | 10 | — | 0,0 |
| פריזירער | 28 | 25 | 90,0 |
| פארשיידענע בעלי־מלאָכות | 39 | 33 | 85,0 |
| פארשיידענע פאַבריקאַציע | 22 | 21 | 95,0 |
| **סך־הכל האנטווערק און אינדוסטריע** | **520** | **480** | **92,0** |
| **פרייע פראָפעסיעס:** | | | |
| דאָקטוירים | 22 | 10 | 45,0 |
| דענטיסטן | 17 | 16 | 95,0 |
| אַדוואָקאַטן | 20 | 2 | 10,0 |
| אַקושערקעס | 12 | 7 | 58,0 |
| אַפּטייקן | 6 | 4 | 66,0 |
| וועטערינאַרן | 4 | — | — |
| **סך־הכל אין פרייע פראָפעסיעס** | **81** | **39** | **48,0** |
| **צוזאַמען** | **1342** | **1185** | **87,0** |

יאָר 1928 לויט דעם אַדרעס־בוך פון רודאָלף מאָסע. די לעצטע טאַבעלע האָט צונויפגעשטעלט אַן אַרטיקער מענש*), אַן אָנפירער פון א לײַ־ און שפּאָר־קאַסע, א געבוירענער אין פינסק, וואָס קאָן די גאַנצע שטאָט און האָט געוויס ניט געמאכט קיין פעלערן באַם באַשטימען די נאַציאָנאַליטעט פון די בעלי־בתים פון די אונטער־נעמונגען. די טאַבעלע פאַרן יאָר 1928 נעמט ארום ניט אלע עקאָנאָמיש אקטיווע, ווי די טאַבעלע פון 1897, נאָר די בעלי־בתים פון אונטערנעמונגען און בכלל נאָר זעלב־שטענדיקע. חוץ דעם מוז נאָך צוגעגעבן ווערן, אז די אדרעס־ביכער כאַפּן קיינמאָל ניט ארום אפילו אלע זעלבשטענדיקע — די פאַרוואָרפענע אין ווייטע געסלעך קליינע קרעמלעך און קליינע ווארשטאטלעך בלייבן געוויס ניט אריינגעטראָגן. ס'איז דעריבער גאַנץ נאַטירליך, וואָס די טאַבעלע 2 נעמט ארום א קלענערע צאָל מענשן. חוץ דעם איז די באַפעלקערונג בכלל אין פינסק געוואָרן קלענער. אזוי זיינען געווען אין פינסק:

| יאָר | די גאַנצע באַפעלקערונג | דערפון — יידן | |
|---|---|---|---|
| | | אַבסאָלוט | פּראָצענט |
| 1897 | 28.368 | 21.065 | 74,2 |
| 1921 | 23.468 | 17.513 | 74,6 |

די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרקלענערט אויף קאַרגע פינף טויזנט נפשות; די יידישע אויף 3 און א האַלב טויזנט. דער פּראָצענט יידן איז געבליבן דער זעלביקער. וואָס זשע ווייזן אונז די צוויי טאַבעלעס? דער פּראָצענט יידן איז געווען:

| | 1897 | 1928 |
|---|---|---|
| אין האַנדל . . . . . | 95,0 | 90,0 |
| אין האַנטווערק און אינדוסטריע . . | 73,0 | 92,0 |
| פרייע פּראָפעסיעס . . | 52,0 | 48,0 |

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אז באַם פאַרגלייכן די צוויי טאַבעלעס מוז מען גוט אין זינען האָבן, אז אין 1897 זיינען גענומען געוואָרן אלע עקאָנאָמיש אקטיווע, ד. ה. בעלי־בתים, אָנגעשטעלטע און ארבעטער, און אין 1928 נאָר די בעלי־בתים, אי דאָס ניט אלע. דאָס האָט באַזונדערס שטאַרק געווירקט אין דעם אָפּטייל „האַנט־ווערק און אינדוסטריע", ווו ס'זיינען פאַראַן א סך ניט־יידישע ארבעטער. און דער־מיט דערקלערט זיך, וואָס דער פּראָצענט יידן איז אין 1928 א סך העכער. ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אז אויך אין 1897 איז דער פּראָצענט יידישע בעלי־בתים צווישן די זעלבשטענדיקע האַנטווערקער און אינדוסטריעלע געווען א סך העכער ווי 73 פּראָצענט.

*) איך נוץ אויס די געלעגנהייט צו זאָגן אַ האַרציקן דאַנק דעם ה' דוד פּרו־טשאַנסקי, וואָס האָט דעם דאָזיקן מאַטעריאַל באַאַרבעט, ווי אויך אלע איבעריקע חברים פון פינסק, וואָס האָבן מיר געהאָלפן באַם זאַמלען מאַטעריאַל.

לאָמיר זיך נאָענטער צוקוקן צו איינצלנע צווייגן פון די ווירטשאַפט-אָפּטיילן און מיר וועלן באַמערקן א סך אינטערעסאנטע דערשיינונגען, וואָס באַלייכטן די לאַגע פון יידן אין פוילן. אין 1897 זיינען געווען פון 1333 באַשעפטיקטע אין האנדל סך-הכל 67 ניט-יידן: אהער גייען אריין בעלי-בתים, אָנגעשטעלטע און ארבעטער; אין 1928 זיינען געווען פון 741 בעלי-בתים 75 ניט-יידן. די ניט-יידישע באַשעפטיקטע אין האנדל אין 1897-טן יאָר זיינען געווען מערסטנטיילס בא טראַקטירן. פון 67 ניט-יידן באַשעפטיקטע אין האנדל זיינען געווען אין דער גרופּע טראַקטירן און האָטעלן גאנצע 34, ד. ה. מער פון 50 פּראָצענט; דאָ גייען מסתמא אריין אויך דינער אין די האָטעלן. אין 1928 זעען מיר, אז באַדייטנדיק זיינען די ניט-יידן נאָר אין די צווייגן, וווּ מען מוז האָבן א קאָנצעסיע פון דער רעגירונג. פון 9 בראָנפן-קאָנצעסיעס זיינען צוויי דריטל אין ניט-יידישע הענט; די זעקס זאַלץ-קאָנצעסיעס זיינען אלע אין ניט-יידישע הענט. אמת, פּאַקטיש זיינען פינף פון די דאָזיקע קאָנצעסיעס אין יידישע הענט, אָבער די אָפיציעלע קאָנצעסיאָנערן נעמען אראָפּ א גאַנץ פעטן חלק. פון 34 טאַבאַק-קאָנצעסיעס זיינען עלף אין ניט-יידישע הענט. באַדייטנדיק איז דער פּראָצענט ניט-יידן אין די שפּייז-געשעפטן — 22 פון אינגאנצן 75 ניט-יידישע קראָמען. פון די 75 ניט-יידישע געשעפטן זיינען געווען:

| | |
|---|---|
| שפּייז-געשעפטן . . . . . . . . | 22 |
| טאַבאַק-געשעפטן . . . . . . . | 11 |
| בראָנפן-געשעפטן . . . . . . . | 6 |
| זאַלץ-געשעפטן . . . . . . . . | 6 |
| קאָלאָניאַל-געשעפטן . . . . . . | 3 |
| שרייב-מאַטעריאַלן . . . . . . . | 2 |
| קאַפעס און טיי-האַלעס . . . . . . | 9 |
| רעסטאָראַנען . . . . . . . . . . | 5 |

די דאָזיקע פאַרטיילונג איז זעהר כאַראַקטעריסטיש. דאָס גרינגסטע פאַר א ניט-יידן צו קאָנקורירן מיט א יידן איז אין די שפּייז-אַרטיקלען, ווייל ער האָט דאָ אַרטיקלען, וואָס דער יידישער קרעמער האַלט זיי גאָר ניט — טריפע פליישן, ווורשטן, חזיר וכדומה. נאָכדעם גייען די קאָנצעסיאָנירטע ארטיקלען, ווי טאַבאַק, זאַלץ און בראָנפן. פון 75 ניט-יידישע געשעפטן זיינען גאנצע 23, כמעט א דריטל קאָנצעסיאָנירט, דאָס הייסט אזעלכע קראָמען, וואָס די רעגירונג האָט געהאָלפן זיי גרינדן. א גרויס אָרט פאַרנעמען די רעסטאָראַנען און קאַפעס, ווייל ס׳זיינען צוגעקומען א סך פוילישע באַאַמטע, וואָס גייען נאָר אין קריסטליכע קאַפעס און רעסטאָראַנען. כאַראַקטעריסטיש און אינטערעסאַנט איז אויך דאָס, וואָס עס זיינען דאָ אין פינסק פון עלף קראָמען מיט שרייב-מאַטעריאַלן גאנצע צוויי ניט-יידישע, ווען עס איז ניטאָ קיין איין ניט-יידישע מאַנופאַקטור-, לעדער-, פעל- אָדער האָלץ-קראָם. דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער אַגיטאַציע פון די פוילישע לערער אין די שולן,

וואָס זאָגן אָן די קינדער, אז זיי זאָלן קויפן אין ניט־יידישע קראָמען. און בשעת איך בין געווען אין פינסק, האָט מען מיר דערציילט פאָלגנדיקס: אין פינסק איז פאַראַן א יידיש פאַפיר־געשעפט, וואָס שטייט שוין אויפן פלאַץ 64 יאָר. דער זון, וואָס האָט געירשנט דאָס געשעפט, האָט געלעבט אין רוסלאנד, האָט געהאט צוויי טעקסטיל־פאַבריקן (אין מאָסקווע און אין ראיאָן) מיט 860 ארבעטער. נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש איז ער אַנטלאָפן קיין פינסק אין איין אנצוג. דאָ האָט ער איבערגענומען דאָס געשעפט פון אַן אלטער מוטער אַן אלמנה און האָט עס ווייטער אַנטוויקלט. דאָס געשעפט געפינט זיך אין אַן אייגענעם מויער, וואָס האָט דעם ווערט ביז 15 טויזנט דאָלאַר און די אָרטיקע פיליאַלע פון דער מלוכה־באַנק האָט אים אָפּגעזאָגט אין קרעדיט. א פאָליאַק אָבער, וואָס האָט געעפנט א פאַפיר־געשעפט אין 1928־טן יאָר, אָן שום אייגנטום, האָט באַקומען תיכף א קרעדיט פון 10.000 זלאָטעס.

שווערער איז צו פארגלייכן די דאַטן פון 1897 מיט די דאַטן פון 1928 באַ דעם אָפּטייל „האַנטווערק און אינדוסטריע“, ווייל דאָ זיינען שוין פאַראַן א סך ניט־יידישע ארבעטער. נעמט מען אָבער איינצלנע צווייגן, קאָן מען אויך דאָ גרינג פעסט־שטעלן, אז א גאנצע רייע מלאָכות זיינען געבליבן אין יידישע הענט. אין באַ־קליידונג האָבן יידן אין 1897־טן יאָר אויסגעמאכט 94,0 פּראָצענט פון אלע באַשעפ־טיקטע בעלי־בתים און ארבעטער. אין 1928־טן יאָר האָבן יידן אויסגעמאכט 97,0 פּראָצענט פון אלע מענער־שניידער (בעלי־בתים); פון אלע דאַמען־שניידער (בעלי־בתים) — 85,0 פּראָצענט; פון שוסטער און קאַמאַשן־שטעפּער — 96,0 פּראָצענט; פון היטל־מאַכערס — גאנצע 100,0 פּראָצענט. אין אלגעמיין האָבן יידן אויסגע־מאכט אין 1928 — 96,0 פּראָצענט פון אלע בעלי־בתים אין דער באַקליידונג־בראַנ־זשע, מער מיט א פּאָר פּראָצענט ווי אין 1897 אין דער זעלביקער בראַנזשע, אָבער פון אלע באַשעפטיקטע (בעלי־בתים און ארבעטער). אין דער שפּייז־פּראָדוקציע האָבן יידן אויסגעמאכט אין 1897 — 90,0 פּראָצענט פון אלע באַשעפטיקטע. אין 1928 האָבן יידן אויסגעמאכט פון אלע בעלי־בתים:

| | | |
|---|---|---|
| קצבים . . . . . . . | 98,0 | פּראָצענט |
| בעקער . . . . . . | 97,0 | " |
| מילנער . . . . . . | 80,0 | " |
| קאָנדיטאָרן . . . . | 82,0 | " |
| צוקערקעס־פאַבריקלעך . | 100,0 | " |
| וורשט־מאַכער . . . . . | 0,0 | " |
| **אין דער גאנצער בראַנזשע** | **87,0** | **פּראָצענט** |

אויך אין דעם דאָזיקן צווייג קאָן מען ניט רעדן פון אן ארויסשטויס. אין אלע איבעריקע בראַנזשעס, וואָס טראָגן אן אויסגעשפּראָכן האַנטווערקערישן כאראקטער, בלייבן די יידן כמעט די איינציקע פארטרעטער. אזוי האָבן יידן אויסגעמאכט:

| | אין 1897*) | אין 1928**) |
| --- | --- | --- |
| פּאָליגראַפּישע אונטערנעמונגען . . . . | 98,0 | 100,0 |
| זייגער־מאַכער און יובעלירן . . . . | 95,0 | 100,0 |

אין דער מעטאַל־בראַנזשע האָבן יידן אויסגעמאַכט אין 1897 נאָר 30,0 פּראָ־צענט, ווייל דאָרטן גייען דאָך אריין אויך די ארבעטער. אין 1928 מאַכן אויס די יידן פון בעלי־בתים: שמידן — 85,0 פּראָצענט, שלאָסער — 90,0 פּראָצענט.

ס'איז קלאָר, אז אויך אין די דאָזיקע מלאָכות איז ניט געווען קיין ארויסשטויס־פּראָצעס.

ניט באַדייטנדיק האָט זיך פארקלענערט דער פּראָצענט יידן אפילו אין די לי־בעראַלע פּראָפעסיעס, הגם אין דער בראַנזשע זיינען די באַדינגונגען פאר יידן זעהר שלעכטע. צווישן די 20 אַדוואָקאַטן אין 1928 זיינען געווען סך־הכל 2 יידן — דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אין געריכט מוז מען רעדן פויליש און פון די אָרטיקע יידישע אַדוואָקאַטן האָבן זיך ווייניק צוגעפּאַסט. די צאָל יידישע מעדיצין־דאָקטוירים האָט זיך ניט פארקלענערט, הגם אין דער קראַנקען־קאַסע נעמט מען צו מער ניט־יידן.

צו די געבראַכטע מאַטעריאַלן קאָנען מיר נאָך צוגעבן אביסל דאַטן, וואָס מיר האָבן באַקומען אין פארשיידענע אינסטיטוציעס און פון פּריוואַטע קוועלן — זיי פּרע־טענדירן ניט אויף פּינקטליכקייט, אָבער זיי דערגאַנצן דאָס בילד פון א שטאָט און פון איר יידישער באַפעלקערונג.

אין דער פּינסקער קראַנקען־קאַסע זיינען געווען פאַרזיכערט 4712 פּערזאָנען; פון דעם ארום 50 ביז 60 פּראָצענט יידן. פון אלע פארזיכערטע זיינען געווען 2780 אַרבעטער. שניידער־ארבעטער פארזיכערטע זיינען געווען 226; פון זיי מער פון 95 פּראָצענט יידן. שוסטער־ארבעטער פארזיכערטע — 28; פון זיי יידן מער פון 90 פּראָצענט. משרתים און אָנגעשטעלטע פארזיכערטע — 981; פון זיי יידן בערך 98 פּראָצענט. הויז־דינסטן פארזיכערטע — 526, פון זיי ניט־יידישע 90 פּראָצענט. באַאַמטע פאַרזיכערטע — 325; פון זיי 99 פּראָצענט ניט־יידן. די דאָזי־קע אלע ידיעות האָב איך באקומען אין קראַנקען־קאַסע פון די באַאַמטע, וואָס פירן אָן מיט דער ארבעט. די דאָזיקע דאַטן באַשטעטיקן, ראשית, אז אין די יידישע פאַכן זיינען עד־היום די יידישע ארבעטער געבליבן כמעט אָן קאָנקורענטן. דאָס זעלביקע האָבן מיר באַשטעטיקט די ארבעטער און די בעלי־מלאָכות פון די דערמאָנטע פאכן, מיט וועמען איך האָב גערעדט א פארזאַמלונג־שמועס. די לעצטע יאָרן האָבן זיך באַוויזן ניט־יידישע שניידערנס, וואָס נעמען צו דער ארבעט פוילישע מיידלעך. אזעלכע שניידערנס זיינען פאראן אין פּינסק 6—7 מיט אַן ערך 20 ארבעטערנס. נאָך דער מלחמה האָט זיך די מלאָכה נאָך מער צעבּרעקלט — אין פּינסק זיינען פאר דער מלחמה געווען צוויי יידישע דאמען־שניידער־ווארשטאַטן, וווּ ס'האָבן געארבעט 40 ארבעטער; 6 יידישע ווארשטאטן מיט 60 ארבעטער און א 4—5 מיט 5—6

*) פון אלע באַשעפטיקטע.

**) פון די בעלי־בתים.

ארבעטער אין יעדן. אַט די 13—14 גרעסערע דאמען־שניידער־וואַרשטאַטן האָבן געהאַט אינאיינעם אזעלכע 120—125 ארבעטער. אין יאָר 1930 זיינען געווען נאָר 5—6 גרעסערע וואַרשטאַטן פון דאַמען־שניידער און אין זיי האָבן געארבעט נאָר באַ 50 ארבעטער. די גאָר גרויסע זיינען אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען. דערפאַר אָבער האָט זיך שטאַרק פארגרעסערט די צאָל קליינע וואַרשטאַטן, ווו מען ארבעט אליין אָדער מיט איין מיידל. די אָרטיקע פראָפעסיאָנעלע שול לאָזט ארויס גוטע שניידערנס — זיי האָבן זיך ניט ווו אהינצוטאָן און עפענען אליין וואַרשטאַטן. אמאָל פלעגט מען אוועקפאָרן אויף ארבעט, חוץ קיין אמעריקע, אויך קיין קיעוו, יעקאַטערינאָסלאַוו, אָדעס און כערסאָן. איצט ליגט פינסק פארוקט אין א טעמפן ווינקל און ס׳איז ניטאָ וווהין צו אנטלויפן פון דאָרטן. באַ די מענער־שניידער איז די אנטוויקלונג געווען בערך די זעלביקע, נאָר מיט אייניקע אנדערע שמריכן. ס׳האָבן זיך געעפנט צוויי גרעסערע מאַגאַזינען מיט וואַרשטאַטן באַ די מאַגאַזינען, וואָס נעמען אָן בעסערע באַשטעלונגען. אין די צוויי מאַגאַזינען ארבעטן א 15 ארבעטער. ביז צוזייק מיט עטליכע יאָר זיינען געווען מאַגאַזינען נאָר פון גאָר פשוטע פויערשע קליידער. באַ די באַשטעל־שניידער איז פאַר דער מלחמה געווען אינגאַנצן 20—25 וואַרשטאַטן; איצט 75—80. פאַר דער מלחמה זיינען געווען, כמעט א העלפט וואַרשטאַטן מיט 10 — 12 ארבעטער אין יעדן; איצט נאָר 4 וואַרשטאַטן צו 8 ארבעטער אין יעדן; 4 — צו 5 ארבעטער אין יעדן און אין אלע איבעריקע ארבעט מען אַליין אדער מיט איין ארבעטער. נאָך א נייע דערשיינונג — ערשט נאָך דער מלחמה האָבן זיך באַוויזן פוילישע שניידער — איצט זיינען פאַראַן 4 פוילישע מענער־שניידער־וואַרשטאַטן, וואָס ארבעטן דער עיקר פאַר פוילישע באַאַמטע.

מעבל־סטאָלעריי איז פאַר דער מלחמה געווען גאָר שטאַרק אנטוויקלט אין פינסק — פינסק פלעגט שיקן מעבל קיין רוסלאַנד, און חוץ דעם האָט דער ארומיקער ראַיאָן אָפגענומען א סך מעבל, באַזונדערס די אייזנבאַן־באַאַמטע פון די ארומיקע אייזנבאַן־קניפן. פאַר דער מלחמה איז אין פינסק געווען ביז 40 מעבל־וואַרשטאַטן. 1 וואַרשטאַט מיט 70 ארבעטער; 1—מיט 20; 10 וואַרשטאַטן מיט 70—75 ארבעטער; 10 מיט 30—35 אַרבעטער און די איבעריקע האָבן מערסטנטיילס געהאַט נאָר א לערן־יינגל אָדער אן ארבעטער. בערך זיינען געווען א פאָר הונדערט יידישע סטאָלער־ארבעטער. די ארויסגעאַרבעטע סחורה פלעגט אָפגענומען ווערן פון די מאַגאַזינען, וואָס האָבן עס עקספאָרטירט. נאָך דער מלחמה איז גאָר געווען שלעכט — רוסלאַנד איז פאַרלאָרן געגאַנגען; די אָרטיקע אייזנבאַן־וואַרשטאַטן זיינען אונטערגעגאַנגען; די נאָענטע צענטראַלע אייזנבאַן־קניפן זיינען געבליבן אין רוסלאַנד; די צאָל באַאַמטע איז געוואָרן קלענער און דער פוילישער באַאַמטער, וואָס איז געקומען פון קאָנגרעס־פוילן און נאָך אָפטער פון גאַליציע, האָט מיט זיך מיטגעבראַכט מעבל. די לעצטע פאָר יאָר האָט פינסק דאָך געפונען א מאַרק פאַר איר מעבל — באַראַנאָוויטש, בריסק, לוצק, נאָוואָגרודעק און טיילווייז אפילו וואַרשע קויפן פינסקער מעבל. דאָך איז דער פאַך קלענער געוואָרן — איצט זיינען פאַראַן נאָר ביז 20 וואַרשטאַטן מיט בערך 150—160 ארבעטער. די 2 גרויסע וואַרשטאַטן עקסיסטירן איצט אויך. דער גאָר גרויסער וואַרשטאַט מיט 70 ארבעטער האָט געהאַט, בעת איך בין געווען אין פינסק, נאָר א מענשן 40. דער דאָזיקער וואַרשטאַט מאַכט קעפלעך צו ניי־מאַשינעס. דער

ווארשטאט האָט ביז איצט געהאט נאָר האַנט־ארבעט; בשעת איך בין געווען אין פינסק, איז געשטעלט געווארן א מאָטאָר און דער בעל־הבית האָט זיך באַרימט, אז אינגיכן וועט קומען א צווייטער מאָטאָר און דער ווארשטאַט וועט אָנהויבן אויסארבעטן אלערליי סאָרטן מעבל. דער בעל־הבית האָט דורכגעמאכט אן אינטערעסאנט לעבן — אן ארבעטער, איז ער אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע נאָך סוף 19־טן יאָרהונדערט, אָפּגעווען דאָרטן אַ פּאָר יאָר און האָט זיך אומגעקערט קיין פינסק. אין א לאנד אָן א גאָט האָט ער ניט געוואלט לעבן . אָבער זיין רייזע קיין אמעריקע איז אים נוט צונויץ געקומען — ער האָט זיך אויסגעלערנט מאכן קעפּלעך צו ניי־מאשינעס. ער האָט געמאכט א ווארשטאט אין פינסק און ס'איז אוועק גוט. ער האָט איינגעפירט א ברייטע צעטיילונג פון ארבעט און ספּעציאַליזאַציע און דערמיט האָט ער געמאכט זיינע אויסארבעטונגען ביליקער ווי געוויינליך. דער צווייטער גרויסער ווארשטאט, וואָס האָט אויך איצט א 20 ארבעטער, מאכט ברעטלעך פאר קלאָזעטן אויף עקס־פּאָרט. דער סטאָלערי־פאַך איז אינגאנצן א יידישער — כמעט גאָר ניטאָ קיין קריסטן. בשעת איך בין דאָרט געווען, זיינען געווען 75 ארבעטלאָזע סטאָלער — פון זיי האָבן נאָר 35, וואָס האָבן געארבעט אין גרעסערע ווארשטאטן, באַקומען מלוכה־שטיצע; די איבעריקע האָבן ניט געהאט קיין שטיצע. די 75 זיינען געווען ארבעטלאָז שוין באַלד דריי חדשים.

ווייסע סטאָלערס זיינען געווען פאר דער מלחמה 10 ווארשטאטן מיט 60 — 70 ארבעטער; איצט נאָר 15—20 ארבעטער, אלע יידן. בוי־ארבעטער זיינען פאראן אַ 50 יידן און א 25 ניט־יידן.

די שוסטעריי גייט אויך אין פינסק אונטער, ווי אין אלע שטעט. פינסק האָט אויך כמעט אויסשליסליך יידישע שמידן, שלאָסער, טאָקערס. אויף וויפיל דער האנט־ווערק ליגט אין יידישע הענט, קאָן מען זען דערפון, וואָס אין אָרטיקן מאַגיסטראַט זיינען רעגיסטרירט נאָר 12 קריסטליכע האַנטווערקער. נאָר צוויי פאַכן — באָנדעריי און סטעלמאכעריי — זיינען ארויס פון יידישע הענט כמעט אינגאנצן. בעלי־בתים זיינען נאָך פאראן איינצלנע יידן, אָבער ארבעטער יידישע גאָר ווייניק.

חוץ האנטווערקער־ארבעטער זיינען נאָך פאראן א 700—800 יידישע פאבריק־אַרבעטער. אין דער שוועבעלעך־פאַבריק, וווּ ס'ארבעטן ביז 450 ארבעטער, איז פאראן יידן 350—360 אָדער בערך 78,0 פּראָצענט. אויף דער פּאַפּיר־פאַבריק זיינען באַ־שעפטיקט ביז 350 ארבעטער, פון זיי יידן 170—175, בערך א העלפט. פאר דער מלחמה האָט די דאָזיקע פאַבריק אויסגעארבעט אויך פּלעקלעך און האָט געהאט בערך די זעלביקע צאָל ארבעטער ווי איצט, אלע יידן. אין פינסק זיינען פאראן א 7—8 זעגמילן מיט א 700—750 ארבעטער אין סעזאָן; דאָרטן זיינען פאראן זעהר ווייניק יידישע ארבעטער, העכסטנס צען פּראָצענט. יידישע וואַלד־אָנגעשטעלטע זיינען פאראן אין פינסק ביז 150; בשעת איך בין געווען, זיינען געווען ביז 100 וואַלד־אָנגעשטעלטע ארבעטלאָז און די איבעריקע זיינען שוין אויך געווען אָפּגעזאָגט. די רעגירונג האָט אויפגעהערט פארקויפן יידן וואַלד און האָט אָנגעהויבן אליין האַקן און אליין באַארבעטן. די רעגירונג האָט אפילו געעפנט אין בעלאָוועזש א וואלד־אינסטי־טוט אויף גרייטן ספּעציאַליסטן. פארשטייט זיך ,אז יידן ווערן ניט צוגעלאָזן און

ווערן ניט צוגענומען אויף שטעלעס. א גאַנצער צווייג, וואָס האָט געגעבן פּרנסה אין פּינסק ביז 200 יידישע משפּחות, ווערט ארויסגעריסן פון יידישע הענט דורך דער רעגירונג. וואַלד-סוחרים זיינען געווען אין פּינסק אָנהויב 1930 ביז 20; פון זיי נאָר 2 ניט-יידישע. גאָר גרויסע וואַלד-סוחרים זיינען געווען 4, אלע יידן, אלע אויפ-געקומענע, וואָס האָבן זיך ערשט נאָך דער מלחמה ארויפגעארבעט. מיטעלע וואַלד-סוחרים זיינען געווען א 7—8 און קליינע אויך א 7—8.

פּינסק איז געוויס געוואָרן אָרימער — פריער איז פּינסק געווען א וואַסער-קנופּ-פּונקט צווישן די פויליש-ליטווישע גובערניעס און די אוקראינישע. דער וואַסער-טראַנספּאָרט איז געווען אזוי ביליק, אז מען פלעגט פירן פון דרום-רוסלאַנד זאַלץ ביז פּינסק מיטן וואַסער און ערשט פון דאַנען די זאַלץ צעשיקן אין די פוילישע און ליטווישע גובערניעס; פון דער צווייטער זייט פלעגט פון לאָדזש גיין מאַנופאַקטור מיט דער באַן ביז פּינסק און פון דאַנען מיטן וואַסער צעשיקט ווערן איבער אלע גו-בערניעס, וואָס ליגן באַם דניעפּר. שאָדן דער שטאָט האָט אויך געבראַכט דאָס, וואָס מען האָט פאַרמאַכט די באַן-וואַרשטאַטן, ווו ס'פלעגן אַרבעטן ביז 3000 אַרבעטער. עס האָבן זיך אויך פאַרמאַכט אייניקע פאַבריקן, ווי די צוועקעס-פאַבריק (60—70 אַרבעטער), כאַלוואַ-פאַבריק מיט 20 אַרבעטער; ביר-ברויעריי און נאָך עטליכע קלע-נערע אונטערנעמונגען. פאַר דער מלחמה איז אין פּינסק געווען גוט אנטוויקלט אויך רויכוואַרג, וואָס איז איצט אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען.

ס'איז שווער, פאַרשטייט זיך, אָפּמעסטן די מדרגה פון דער עקאָנאָמישער ירידה. א שטיקל באַגריף קאָנען געבן די צאָלן וועגן די גבירים אין שטאָט. אין פּינסק זיינען געווען פאַר דער מלחמה 9—10 יידן, וואָס יעדער פון זיי האָט פאַרמאָגט א האַלבן ביז א מיליאָן רובל, ד. ה. פון א פערטל ביז א האַלבן מיליאָן דאָלאַר. איצט איז ניטאָ קיין איין גביר פון אזא מאַסשטאַב, חוץ אפשר דעם בעל-הבית פון דער שווע-בעלעך-פאַבריק, וואָס לעבט אָבער ניט אין פּינסק. עס זיינען געווען פאַר דער מלחמה ניט ווייניקער פון 50 יידן, וואָס יעדער פון זיי האָט פאַרמאָגט פון 50 ביז 100 טויזנט רובל, ד. ה. פון 25 ביז 50 טויזנט דאָלאַר. איצט איז ניטאָ קיין איין גביר, וואָס זאָל פאַרמאָגן 50 טויזנט דאָלאַר, ד. ה. קרוב צו א האַלבן מיליאָן זלאָטעס. די גרופּע גבירים, וואָס פאַרמאָגט 10 ביז 20 טויזנט דאָלאַר יעדער, איז א קליינע און באַטרעפט 10—12 פּערזאָן. אין די אונטערשטע קלאַסן איז די אָרימקייט גאָר געשטיגן. אַן ערך 20—25 פּראָצענט פון אלע קרעמער און בעלי-מלאכות קומען אָן צו דער גמילת-חסדים-קאַסע, ווו די העכסטע הלואה איז 20 דאָלאַר.

די פינף יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק האָבן געהאַט אויפן ערשטן יאַנואַר 1930 אייגענעם קאַפּיטאַל 380.000 זלאָטעס; פּקדונות — 1 מיליאָן צוויי הונדערט טויזנט זלאָטעס. קרעדיטן האָבן זיי ארויסגעגעבן בערך אויף 2 מיליאָן זלאָטעס אין יאָר 1929. 75 פּראָצענט פון אלע קרעדיטן האָבן באַקומען סוחרים און גרעסערע קרע-מער און 25 פּראָצענט קליינע קרעמערלעך און בעלי-מלאָכות.

אָט ווי אַן אָרטיקער ייד האָט כאַראַקטעריזירט די לאַגע אין פּינסק: עסן איז באַ אונז ביליק און מען האָט אפשר צום עסן; אָבער מען איז פאַרשפּאַרט ווי אין א שטייג. ניטאָ זיך ווו אַהינצוטאָן — ניט קיין רוסלאַנד און ניט קיין אַמעריקע, און

פוילן איז קליין און איבערפולט. די יוגנט ווערט דערשטיקט און האָט קיינע פּער־ספּעקטיוון ניט — עפּענען נאָך קליטלעך, נאָך קרעמלעך, נאָך וואַרשטאַטלעך האָט קיין זינען ניט; פאַר באַאַמטע נעמט מען ניט אָן; די ליבעראַלע פּראָפעסיעס זיינען איבערפולט און דאָ הענגט דער חלף איבערן האלז פונם יידן: אָט האָט די רעגירונג צוגענומען דעם וואַלד־האַנדל און 150 יידישע משפחות זיינען געבליבן אָן ברויט און אויך אָן יעדער מעגליכקייט זיך צו עפּעס נעמען אָדער ערגיץ וווהין אַנטלויפן. און אָט רעדט מען, אַז די רעגירונג וועט איבערנעמען די שוועבעלעך־פאַבריקן פון די פּריוואַטע אונטערנעמער — און אַ פּחד איז אָנגעפאַלן אויף די 400 יידישע אַר־בעטער און אויף די פּאָר צענדליק יידישע אָנגעשטעלטע, וואָס ווייסן שוין זעהר גוט פון דער טאַבאַק־אינדוסטריע, ווי די רעגירונג מאַכט די פאַבריקן יידן־ריין. מיר האָבן באַקומען ניט לאַנג אַ פיליאַלע פון דער מלוכה־באַנק — באַקומען באַנקראָטירטע פוילישע גוט־באַזיצער גרויסע קרעדיטן און יידן ניט; אַ פוילישער שניידער האָט באַ־קומען 60 טויזנט זלאָטעס קרעדיט; אַ נייער קרעמער אַ פוילישער אָן יעדן אייגנטום האָט באַקומען 10.000 זלאָטעס קרעדיט און אַלטע יידישע פירמעס, וואָס האָבן אייגענע הייזער און קליטן, זאָגט מען אָפּ. די באַאַמטע אין אַלע אינסטיטוציעס, באַזונדערס אין די פינאַנץ־ און שטייער־אַמטן, זיינען פּאָליאַקן, אפילו ניט קיין אָרטיקע, פרעמדע, צוגעשיקטע מערסטנטיילס פון גאַליציע — און זיי פירן זיך ווי אין אַן אָקופּירטן קאַנט. זיי קאָנען ניט די באַפעלקערונג; האָבן קיינע פאַרבינדונגען ניט מיט דער אָרטיקער, נאָך ווייניקער מיט דער יידישער באַפעלקערונג און ווייסן פשוט ניט, ווען זיי זאָלן אפילו האָבן אַ גוטן רצון, בא וועמען מיקאָן נעמען מער שטייערן און בא וועמען מען מוז נעמען ווייניקער. סטאַרען זיי זיך דער עיקר יוצא זיין פאַר זייער „נאַטשאַל־סטוואָ" און רייסן פון טויט און פון לעבעדיק. דער ייד פילט זיך פאַרשפאַרט אין אַ שטייג און איבערגעענטפערט אין הענט פון שונאים, וואָס זוכן אים אָפּצאַפּן וואָס מער בלוט און אים פאַרסמען דאָס לעבן. מען לעבט אָן האָפענונגען און אין שטענ־דיקער מורא, אַז אָט וועט מען אָנפאַלן אויף דיר און מ'וועט דיר אינגאַנצן אַרויסרייסן דעם ביסן ברויט פון מויל אָדער מען וועט דיר אָפּצאַפּן אַזאַ גרויסן עמער מיט בלוט, אַז דו וועסט שוין קיין תחית המתים ניט אויפשטיין. לעבט מען אין מרה־שחורה און מען גייט אַרום דערשלאָגן. און ס'איז עפּעס גאָר ניטאָ קיין האָפענונגען, אַז ס'וועט אַמאָל ווערן ליכטיקער, גרינגער אויף דער נשמה.

## 13. דער אָנטייל פון יידן אין לאָדזשער האַנדל און אין לאָדזשער אינדוסטריע

לאָמיר אויך בנוגע לאָדזש פּרוּוון פאַרגלייכן דעם אָנטייל פון יידן אין ערוּמיקן עקאָנאָמישן לעבן, ווי אויך דעם אינעווייניקסטן סאָציאַלן בוי פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַר פאַרשיידענע צייטן. ראשית כל לאָמיר אויסנוצן די ציילונגען פון 1897 און 1921. די טאַב. 1 און 2 (ז. 113—114) גיבן דעם סאָציאַלן בוי פון דער יידישער און ניט-יידישער באַפעלקערונג פאַר די צוויי דערמאָנטע יאָרן. די דאַטן פון 1897 זיינען אַביסל אנדערש געבויט ,ווי פון 1921, און דעריבער מוז מען מאַכן פאַלגנדיקן קאָרעקטיוו, כדי זי זאָל ווערן פאַרגלייכבאַר. די אָנגעשטעלטע זיינען אין 1897-טן יאָר צונויפגעפאָרט געוואָרן מיט די הויז-דינסטן, ווען אין 1921-טן יאָר זיינען זיי אריין אין די באַזונדערע ווירטשאפט-אָפּטיילונגען. אויפן גרונט פון די דאַטן פון 1921 קאָן מען אָננעמען, אז פון די העכער זעקס טויזנט אָנגעשטעלטע און הויז-דינסטן אין 1897 זיינען געווען בערך א דריי טויזנט אָנגעשטעלטע, פון זיי מער פון א העלפט און דער אינדוסטריע. דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין האנדל אין 1897-טן יאָר ווערט דערגרייכן בערך קרוב צו 35 פּראָצענט און פון די באַשעפטיקטע אין דער אינדוסטריע קרוב צו 43 פּראָצענט. פאַרגלייכט מען מיט 1921, ווערט זיך באַקומען, אז דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין האנדל באַ יידן איז געפאַלן אויף א פיר פונקטן און די צאָל באַשעפטיקטע אין אינדוסטריע איז געשטיגן אויף א פונקט. אין דער אמתן אָבער איז דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין אינדוסטריע אויסגעוואַקסן אויף א דריי פונקטן, מחמת אין 1921-טן יאָר זיינען די ארבעטלאָזע אריין אין דער רובריק „ארבעטלאָזע, ארעסטאַנטן, קראַנקע אין שפּיטאָלן א. א. וו.“ מיקאָן, בכן, רואיק מאַכן דעם אויספיר, אז באַ יידן אין לאָדזש האָט זיך דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין האנדל פאַרקלענערט אויף א 10—12 פּראָצענט, ווען דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין דער אינדוסטריע האָט זיך פאַרגרעסערט בערך אין דער זעלבער מדרגה. באַ ניט-יידן אין לאָדזש האָט זיך דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין האנדל געהעכערט אויף א פּאָר פונקטן און דער פּראָצענט באַשעפטיקטע אין אינדוסטריע איז געבליבן בערך דער זעלבער. אין אלגעמיינעם קאָן מען זאָגן, אז דער סאָציאַלער בוי פון דער יידישער, ווי פון דער ניט-יידישער באַפעלקערונג, האָט זיך ניט שטאַרק געענדערט פון 1897 ביז 1921. אויסגעוואַקסן באַדייטנדיק איז די גרופּע ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטע; באַ יידן דער עיקר די ליבעראלע פּראָפעסיעס, און באַ ניט-יידן די באאמטע — באַ יידן פון 2,2 פּראצענט אין 1897 אויף 4,5 אין 1921; באַ ניט-יידן פון אנדערטהאלבן פּראָצענט אין 1897 אויף 5,6 אין 1921.

## טאַבעלע I.

### פראָפעסיאָנעלער באַשטאַנד פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באַפעלקערונג אין לאָדזש*)
(1897)

| פראָפעסיעס | אַלגעמיינע צאָל | | ב ע פ ע ל ק ע ר ו נ ג: ייִדן | | פּאָליאַקן | | דייטשן | | גרויסרוסן | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אַבסאָלוט | פּראָצענט | אַבס. | % | אַבס. | % | אַבס. | % | אַבס. | % |
| האנדל און קרעדיט . . . | 14.115 | 10,8 | 9.571 | 30,2 | 2.377 | 3,6 | 1.754 | 6,4 | 322 | 6,6 |
| האנטווערק און אינדוסטריע | 73.509 | 56,3 | 12.609 | 39,7 | 40.351 | 61,5 | 19.873 | 72,8 | 424 | 8,7 |
| לאנדווירטשאפט . . . . | 392 | 0,3 | 24 | 0,1 | 288 | 0,4 | 77 | 0,3 | 2 | 0,1 |
| פרייע פּראָפ. און באאמטע | 2.977 | 2,3 | 708 | 2,2 | 1.162 | 1,8 | 426 | 1,6 | 576 | 11,8 |
| מיליטער . . . . . . . | 4 167 | 3,2 | 285 | 0,9 | 93 | 0,2 | 164 | 0,6 | 3.070 | 62,8 |
| טראנספּאָרט און טרעגערס | 2.349 | 1,8 | 709 | 2,2 | 1.493 | 2,3 | 108 | 0,4 | 39 | 0,8 |
| אָנגעשטעלטע, הויזדינסט . | 27.735 | 21,2 | 6.132 | 19,3 | 17.801 | 27,1 | 3.400 | 12,4 | 319 | 6,5 |
| רענטנער און פענסיאָנערן. | 4.019 | 3,1 | 1.193 | 3,8 | 1.466 | 2,3 | 1.274 | 4,7 | 73 | 1,5 |
| אַרעסטאַנטן . . . . . . | 100 | 0,1 | 33 | 0,1 | 42 | 0,1 | 21 | 0,1 | 4 | 0,1 |
| פּראָסטיטוציע . . . . . . | 42 | 0,0 | 20 | 0,1 | 23 | 0·0 | 7 | 0,0 | 2 | 0,1 |
| פּראָפעסיע ניט באַקאַנט . | 1.191 | 0,9 | 431 | 1,4 | 487 | 0,7 | 203 | 0,7 | 47 | 1,0 |
| **סך־הכל . . . . . . .** | **130.596** | **100,0** | **31.715** | **100,0** | **65.583** | **100,0** | **27.271** | **100,0** | **4.878** | **100,0** |

*) Первая всеобщая перепись населенія Россійской Имперіи. Петроковская губернія 1897.

טאבעלע II
פראָפעסיאָנעלער באַשטאַנד פון דער עקאָנאָמיש אַקטיווער באַפעלקערונג אין לאָדזש*)
(1921)

| פראָפעסיעס | ייִדן אבסאָלוט | ייִדן פראָצענט | ניט־ייִדן אַבסאָלוט | ניט־ייִדן פראָצענט |
|---|---|---|---|---|
| האַנדל און קרעדיט | 17.186 | 31,0 | 10.693 | 7,6 |
| האנטווערק און אינדוסטריע | 24.450 | 44,0 | 86.331 | 63,4 |
| לאַנדווירטשאַפט | 44 | 0,1 | 2.005 | 1,5 |
| פרייע פראָפעסיעס און באַאַמטע | 2.514 | 4,5 | 7.851 | 5,6 |
| מיליטער | 66 | 0,1 | 1.393 | 1,0 |
| טראַנספּאָרט און טרעגערס | 2.153 | 3,8 | 4.887 | 3,6 |
| הויזדינסט | 4.126 | 7,4 | 9.768 | 7,4 |
| אַרבעטלאָזע, אַרעסטאַנטן, קראַנקע אין שפּיטאָלן, אינטערנאַטן און אָן פראָפ· | 4.047 | 7,3 | 9.779 | 7,4 |
| פראָפעסיע ניט באַקאַנט | 946 | 1,8 | 3.417 | 2,5 |
| **סך־הכל** | **55.532** | **100,0** | **136.124** | **100,0** |

נעמען מיר דעם אָנטייל פון ייִדן אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־צווייגן, באַקומען מיר פאָלגנדיקע טאבעלע:

טאבעלע III
דער פראָצענט ייִדן אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־אָפּטיילן אין לאָדזש

| ווירטשאַפט־אָפּטייל | 1897 | 1921 | +אָדער— |
|---|---|---|---|
| האַנדל און קרעדיט | 67,8 | 61,6 | — 9,1 |
| אינדוסטריע און האַנטווערק | 17,1 | 22,1 | + 29,2 |
| פרייע פראָפעסיעס און באַאַמטע | 23,4 | 24,3 | + 3,8 |
| טראַנספּאָרט | 30,2 | 30,6 | + 1,3 |
| הויז־דינסט | 22,1**) | 29,7 | + 34,4 |
| פראָצענט ייִדן אין דער באַפעלקערונג | 31,4 | 34,5 | + 9,9 |
| פראָצ. ייִדן פון אלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע | 24,3 | 29,0 | + 19,3 |

*) אויפן גרונט פון מאַטעריאַלן, באַקומענע און לאָדזשער סטאַטיסטישן אַמט פון מאַגיסטראַט. (?) ... פאַרוואַלטער ראָסעט, וועמען איך דריק דאָ אויס מיין טיפסטן דאַנק.

**) מיט די אָנגעשטעלטע.

דער אַנטייל פון יידן אין דער אינדוסטריע האָט זיך **פארגרעסערט** אויף
קרוב צו דרייסיק פראָצענט; פארקערט, דער אַנטייל פון יידן אינם האנדל פון לאָדזש
האָט זיך **פארקלענערט** אויף בערך ניין פראָצענט. דער אַנטייל פון יידן אין
די פרייע פראָפעסיעס און באַאַמטע האָט זיך ווייניק פארגרעסערט, אָבער ווען מען
צעטיילט די דאָזיקע גרופּע אויף פרייע פראָפעסיעס באַזונדער און באַאַמטע באַזונדער,
וועט זיך געוויס ארויסבאקומען, אז דער אַנטייל פון יידן אין דער ערשטער גרופּע איז
אויסגעוואקסן, וואָס מיר וועלן ווייטער דערווייזן. אין טראַנספּאָרט איז דער פראָצענט
יידן געבליבן בערך דער זעלביקער און די דאַטן פאר הויז-דינסט זיינען ניט פארגלייכ-
באַר, מחמת אין די דאַטן פארן יאָר 1897 גייען אריין אויך די אַנגעשטעלטע.
דער פראָצענט עקאָנאָמיש-אקטיווע בכלל איז געווען:

| | אין 1897 | אין 1921 |
|---|---|---|
| בא יידן | 32,1 | 35,6 |
| בא ניט-יידן | 45,9 | 46,0 |

אָט די דאָזיקע עטליכע ציפערן זיינען ביז גאָר אינטערעסאנט — זיי ווייזן, אז בא
יידן האָט זיך דער פראָצענט באַשעפטיקטע פארגרעסערט אויף מער פון צען פראָצענט,
ווען בא ניט-יידן איז ער געבליבן אומפארענדערט. דאָס געפינט זיך אין פולן הסכם
מיט די נאָר וואָס קאָנסטאַטירטע דערשיינונגען, אז אין יידישן לעבן האָט זיך פאר-
שטארקט די ווירקונג פון דער אינדוסטריע און ס'האָט זיך אביסל אָפּגעשוואכט די וואָג
פונם האנדל; אז דער אַנטייל פון יידן אין גאנצן עקאָנאָמישן לעבן פון לאָדזש איז גע-
גאנגען אין דער זעלביקער ריכטונג, ס'איז געוואקסן דער אַנטייל פון יידן אין אינדוסטריע-
סעקטאר און ס'איז געפאלן זייער אנטייל אין האנדלס-סעקטאר. דער וווקס פון די
עקאָנאָמיש-אקטיווע בא יידן איז טאקע א רעזולטאט פון דעם דאָזיקן פראָצעס, וויל
אויסגעוואקסן איז געוויס די צאָל יידישע ארבעטער אין דער אינדוסטריע און זיי קאָנען
אויסהאלטן אויף זייערע פלייצעס א סך ווייניקער עקאָנאָמיש-פּאַסיווע, ווי די באַשעפ-
טיקטע אין האנדל. די פארקערטע ריכטונג בא דער ארומיקער באפעלקערונג גיט א
רמז דערויף, אַז בא די ניט-יידן זיינען אויסגעוואקסן די סאָציאלע גרופּן און קלאַסן,
וואָס גיבן געוויינליך ווייניקער עקאָנאָמיש-אַקטיווע, די באַשעפטיקטע אין האנדל און
די זעלבשטענדיקע.

די דאָזיקע ציפערן זיינען נאָך ניט גענוג, כדי צו מאכן אן אויספיר, אז בא יידן
איז פאָרגעקומען א פראָלעטאַריזירונג און בא ניט-יידן, פארקערט, א סאָציאַלער אויפ-
שטייג, אָבער ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אז דער וווקס פון עקאָנאָמיש-אקטיווע בא יידן,
ווען בא ניט-יידן איז אזא דערשיינונג ניט פאָרגעקומען, דער וווקס פון יידישן אַנטייל
אין דער אינדוסטריע, וואָס קאָן דערקלערט ווערן נאָר מיט א וווקס פון יידישע אר-
בעטער, וועלכע גיבן, ווי ארבעטער בכלל, א הויכן פראָצענט עקאָנאָמיש-אַקטיווע, און
ענדליך, דאָס פאלן פונם יידישן איינפלוס אין האנדל, וואָס גיט געוויינליך א סך זעלב-
שטענדיקע און דעריבער ווייניקער עקאָנאָמיש-אקטיווע — אָט די אלע מאָמענטן זיינען
געוויס מרמז אויף א פראָצעס פון א שטארקערער פראָלעטאַריזירונג בא יידן ווי
בא דער ארומיקער באפעלקערונג. דאָס ווערט אויך באַשטעטיקט דורכן פראָ-
צענט, וואָס יידן האָבן אויסגעמאַכט צווישן אלע עקאָנאָמיש-אקטיווע פון
לאָדזש: אין 1897 נאָר 24,3, ווייניקער ווי אין דער באפעלקערונג מיט העכער

זיבן פונקטן; אין 1921 האָבן די יידישע עקאָנאָמיש-אַקטיווע שוין אויסגעמאַכט 29,0 פּראָצענט, ווייניקער נאָר מיט 5,5 פונקטן. די טענדענץ איז, בכן, א קלאָרע — די יידישע באַפעלקערונג האָט געמאַכט א שריט, א קליינעם, אָבער געוויס א סימפּטאָמאַטישן, צו אויסגלייכן איר פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גלידערונג מיט דער אַרומיקער ניט-יידישער באַפעלקערונג. וואָס מער יידן קאָנצענטרירן זיך אין גרויסע אינדוסטריעלע שטעט, אַלץ בולטער ווערט דער דאָזיקער פּראָצעס.

לאָדזש איז ווייט ניט קיין ריין-פּוילישע שטאָט — ניט נאָר יידן מאַכן דאָרטן אויס בערך א דריטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, נאָר אויך די דייטשן זיינען דאָרטן אן אַנזעעוודיקער מיעוט. מיר האָבן דעריבער די מאַטעריאַלן פון 1897 באַאַרבעט לויט באַזונדערע נאַציעס. און ס'באַקומט זיך א גאַנץ אינטערעסאַנט בילד. די גרויס-רוסן קאָן מען ניט נעמען אין אכט, מחמת קרוב צו צוויי דריטל פון זיי זיינען באַשטאַנען פון מיליטער. מיר וועלן דעריבער פאַרגלייכן נאָר פּאָליאַקן, דייטשן און יידן.

פון הונדערט עקאָנאָמיש אקטיווע זיינען געווען באַשעפטיקט (1897):

| ווירטשאַפט-אָפּטייל | באַ יידן | באַ דייטשן | באַ פּוילן |
|---|---|---|---|
| האַנדל און קרעדיט . . . . . . . . . | 30,2 | 6,4 | 3,6 |
| אינדוסטריע און האַנטווערק . . . . . | 39,7 | 72,8 | 61,5 |
| פרייע פּראָפעסיעס און באַאַמטע . . . . | 2,2 | 1,6 | 1,8 |
| טראַנספּאָרט . . . . . . . . . . . | 2,2 | 0,4 | 2,3 |
| אָנגעשטעלטע און הויז־דינסט . . . . . | 19,3 | 12,4 | 27,1 |

באַ יידן זיינען געווען באַשעפטיקטע אין האנדל פינף מאָל מער ווי באַ דייטשן און ניין מאל מער ווי בא פאליאקן; פארקערט, אין אינדוסטריע האבן געהאט די דייטשן כמעט 2 מאָל מער באַשעפטיקטע און די פּאָליאַקן אַנדערטהאַלבן מאָל מער. די דייטשן האָבן דעם העכסטן פּראָצענט באַשעפטיקטע אין אינדוסטריע; די יידן אינם האנדל, די פאליאקן האבן געהאט א הויכן פּראצענט באשעפטיקטע אין הויז-דינסט.

פון הונדערט באַשעפטיקטע אין האנדל און קרעדיט אין לאָדזש זיינען געווען: יידן — 67,8 פּראצענט, דייטשן — 12,4, פאליאקן — 16,8 פּראצענט.

יידן האָבן געהאט אין האנדל באַשעפטיקטע צוויי מאָל מער ווי אין דער באַפעלקערונג; דייטשן אויף א דריטל ווייניקער און פאליאקן דריי מאל ווייניקער. ליידער, האבן מיר ניט די פארטיילונג לויט נאַציעס אין 1921-טן יאָר, אָבער ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אז דער צוואַקס פון האנדלס-עלעמענטן, וואָס מיר האָבן אויבן פעסטגעשטעלט בא ניט-יידן, געהערט געוויס די פאליאקן.

לאָמיר זיך אביסל פאַרהאַלטן באַ די באַאַמטע און באַ די פרייע פּראָפעסיעס. אין 1897-טן יאָר זיינען געווען אינגאַנצן אין לאָדזש 7 יידישע באאמטע; אין 1930 זיינען געווען נאָר אין מאַגיסטראַט יידישע באַאַמטע — *208), וואָס האָבן אויסגעמאַכט 6,7

*) אלע וויכטיקע ראַטן ווען באַאַמטע האָב אויך באַקומען אין לאָדזשער מאַגיסטראַט.

פראָצענט פון אלע באַאַמטע אין מאַגיסטראַט. דאָ גייען שוין אריין אויך אלע לערער און דאָקטוירים, וואָס זיינען אָנגעשטעלט באַם מאַגיסטראַט. פון די מאַגיסטראַט-באַאַמטע אין ענגערן זין פון וואָרט האָבן יידן אויסגעמאַכט נאָר 2,88 פראָצ. (46 פון 1602), 12 מאָל וויניקער פונם פראָצענט, וואָס יידן מאַכן אויס אין דער באַפעלקערונג. נעמט מען נאָר די האָקטוירים און לערער, וואָס זיינען נאָר טיילווייז פארנומען באַ מאַגיסטראַט-אַרבעט, מאַכן שוין יידן אויס 16,49 פראָצענט (123 פון 746). ווי מיר זעען, איז דער פראָצענט יידישע באַאַמטע נאָך גאַנץ ווייט פון דעם גערעכטן טייל, וואָס יידן קומט לויט זייער וואָג אין דער באַפעלקערונג. און דערביי זאָל נאָך צוגעגעבן ווערן, אז דער דאָזיקער פראָצענט יידן צווישן די באַאַמטע איז דערגרייכט געוואָרן ערשט אין די נאָר לעצטע יאָרן, זינט די פוילישע סאָציאַליסטן האָבן באַקומען אין לאָדזשער מאַגיסטראַט אַ מערהייט*).

פון די ליבעראלע פראָפעסיעס וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף די מעדיצינער, וועגן וועלכע מיר האָבן גראָד זעהר אינטערעסאַנטע ידיעות פארן יאָר 1926. אין 1897 איז געווען אין לאָדזש באַשעפטיקטע באַ מעדיצין און סאַניטאַרעריי 617, פון זיי יידן 167, אָדער 27,1 פראָצענט. אזוי ווי ס'איז גוט באַקאַנט, אז צווישן די נאָר נידעריקע סאַניטאַר-אָנגעשטעלטע זיינען פאראן וויניק יידן, קאָן מען אָננעמען, אז צווישן דעם העכערן און מיטעלן מעדיציניש פערסאָנאַל איז דער פראָצ. יידן געווען גרעסער, בערך צווישן 35 און 40 פראָצענט. פאָלגנדיקע טאַבעלע גיט אונז דאַטן וועגן יידישע מעדיצינער אין 1926:

טאַבעלע IV

יידישע מעדיצין־דאָקטוירים אין לאָדזש (1926)**)

| געשלעכט | אלגעמיינע צאָל מעדיצינער | דערפון יידן: לויט רעליגיע | דערפון יידן: לויט נאַציאָנאַליטעט |
|---|---|---|---|
| מענער . . . . . . . . | 353 | 191 | 39 |
| פרויען . . . . . . . . | 65 | 47 | 9 |
| **צוזאַמען** . . . . . . . . | **418** | **238** | **48** |

אַלזאָ, לויט דער רעליגיע מאַכן אויס יידן גאנצע 56,9 פראָצענט פון אלע מעדיצין-דאָקטוירים אין לאָדזש. די פרויען גיבן נאָך א העכערן פראָצענט — 72,3 פראָצענט פון אלע מעדיצין-פרויען זיינען יידישקעס. אין דער אמתן איז דער פראָ-

*) דערביי איז אינטערעסאַנט צו ברענגען אַ פּאָר דאַטן וועגן די אַסיגנירונגען פונם דאָזיקן מאַגיסטראַט אויף יידישע אינסטיטוציעס. דער סאָציאַליסטישער מאַגיסטראַט האָט אסיגנירט אויף יידישע אינסטיטוציעס פאר דריי יאָר (1928—1930) — 513.200 זלאָטעס, 11 מאָל מער, ווי דער פריערדיקער רעאקציאָנערער מאַגיסטראַט האָט אסיגנירט (46.000 זלאָטעס) אין די יאָרן 1925—1927.

**) Annuaire Statistique de la ville de Lodz. Lodz 1926, p. 200—202.

צענט יידן נאָך העכער, וואָרום פון 418 דאָקטוירים האָבן 37 ניט אָנגעגעבן זייער רעליגיע. ס'איז קלאָר, אז די גרעסטע צאָל פון די דאָזיקע נסתרים זיינען אָדער שוין משומדים אָדער ערב־משומדים. מען קאָן דעריבער אָנעמען, אז יידן גיבן בערך זעכציק פּראָצענט פון אַלע מעדיצין־דאָקטוירים, כמעט צוויי מאָל א העכערן פּראָצענט ווי אין דער באַפעלקערונג. פון 238 יידן־מעדיצינער זיינען געווען 47 פרויען אָדער קרוב צו צוואַנציק פּראָצענט; פון 180 ניט־יידישע דאָקטוירים זיינען געווען נאָר 18 פרויען אָדער צען פּראָצענט. פון 141 דאָקטוירים, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער קראַנקן־קאַסע זיינען געווען 94 יידן אָדער 67,0 פּראָצענט, דאָס הייסט, נאָך א העכערן פּראָצענט ווי יידן־דאָקטוירים בכלל. פון 22 מיליטער־דאָקטוירים, ד. ה. דאָקטוירים מיט מלוכה־שטעלעס, זיינען געווען נאָר 3 יידן אָדער נאָר 13,7 פּראָצענט.

פון אן אנדערן מקור*) ווייסן מיר, אז פון 5775 מעדיצין־דאָקטוירים אין גאַנץ פוילן, בנוגע וועלכע ס'זיינען געווען ידיעות וועגן זייער רעליגיע, זיינען געווען אין 1928 יאָר יידן 1965 אָדער 34,0 פּראָצענט. פון די דאָזיקע 1965 יידישע דאָקטוירים לויט זייער רעליגיע האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר יידן לויט נאַציע נאָר 673 אָדער 34,2 פּראָצענט. צוויי דריטל יידישע דאָקטוירים האָבן זיך צוגערעכנט צו דער פוילישער נאַציע. אין לאָדזש האָט נאָר איין פינפטל יידישע דאָקטוירים לויט דער רעליגיע זיך צוגערעכנט צו דער יידישער נאַציע.

דער העכער געבראַכטער פּראָצענט (34,0) יידישע דאָקטוירים אין גאַנץ פוילן אַנטשפּרעכט אויך ניט באמת דער ווירקליכקייט, וואָרום פון 7310 אויסגעפאָרשטע דאָקטוירים האָבן גאַנצע 1535 ניט אָנגעגעבן קיין שום רעליגיע און 1505 האָבן ניט אָנגעגעבן קיין שום נאַציע. ווער זיינען עס די דאָזיקע נאַקעטע נשמות? ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אז די גרעסטע מערהייט זייערע זיינען יידן. נעמען מיר אָן, אז נאָר טויזנט פון די דאָזיקע נסתרים זיינען געווען יידן אָדער פון יידישן אָפּשטאַם, און מיר וועלן באַקומען, אז פון 7310 מעדיצין־דאָקטוירים אין גאַנץ פוילן זיינען געווען לכל־הפחות דריי טויזנט יידן אָדער 41 פּראָצענט, פיר מאָל מער ווי אין דער באַפעלקערונג.

## 14. בעלי־בתים און פּראָלעטאַריער בא יידן און ניט־יידן אין לאָדזש

ביז גאָר אינטערעסאַנט זיינען די דאַטן וועגן דער סאָציאַלער גלידערונג פון דער לאָדזשער באַפעלקערונג, וואָס מיר וועלן גענויער באַטראַכטן.

טאַבעלע 5 גיט די סאָציאַלע גלידערונג פון די דריי הויפּט־נאַציעס פון לאָדזש. זעלבשטענדיקע זיינען געווען בא יידן 4 און א האַלב מאָל מער ווי בא פּאָליאַקן און דריי מאָל מער ווי בא דייטשן . דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס בא יידן איז דאָ זעהר א גרויסער פּראָצענט קליינע אונטערנעמונגען און זעלבשטענדיקע בעלי־מלאָכות. דער פּראָצענט אָנגעשטעלטע איז בא די דייטשן א סך העכער ווי בא יידן און בא פּאָליאַקן — אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע גייען אריין אַלע, וואָס ווערן צוגערעכנט צום טעכנישן פּערסאָנאַל, וואָס באַשטייט אין אַלע פאַבריקן אין גאָר א גרויסער מאָס פון דייטשן. דעם גרעסטן פּראָצענט אַרבעטער — 74,4 פּראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע — גיבן די פּאָליאַקן; דעם קלענסטן — יידן: 35,3, העכער

*) Przeglad Ubezpieczen Spolecznych. Warszawa 1929, Nr. 10, S. 225.

## טאבעלע V
## די סאָציאַלע גלידערונג פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באפעלקערונג אין לאָדזש בא פארשיידענע פעלקער
(1921)

| סאָציאַלע לאַגע | יידן |  | פּאָליאַקן |  | דייטשן |  |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אַבסאָלוט | פּראָצ. | אבסאָלוט | פּראָצ. | אבסאָלוט | פּראָצ. |
| זעלבשטענדיקע . . . . . | 23.676 | 42,6 | 10.216 | 9,2 | 3.191 | 13,7 |
| אָנגעשטעלטע . . . . . | 4.701 | 8,5 | 8.917 | 8,1 | 3.317 | 14,2 |
| ארבעטער*) . . . . . . | 19.625 | 35,3 | 82.221 | 74,4 | 14.235 | 61,1 |
| העלפנדי פאמיליע־גלידער | 3.380 | 6,1 | 1.298 | 1,2 | 586 | 2,5 |
| אומבאקאנט . . . . . . | 4.150 | 7,5 | 7.832 | 7,1 | 1.965 | 8,5 |
| **צוזאַמען . . . . . . .** | **55.532** | **100,0** | **110.484** | **100,0** | **23.294** | **100,0** |

צווי מאָל ווייניקער פון די פּאָליאַקן און בערך אויף פערציק פּראָצענט ווייניקער ווי בא די דייטשן. דער פּראָצענט העלפנדיקע פאמיליע-גלידער איז בא יידן דער העכסטער.

וואָס פאר א ראָלע שפּילן יידן אין באַזונדערע סאָציאַלע גרופּן? פון הונדערט זיינען געווען יידן:

פון דער לאָדזשער באַפעלקערונג בכלל . . . . . . 34,5
פון אלע עקאָנאָמיש-אקטיווע . . . . . . . . . 29,0
פון די זעלבשטענדיקע . . . . . . . . . 63,4
פון די אָנגעשטעלטע . . . . . . . . . . 27,3
פון די אַרבעטער . . . . . . . . . . 16,5

צווישן די זעלבשטענדיקע זיינען יידן פאָרגעשטעלט כמעט צווי מאָל שטאַרקער ווי זייער פּראָצענט אין דער באַפעלקערונג און העכער צווי מאָל מער, ווי זייער פּראָצענט אין די עקאָנאָמיש-אקטיווע. צווישן די ארבעטער אָבער כמעט צווי מאָל ווייניקער ווי צווישן די עקאָנאָמיש-אקטיווע. פארשטייט זיך, אז אויפן פּראָצענט יידישע זעלבשטענדיקע ווירקט שטארק די גרויסע צאָל קליינע אונטערנעמער און זעלבשטענדיקע בעלי-מלאָכות, וואָס זיינען בא יידן א סך און אָפּטערע דערשיינונג, אָבער אויך צווישן די נאָר גרויסע אונטערנעמער איז דער פּראָצענט יידן ניט קליין. אזוי זיינען געווען אין 1929-טן יאָר אין לאָדזש נאָר גרויסע פאַבריקן מיט מער פון 500 ארבעטער אין יעדער 31 מיט אן אלגעמיינער צאָל ארבעטער — 36,822**); פון זיי זיינען געווען יידישע 8 מיט 19,666 ארבעטער, ד. ה. מיט קרוב 55 פּראָצענט פון אלע ארבעטער.

---

*) מיט היים-ארבעטער.

**) E. Rosset, Lodz, miasto pracy. Lodz 1929, S. 41.

לאָמיר פאַרגלייכן די סאָציאַלע גלידערונג פון דער לאָדזשער מיט דער וואַרשעווער באַפעלקערונג און מיט דער באַפעלקערונג פון גאַנץ פוילן. פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע זיינען געווען:

| | זעלבשטענדיקע | | אָנגעשטעלטע | | אַרבעטער | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | באַ יידן | באַ ניט־יידן | באַ יידן | באַ ניט־יידן | באַ יידן | באַ ניט־יידן |
| לאָדזש . . . | 42,6 | 10,0 | 8,5 | 9,1 | 35,3 | 72,1 |
| וואַרשע . . . | 44,0 | 13,4 | 8,2 | 18,9 | 32,8 | 53,1 |
| גאַנץ פוילן . . | 51,1 | 24,4 | 5,1 | 2,8 | 22,2 | 22,0 |

מיר באַקומען, אַז אין די גרויסע שטעט איז די סאָציאַלע גלידערונג באַ יידן אַליין פאַר זיך געגומען אַ מער דיפערענצירטע ווי אין גאַנץ פוילן — די צאָל זעלבשטענדיקע איז אַ סך קלענער; די צאָל אַרבעטער אַ סך העכער; אויך די צאָל אָנגעשטעלטע איז אַ גרעסערע. אין פאַרגלייך אָבער מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג באַקומט זיך אין די גרויסע שטעט דער תהום צווישן יידן און ניט־יידן נאָך אַ סך גרעסער ווי אין גאַנץ פוילן. די צאָל זעלבשטענדיקע באַ יידן אין די גרויסע שטעט איז 3—4 מאָל גרעסער ווי באַ ניט־יידן, ווען פאַר גאַנץ פוילן איז די דאָזיקע צאָל נאָר אַביסל מער ווי צוויי מאָל העכער. דער פּראָצענט אַרבעטער באַ יידן איז אין די גרויסע שטעט, באַזונדערס אין לאָדזש באַ ניט־יידן צוויי מאָל גרעסער, ווען אין גאַנץ פוילן פאַלט דער פּראָצענט אַרבעטער באַ ביידע באַפעלקערונגס־גרופּן צוזאַמען.

רעכענען מיר ביידע גרופּן לוין־נעמער (אָנגעשטעלטע און אַרבעטער) פאַר פּראָלעטאַריער, באַקומען מיר אַ פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן:

| | באַ יידן | באַ ניט־יידן |
|---|---|---|
| אין לאָדזש . . . . . . . . . . . . . . . . . | 43,8 | 81,2 |
| אין וואַרשע . . . . . . . . . . . . . . . . | 41,0 | 72,0 |
| אין גאַנץ פוילן . . . . . . . . . . . . . . | 27,3 | 24,8 |

בנוגע גאַנץ פוילן האָבן יידן אפילו אַ העכערן פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן ווי די ניט־יידן, אָבער אין די גרויסע שטעט איז באַ דער ניט־יידישער באַפעלקערונג דער פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן כמעט צוויי מאָל גרעסער ווי באַ יידן. מען מוז דערביי געדענקען, אַז דער הויכער פּראָצענט העלפנדיקע פאַמיליע־מיטגלידער אין דער לאַנדווירטשאַפט דריקט מעכאַניש אַראָפּ דעם פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן באַ דער ניט־יידישער באַפעלקערונג אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס ווי באַ דער יידישער. באַ דער יידישער באַפעלקערונג איז דער פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן אין וואַרשע אַנדערטהאַלבן מאָל און אין לאָדזש נאָך מער

ווי אַנדערטהאלבן מאָל גרעסער ווי אין גאַנץ פוילן; באַ ניט-יידן אנטשפּרעכנדיק דריי מאָל און מער פון דריי מאָל. אין אלגעמיינעם קאָן מען רעכענען, ווען מען זאָל נאָך צוגעבן די ארבעטלאָזע, וואָס גייען אריין אין דער גרופּע „אומבאַקאַנטע", אז באַ יידן זיינען אין גאַנץ פוילן געווען בערך 30 פּראָצענט פּראָלעטאַריער, ווען אין די גרויסע שטעט, באַזונדערס אין לאָדזש, געהערט בערך א גאַנצע העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג צום פּראָלעטאַריאַט.

טאַבעלע 6 גיט אונז די פּארטיילונג פון די ארבעטער לויט ווירטשאַפט-אָפּטיילונגען. דאָ איז דער חילוק צווישן יידן און ניט-יידן ניט אזוי גרויס, אָבער דאָך ווארפט זיך אויך דאָ אין די אויגן, אז דער סאָציאַלער בוי פון דער יידישער באַפעל-

טאבעלע VI

דער פארטייל פון די ארבעטער (היים-ארבעטער בתוך) אין לאָדזש לויט די ווירטשאפט-גרופּן

(1921)

| ווירטשאַפט-גרופּן | יידן אַבסאָלוט | יידן פּראָצ. | פּאָליאקן אַבסאָלוט | פּאָליאקן פּראָצ. | דייטשן אַבסאָלוט | דייטשן פּראָצ. |
| --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- |
| אינדוסטריע און האנטווערק | 13.221 | 67,4 | 61.671 | 75,0 | 11.846 | 83,2 |
| האנדל און פארזיכערונג . | 1.782 | 9,0 | 3.904 | 4,7 | 545 | 3,8 |
| טראנספּאָרט און קאָמוניקאצ. | 331 | 1,7 | 3.006 | 3,7 | 155 | 1,1 |
| פרייע פּראָפ. און באאמטע | 167 | 0,9 | 2.680 | 3,3 | 162 | 1,2 |
| הויזדינערשאפט . . . . . | 3.655 | 18,6 | 7.239 | 8,9 | 1.072 | 7,5 |
| אנדערע . . . . . . . . | 56 | 0,3 | 1.377 | 1,7 | 141 | 1,0 |
| אומבאקאַנט . . . . . . | 413 | 2,1 | 2.244 | 2,7 | 314 | 2,2 |
| **סך-הכל . . . . . . .** | **19.625** | **100,0** | **82.221** | **100,0** | **14,235** | **100,0** |

קערונג איז א גאַנץ אנדערער ווי באַ די איבעריקע צוויי פעלקער פון לאָדזש. ארבעטער אין האנדל זיינען באַ יידן צוויי מאָל מער ווי באַ פּאָליאַקן און נאָך העכער צוויי מאָל מער ווי באַ דייטשן. הויז-דינסטן מאַכן אויס אין דער יידישער ארבעטער-גרופּע צוויי מאָל א גרעסערן פּראָצענט ווי באַ די פּאָליאַקן. דער אינדוסטריעלער טייל פון ארבעטער-קלאַס איז באַ יידן שוואַכער ווי באַ די איבעריקע צוויי פעלקער.

די אייננארטיקייט פון פּראָפעסיאָנעלן בוי פון יידישן ארבעטער-קלאַס ווערט אויפגעדעקט אין טאַבעלע 7, ווו מיר גיבן די פּארטיילונג פון די אינדוסטריע-ארבעטער באַ פארשיידענע פעלקער לויט אינדוסטריע-בראַנזשעס. די טעקסטיל-ארבעטער מאַכן אויס באַ די דייטשן און פּאָליאַקן מער פון 80 פּראָצענט פון אלע זייערע אינדוסטריע-ארבעטער, ווען באַ יידן מאכט די דאָזיקע גרופּע אויס נאָר ווייניקער פון א העלפט פון אלע יידישע אינדוסטריע-ארבעטער. די בראַנזשע „באַקליידונג" באַשעפטיקט באַ יידן א גאַנץ דריטל פון אלע יידישע אינדוסטריע-ארבעטער און באַ די ניט-יידן אכט מאָל ווייניקער.

## טאבעלע VII
## דער פארטייל פון די ארבעטער (היים־ארבעטער בתוך) אין לאָדזש לויט פארשיידענע אינדוסטריע־בראנזשעס
## (1921)

| אינדוסטריע־בראַנזשע | פון 100 ארבעטער פון יעדער רעליגיע פאלן אויף א בראַנזשע: ייִדן | פּאָליאקן | דייטשן |
|---|---|---|---|
| טעקסטיל־אינדוסטריע | 49,4 | 81,9 | 83,0 |
| באקליידונג־אינדוסטריע | 33,6 | 4,1 | 4,2 |
| שפּייזן־און משקאות־אינדוסטריע | 5,9 | 1,8 | 2,2 |
| בוי־אינדוסטריע | 1,2 | 2,8 | 1,5 |
| האָלץ־אינדוסטריע | 1,7 | 1,3 | 1,0 |
| מעטאל־אינדוסטריע | 0,9 | 1,3 | 1,5 |
| אנדערע אינדוסטריעס | 4,9 | 4,2 | 3,7 |
| אומבאקאנט | 2,4 | 2,6 | 2,9 |
| **סך־הכל** | **100,0** | **100,0** | **100,0** |

לאָמיר פארגלייכן דעם בוי פון אינדוסטריע־פּראָלעטאריאַט בײַ ייִדן און ניט־ייִדן אין פארשיידענע ערטער. פון הונדערט אינדוסטריע־אַרבעטער זײַנען געווען:

## טאבעלע VIII
## דער בוי פון אינדוסטריע־פּראָלעטאריאַט אין גאַנץ פוילן און אין ווארשע און לאָדזש

| אינדוסטריע־בראַנזשע | לאדזש: בײַ ייִדן | לאדזש: בײַ ניט־ייִדן (*) | ווארשע: בײַ ייִדן | ווארשע: בײַ ניט־ייִדן | גאנץ פוילן: בײַ ייִדן | גאנץ פוילן: בײַ ניט־ייִדן |
|---|---|---|---|---|---|---|
| טעקסטיל | 49,4 | 81,9 | 8,6 | 4,4 | 13,7 | 20,1 |
| באקליידונג | 33,6 | 4,1 | 50,1 | 22,8 | 43,6 | 9,5 |
| שפּייז | 5,9 | 1,8 | 11,6 | 10,0 | 12,5 | 10,1 |
| בוי | 1,2 | 2,8 | 1,1 | 9,9 | 2,9 | 8,1 |
| האָלץ | 1,7 | 1,3 | 4,4 | 4,5 | 5,8 | 8,5 |
| מעטאל | 0,9 | 1,3 | 8,1 | 25,2 | 5,9 | 11,2 |
| אנדערע | 4,9 | 4,2 | 16,1 (אנדערע און אומבאקאנט) | 23,2 (אנדערע און אומבאקאנט) | 12,3 | 29,0 |
| אומבאקאנט | 2,4 | 2,6 | | | 3,3 | 3,5 |
| **צוזאַמען** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** |

*) נאָר פּאָליאַקן.

אומעטום איז דער באַשטאַנד פון יידישן אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט אַנדערש פון ניט־יידישן, אָבער אומעטום טראָגט ער אין זיך די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונעם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט. אין לאָדזש איז דער טעקסטיל־אַרבעטער אויפן ערשטן אָרט — געפינען מיר אויך דאָס זעלביקע באַם יידישן אַרבעטער; אין וואַרשע שפּילן די גרעסטע ראָלע מעטאַל און באַקליידונג און אויך באַ יידן זיינען אין די דאָזיקע צוויי בראַנזשעס פאַרנומען מער אַרבעטער ווי אין אַנדערע שטעט. בנוגע גאַנץ פוילן וואַרפט זיך דער דאָזיקער אָפּהעניקייט־שטריך ווייניקער אין די אויגן, מחמת די בערג־ און מעטאַלורגיע־אינדוסטריע, וועלכע באַשעפטיקט באַ ניט־יידן גאַנצע 16,4 פּראָצענט אַרבעטער און באַ יידן נאָר 1,5 פּראָצענט, רוקן איבער מעכאַניש די פּראָצענטן באַ די איבעריקע בראַנזשעס באַ ניט־יידן.

פאַרגלייכט מען דעם יידישן אַרבעטער־באַשטאַנד פאַר זיך אין פאַרשיידענע ערטער, זעט מען, אַז די באַקליידונג פאַרנעמט אומעטום דעם אויבן־אָן, אָבער אין לאָדזש, אין טעקסטיל־צענטער, טרעט די דאָזיקע יידישע מיוחס־בראַנזשע אָפּ איר בכורה־אָרט דער טעקסטיל־אינדוסטריע. אַ גאַנצע העלפט פון אַלע יידישע אינדוסטריע־אַרבעטער אין וואַרשע זיינען פאַרנומען אין דער באַקליידונג־אינדוסטריע; אין לאָדזש נאָר אַ דריטל און אין גאַנץ פוילן 43,6 פּראָצענט.

אין די ערשטע זעקס בראַנזשעס פון טאַבעלע 8 זיינען פאַרנומען:

| | באַ יידן | באַ ניט־יידן |
|---|---|---|
| אין לאָדזש . . . . . . | 92,7 | 93,2 |
| אין וואַרשע . . . . . | 83,9 | 76,8 |
| אין גאַנץ פוילן . . . . | 84,4 | 67,5 |

אין לאָדזש פאַלן די דאָזיקע ציפער כמעט צונויף; אין וואַרשע ווייניקער און אין גאַנץ פוילן האָבן די יידן אין די זעקס גרעסטע שטעטישע אינדוסטריע־בראַנזשעס מער פון פיר פינפטל פון אַלע אינדוסטריע־אַרבעטער, די ניט־יידן אָבער נאָר אַביסל מער פון צוויי דריטל — וואָס מער אַ שטאָט איז אינדוסטריאַליזירט, אַלץ ענליכער צווישן זיך איז דער באַשטאַנד פון יידישן און ניט־יידישן אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט.

לאָמיר איצט זען די וואָג פון יידישן אַרבעטער אין פאַרשיידענע אינדוסטריע־בראַנזשעס. (טאַבעלע אויף 124־טער זייט).

אַם שטאַרקסטן זיינען די יידישע אינדוסטריע־אַרבעטער אין וואַרשע — דאָ מאַכן זיי אויס אַ גאַניץ פערטל פון אַלע אינדוסטריע־אַרבעטער; אין לאָדזש נאָר 15,1 און אין גאַנץ פוילן נאָך ווייניקער — נאָר 14,6 פּראָצענט. אויב בנוגע צו גאַנץ פוילן איז די וואָג פונם יידישן אינדוסטריע־אַרבעטער אינם אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט שוועכער ווי די וואָג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער גאַנצער באַפעלקערונג, איז אין

טאבעלע IX

דער פּראָצענט יידישע ארבעטער לגבי אלע ארבעטער

| אינדוסטריע־בראַנזשע | לאדזש | ווארשע | גאנץ פוילן |
|---|---|---|---|
| טעקסטיל | 9,6 | 40,8 | 10,4 |
| באקליידונג | 59,0 | 43,2 | 44,0 |
| שפּייז | 36,2 | 28,6 | 17,4 |
| בוי | 7,2 | 20,3 | 5,8 |
| האָלץ | 19,1 | 25,4 | 10,4 |
| מעטאל *) | 10,9 | 10,1 | 8,2 |
| אין אלע איבעריקע | 13,9 | 20,0 | 7.6 |
| **אין גאַנצן אינדוסטרי. אַרב.-קלאַס** | **15,1** | **25,9** | **14,6** |

די גרויסע שטעט די לאגע פארקערט. און וואָס אינדוסטריאליזירטער א שטאָט, אלץ שוואכער די וואָג פון יידישן אינדוסטריע־ארבעטער אינם אלגעמיינעם אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט. מיר זעען דאָ צוויי דערשיינונגען, וואָס ווידערשפּרעכן כלומרשט איינע דער אנדערער, אָבער אין דער אמתן זיינען זיי א רעזולטאט פון איין סיבה: וואָס העכער די אינדוסטריע אין א שטאָט, אלץ גרעסער די וואָג פון יידישן אינדוסטריע־ארבעטער אין אינעווייניקסטן יידישן לעבן און אלץ שוואכער זיין פּאָזיציע לגבי דעם אלגעמיינעם אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט.

אזוי מאַכן אויס די יידישע אינדוסטריע־ארבעטער:

| | אין לאָדזש | אין ווארשע |
|---|---|---|
| פון אלע יידישע עקאָנאָמיש־אקטיווע | 23,8 | 18,2 |
| פון אלע יידישע ארבעטער | 67,5 | 55.4 |
| פון אלע אינדוסטריע־ארבעטער | 15,1 | 25,9 |
| פון אלע ארבעטער בכלל | 11,2 | 10,6 |

די ערשטע צוויי שורות קאָנען דינען אלס מאַסשטאַב פאר דער וואָג פון יידישן אינדוסטריע־ארבעטער אין יידישן לעבן גופא; די לעצטע צוויי שורות ווייזן זיין וואָג אין אַרומיקן לעבן. אין לאָדזש, ווו דער יידישער אינדוסטריע־ארבעטער מאכט אויס כמעט א פערטל פון אלע יידישע עקאָנאָמיש־אקטיווע און מער פון 2 דריטל פון אלע יידישע ארבעטער, איז זיין פּראָצ. אין אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט בכלל מיט העכער א דריטל שוואכער ווי אין ווארשע, ווו ער איז אין יידישן לעבן שוואכער, אויסמאכנדיק נאָר אַביסל מער פון א זעקסטל פון אלע עקאָנאָמיש־אקטיווע און נאָר אביסל מער פון

*) איינשליסליך אייזל־מעטאל, מאַשינעס און אַפּאַראַטן.

א העלפט פון אלע יידישע ארבעטער. דער פראָצענט פון יידישן אינדוסטריע-אַרבעטער לגבי אלע אַרבעטער איז כמעט גלייך אין ביידע שטעט.

כדי דאָס בילד פון יידישן ארבעטער-קלאַס אין די צוויי גרעסטע שטעט פון פוילן זאָל זיין פולשטענדיקער, וועלן מיר נאָך ברענגען פון דער „דזשאָינט"-אנקעטע אַ טאַבעלע וועגן דעם פראָצענט יידישע ארבעטער אין פאַרשיידענע טיפּן יידישע אונטערנעמונגען.

טאַבעלע X

דער פראָצענט יידישע ארבעטער אין די יידישע אונטערנעמונגען (1921) *)

| אונטערנעמונגס־טיפּ | אין לאָדזש (אין פּראָצענט) | אין ווארשע (אין פּראָצענט) |
|---|---|---|
| מיט 1 ארבעטער . . . . | 99,5 | 99,1 |
| " 2—3 ארבעטער . | 97,7 | 97,4 |
| " 4—5 " | 94,7 | 95,0 |
| " 6—10 " | 82,3 | 91,9 |
| " 11—15 " | 60,2 | 82,8 |
| " 16—20 " | 53,2 | 82,0 |
| " 21—30 " | 40,2 | 65,9 |
| " 31—50 " | 21,9 | 66,6 |
| " 51 און מער ארבעטער | 14,8 | 58,1 |
| צוזאַמען . . . . . | 49,4 | 88,8 |

די דאָזיקע ציפער גיבן א גלענצנדיקע אילוסטראַציע צום גענוג באַקאַנטן בילד, אַז די יידישע ארבעטער בלייבן שטעקן אין דער קליין-אינדוסטריע. אין די דריי ערשטע טיפּן אונטערנעמונגען, ווי ס'האַנדלט זיך אין ביידע שטעט וועגן קליינע מלאָכה-וואַרשטאַטן, פאַלן די ציפער כמעט צונויף און די יידישע ארבעטער מאַכן אויס מער פון 95 פּראָצענט פון אלע ארבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין די דאָזיקע יידישע אונטערנעמונגען. נעמט מען אָבער די לעצטע גרופּע — אונטערנעמונגען מיט מער פון 50 ארבעטער — איז אין לאָדזש מאַכן דאָרט די יידישע ארבעטער אויס סך-הכל איין זיבעטל פון אלע ארבעטער, מחמת דאָ רעדט זיך וועגן גרויסע יידישע טעקסטיל-אונטערנעמונגען מיט א סך הונדערטער און אָפט מיט מער אלס טויזנט אַרבעטער אין יעדער פאַבריק, און יידן זיינען דאָרט גאָר ווייניק. פון אלע יידישע טעקסטיל-ארבעטער אין לאָדזש זיינען געווען נאָר 20,2 פּראָצענט אין אונטערנעמונגען מיט מער פון 50 ארבעטער. אין ווארשע אָבער האַנדלט עס זיך וועגן נאָר גרויסע וואַרשטאַטן אָדער טאַבאַק-פאַבריקן, ווי יידן האָבן נאָך דעמאָלט — אין 1921-טן יאָר — אויסגעמאַכט די מערהייט אַרבעטער, און דער פּראָצענט יידישע ארבעטער אין די

*) לויט דער „דזשאָינט"-אַנקעטע.

אונטערנעמונגען מיט מער פון 50 ארבעטער מאַכט אויס גאנצע 58,1. אָבער ביידע שורות ווייזן א רעגולמעסיק פאלן פון פּראָצענט יידישע ארבעטער מיטן שטייגן פונם אונטערנעמונגס-טיפּ.

מיר האָבן געגעבן א בילד פון יידישן ארבעטער-קלאַס אין לאָדזש אין 1921. פאר די פאראנגעגאנגענע כמעט צען יאָר האָט זיך די לאגע געוויס געענדערט. באלד נאָך דער מלחמה איז די לאָדזשער אינדוסטריע כמעט ווי געווען אינגאנצן רואינירט — זי איז צום יאָר 1930 אין אַזא גרויסער מאָס אויפגעשטעלט, אז זי יאָגט אריבער די פּראָדוקציע פון פאר דער מלחמה. די לאָדזשער באַפעלקערונג בכלל און די יידישע בפרט האָט זיך שטארק פארגרעסערט. די צאָל יידישע ארבעטער איז פאר די יאָרן באַדייטנדיק אויסגעוואקסן. ס'איז אויסגעוואקסן די טריקאָטאַזש-אינדוסטריע, וואָס באַשעפטיקט עטליכע טויזנט יידישע ארבעטער; ס'איז שטארק פארגרעסערט געווארן די דאַמען-קאָנפעקציע, וואָס האָט באַקומען א גוטן אָפּזאַץ-מארק אין פּויזן און פּאָמערן. אין די הויפּט-צווייגן ביידע אינדוסטריען זיינען אי די בעלי-בתים, אי די ארבעטער, כמעט אויסשליסלעך יידישע. ס'איז אויך צוגעקומען א געוויסע צאָל יידישע ארבעטער אין די מעכאנישע וועבערייען — פאר דער מלחמה האָט זייער צאָל דערגרייכט העכסטנס דריי הונדערט און אין 1930 — קרוב צו אכט הונדערט.

## 15. דער וווקס פונם יידישן אָנטייל אין דער לאָדזשער אינדוסטריע

די פראַגע וועגן ארויסשטויסן מוז באַזונדערס ערנסט באַטראכט ווערן בנוגע דער אינדוסטריע. זיינען דאָך אויך די הייסע פּארטייאיקער פון האנדל אלס א פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונג מודה, אז די אינדוסטריאליזירונג פון די יידישע מאַסן איז פאר אונז א סך וויכטיקער פון דער קאָמערציאַליזירונג און האָט א סך ברייטערע פּערספּעקטיוון. ס'איז נאָך ניט געזאמלט אויף אזוי פיל דער מאַטעריאַל וועגן יידן אין דער פּוילישער אינדוסטריע — אי אלס אונטערנעמער, אי אלס ארבעטער — אז מען זאָל שוין קאָנען געבן א קלאָרע און אלזייטיקע תשובה אויף דער דאָזיקער קאַרדינאלער פראגע פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן. דאָך רעכענען מיר, אז דאָס ביסל דאַטן, וואָס מיר ברענגען ווייטער וועגן אָנטייל פון יידן אין דער לאָדזשער אינדוסטריע, גיט א גענוג פעסטן גרונט צו באַהויפּטן, אז יידן זיינען לא די וואָס ניט ארויסגעשטויסן געווארן פון דער אינדוסטריע, נאָר, פארקערט, זיי האָבן אויסגעקעמפט אלץ ברייטערע און ברייטערע פּאָזיציעס. אין מערץ 1885-טן יאָר איז אויפן באַפעל פון דער רוסישער רעגירונג דורכגעפירט געווארן אין קאָנגרעס-פּוילן „א גענויע און דעטאַלירטע ציילונג פון די פאַבריקן און זאַוואָדן, אויף וועלכע ס'ארבעטן ניט ווייניקער פון 25 מענשן“*). אָט זיינען די דאַטן וועגן פּעטריקאָווער גובערניע, צו וועלכער ס'האָט דעמאָלט געהערט לאָדזש**): די אלגעמיינע צאָל פאַבריקן מיט מער פון 25 ארבעטער האָט באַטראָפן — 181. פון זיי האָבן געהערט:

| | | |
|---|---|---|
| דייטשן . . . . | 140 . . . | 77,3 פּראָצענט |
| יידן . . . . | 34 . . . | 18,8 " |
| פּאָליאַקן . . . | 7 . . . . | 3,9 " |
| **סך־הכל** . . . | **181** . . . | **100,0 פּראָצענט** |

*) „Варшавскій Дневникъ“ 1886, № 147.
**) ibid.

אויף די דאָזיקע 181 גרעסערע פאַבריקן זיינען געווען מייסטערס און לייטערס — 572; פון זיי יידן — 14 אָדער 2,4 פראָצענט. ארבעטער זיינען געווען אויף די זעלביקע פאַבריקן 36.246; פון זיי יידן סך־הכל — 102 אָדער 0,3 פ ר אָ צ ע נ ט.

נעמען מיר אָן, אז אויף די יידישע פאַבריקן, וואָס האָבן אויסגעמאכט 18,8 פראָצענט פון אלע פאבריקן, איז געווען ארבעטער אויך נאָר 18,8 פראָצענט, וועט אויס־קומען, אז בא יידן האָבן געאַרבעט בערך קרוב צו זיבן טויזנט ארבעטער, פון וועלכע ס'זיינען געווען יידן נאָר 102 אָדער א נ ד ע ר ט ה א ל ב ן פ ר אָ צ ע נ ט. לייגן מיר צו די אייגענע מאָס צו די מייסטערס און לייטערס, וועלן מיר באַקומען, אז אויף די יידישע פאַבריקן האָט זייער צאָל באַטראָפן העכער 100 פערזאָן, פון זיי יידן ס"ה 14.

וועגן לאָדזש זיינען פאראן נאָך טרויעריקערע ידיעות*). אין לאָדזש און אין לאָדזשער קרייז זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן אין מערץ 1885 — 102 פאבריקן מיט מער פון 25 ארבעטער אין יעדער. פון זיי האָבן געהערט:

| | | |
|---|---|---|
| דייטשן | 84 | 82,3 פראָצענט |
| יידן | 17 | 16,6 " |
| פאָליאַקן | 1 | 1,1 " |
| **סך־הכל** | **102** | **100,0 פראָצענט** |

אויף די דאָזיקע 102 פאַבריקן זיינען געווען מייסטערס און לייטערס — 209; פון זיי יידן נאָר 2 (איינער אויף א דייטשער פאבריק און איינער אויף א יידישער), ווייניקער פון 1 פראָצענט. אויף אלע 17 יידישע פאַבריקן זיינען געווען מייסטערס און לייטערס — 63, פון זיי נאָר 1 ייד. ארבעטער זיינען געווען אויף אלע פאַבריקן 21.988, אָבער צווישן זיי איז ניט געווען קיין איין ייד. אויף די יידישע פאבריקן זיינען געווען 4105 ארבעטער אָדער 18,7 פראָצענט. מיר זעען, אז די יידישע פאַבריקן זיינען געווען ניט נאר ניט קלענער פון די ניט־יידישע, נאָר אפילו אביסל גרעסער. אין דורכשניט איז געווען ארבעטער:

| | |
|---|---|
| אויף איין יידישער פאַבריק | 241,0 |
| אויף איין ניט־יידישער פאבריק | 210,0 |

די צייטונג „וואַרשאַווסקי דנעווניק" גיט צו**): „פון די געבראַכטע ציפער איז צו זען, אז די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן אַבסאָלוט גאָרניט געטאָן אויף צוציען יידן צו אינדוסטריע־ארבעט אין זייערע אונטערנעמונגען, ניט ווי מייסטערס און טעכניקער און ניט ווי ארבעטער. אָבער וויפיל נוצן וואָלטן זיי געקאנט ברענגען דעם יידישן ליידיק־גייערישן פראָלעטאריאט, וואָס פארנעמט זיך מיט דער נישטיקער קליינער קרעמעריי, וואָס גיט חיונה בצמצום, מיט מעקלעריי און מיט פארשיידענע אנדערע טונקעלע געשעפטן, הכלל מיט אלץ, חוץ מיט אמת פראָדוקטיווער ארבעט. אויף דעם דאָזיקן געביט וואָלטן די יידישע פאַבריקאנטן געקאָנט ברענגען קאָלאָסאַלע נוצן, נאָר, סזוייזט אויס, דאָס פאלט ניט צונויף מיט זייערע שטרעבונגען, ארויסגערופן פון סיבות, וועגן וועלכע מען קאָן זיך אָנשטויסן... זיי וועלן געווים אָנהויבן טענהן, אז צווישן יידן זיינען ניט פאראן אזעלכע, וואָס קאָנען ארבעטן אויף שטולן א. א. וו. איז ראשית קאָן מען יידן אויסלערנען די דאָזיקע מלאָכה פון די יונגע יאָרן אָן — דער דייטשער פאַבריק־ארבע־

*) ibid.

**) ibid.

טער ווערט דאך אויך ניט געגעבן קיין פּאַרטיקער געניטער וועבער, נאר ער לערנט זיך די ארבעט אויס; שנית, זיינען דאך פאראן אויף אלע פאבריקן א סך ניט־ספּעציעלע ארבעטן, וואָס ס׳קאָן מאכן אפילו א פּשוטער פויער. כדי צו הייצן די אויוונס, דאַרף מען ניט זיין קיין ספּעציאַליסט; מ׳קאָן זיך דאָס אויסלערנען אין א פּאָר טעג אָדער אפילו אין א פּאָר שעה. און דאָך איז אפילו אויף דער פאבריק פון סאַמע רייכסטן יידישן פּאַבריקאַנט, בא ישראל פּאָזנאַנסקי, ניטאָ קיין איין יידישער ארבעטער, הגם בא אים ארבעטן 2137 היימישע און 172 אויסלענדישע ארבעטער. אויף דער זעלבער פּאַבריק זיינען געווען אין מערץ 1885־טן יאָר 16 היימישע און 8 אויסלענדישע מייסטערס און קיין איין ייד ניט״.

די דאָזיקע לאַנגע ציטאַטע איז ביז גאָר אינטערעסאַנט. צוריק מיט 45 יאָר האָט א האלב־אַנטיסעמיטישע צייטונג געזאָגט מוסר די יידישע פּאַבריקאַנטן און געפאָדערט פון זיי, אז זיי זאָלן נעמען יידישע ארבעטער אויף זייערע פּאַבריקן. אינטערעסאַנט איז, וואָס דער פּעטערבורגער „וואָסכאָד״ האָט דעמאָלט גענומען אונטער זיין שוץ די יידישע פּאַבריקאַנטן און האָט ארויסגערוקט דעם טעם פון שבת, אז יידישע ארבעטער ווילן ניט ארבעטן שבת און, לכן, קאָנען די יידישע פּאַבריקאַנטן ניט געברויכן קיין יידישע ארבעט. דער „וואַרשאַווסקי דנעוניק״ האָט מיט דאַטן וועגן יידישע ארבעטער אין די וואַרשעווער טאַבאַק־פאַבריקן דערוויזן דעם „וואָסכאָד״, אז ווען מען וויל נאָר און ווען ס׳לוינט נאָר, קאָן מען זעהר גוט זיך באַגיין מיט יידישע ארבעטער.

פאר אונז איז דערוויַיל דאָ וויכטיק, וואָס מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אז אין 1885־טן יאָר זיינען געווען אין יידישע הענט און לאָדזש (מיט לאָדזשער קרייז) בערך א זעקסטל פאבריקן, אויף וועלכע אָבער ס׳זיינען ניט געווען קיין יידישע ארבעטער גאָר ניט און יידישע מייסטערס אויך גלייך ווי גאָר ניט. די יידישע פּאַבריקן זיינען שוין דעמאָלט אין דורכשניט געווען גרעסער ווי די ניט־יידישע.

לאָמיר ווייטער זען, ווי האָט זיך אַנטוויקלט דער אָנטייל פון יידן אין דער לאָדזשער גרויס־אינדוסטריע, ווי האָבן זיי סוף כל סוף איבערגעיאָגט דעם דייטשן קאַפּיטאַל, וועלכער איז דאָ געווען דער ערשטער. אויפן גרונט פון דער „רשימה פון פאבריקן און זאַוואָדן״, ארויסגעגעבן אין 1910, איז צונויפגעשטעלט פאָלגנדיקע טאַבעלע. די צאָל געגרינדעטע און נאָך עקסיסטירנדיקע אונטערנעמונגען אין לאָדזש איז געווען*):

| יאָרן | אלע אונטערנעמונגען | פון דעם — יידישע | |
|---|---|---|---|
| | | אַבסאָלוט | פּראָצענט |
| ביז 1860 | 17 | 2 | 11,8 |
| 1861—1880 | 71 | 15 | 21,1 |
| 1881—1900 | 156 | 106 | 68,0 |
| 1901—1909 | 61 | 36 | 59,0 |
| **צוזאַמען** | **305** | **159** | **52,1** |

*) „די יידישע ענציקלאָפּעדיע״ (רוסיש) ב. 10, ז. 329.

טער ווערט דאך אויך ניט געבוירן קיין פּאַרטיקער געניטער וועבער; נאָר ער לערנט זיך די אַרבעט אויס; שנית, זיינען דאך פאַראַן אויף אַלע פאַבריקן אַ סך ניט־ספּעציעלע אַרבעטן, וואָס ס'קאָן מאַכן אַפילו אַ פּשוטער פּויער. כדי צו הייצן די אויוונס, דאַרף מען ניט זיין קיין ספּעציאַליסט; מ'קאָן זיך דאָס אויסלערנען אין אַ פּאָר טעג אָדער אַפילו אין אַ פּאָר שעה. און דאָך איז אַפילו אויף דער פאַבריק פון סאַמע רייכסטן יידישן פאַבריקאַנט, בײַ ישראל פּאָזנאַנסקי, ניטאָ קיין איין יידישער אַרבעטער, הגם בײַ אים אַרבעטן 2137 היימישע און 172 אויסלענדישע אַרבעטער. אויף דער זעלבער פאַבריק זיינען געווען אין מערץ 1885־טן יאָר 16 היימישע און 8 אויסלענדישע מייסטערס און קיין איין ייד ניט".

די דאָזיקע לאַגע ציטאַטע איז ביז גאָר אינטערעסאַנט. צוריק מיט 45 יאָר האָט אַ האַלב־אַנטיסעמיטישע צייטונג געזאָגט מוסר די יידישע פאַבריקאַנטן און געפאָדערט פון זיי, אַז זיי זאָלן נעמען יידישע אַרבעטער אויף זייערע פאַבריקן. אינטערעסאַנט איז, וואָס דער פּעטערבורגער „וואָסכאָד" האָט דעמאָלט גענומען אונטער זיין שוץ די יידישע פאַבריקאַנטן און האָט אַרויסגערוקט דעם טעם פון שבת: אַז יידישע אַרבעטער ווילן ניט אַרבעטן שבת און, לכן, קאָנען די יידישע פאַבריקאַנטן ניט געברויכן קיין יידישע אַרבעט. דער „וואַרשאַווסקי דניעווניק" האָט מיט דאַטן וועגן יידישע אַרבעטער אין די וואַרשעווער טאַבאַק־פאַבריקן דערוויזן דעם „וואָסכאָד", אַז ווען מען וויל נאָר און ווען ס'לוינט נאָר, קאָן מען זעהר גוט זיך באַגיין מיט יידישע אַרבעטער.

פאַר אונז איז דערוויילע דאָ וויכטיק, וואָס מיר האָבן פעסטגעשטעלט: אַז אין 1885־טן יאָר זיינען געווען אין יידישע הענט אין לאָדזש (מיט לאָדזשער קרייז) בערך אַ זעקסטל פאַבריקן, אויף וועלכע אָבער ס'זיינען ניט געווען קיין יידישע אַרבעטער גאָר ניט און יידישע מייסטערס אויך גלייך ווי גאָר ניט. די יידישע פאַבריקן זיינען שוין דעמאָלט אין דורכשניט געווען גרעסער ווי די ניט־יידישע.

לאָמיר ווייטער זען, ווי האָט זיך אַנטוויקלט דער אַנטייל פון יידן אין דער לאָדזשער גרויס־אינדוסטריע, ווי האָבן זיי סוף כל סוף איבערגעיאָגט דעם דייטשן קאַפּיטאַל, וועלכער איז דאָ געווען דער ערשטער. אויפן גרונט פון דער „רשימה פון פאַבריקן און זאַוואָדן", אַרויסגעגעבן אין 1910, איז צונויפגעשטעלט פאָלגנדיקע טאַבעלע. די צאָל געגרינדעטע און נאָך עקסיסטירנדיקע אונטערנעמונגען אין לאָדזש איז געווען*):

| יאָרן | אַלע אונטערנעמונגען | פון דעם — יידישע | |
|---|---|---|---|
| | | אַבסאָלוט | פּראָצענט |
| ביז 1860 | 17 | 2 | 11,8 |
| 1861—1880 | 71 | 15 | 21,1 |
| 1881—1900 | 156 | 106 | 68,0 |
| 1901—1909 | 61 | 36 | 59,0 |
| צוזאַמען | 305 | 159 | 52,1 |

*) „די יודישע ענציקלאָפּעדיע" (רוסיש) ב. 10, ז. 329.

דאָ זעט מען קלאָר, ווי דער אַנטייל פון ייִדן האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, ביז ס׳איז דערגאַנגען צו דעם, אַז די ייִדישע ניי־געגרינדעטע פאַבריקן האָבן אויסגעמאַכט מער פון צוויי דריטל פון אַלע ניי־געגרינדעטע פאַבריקן. אין 1909־טן יאָר האָבן ייִדן שוין געהאַט אין זייערע הענט העכער אַ העלפט פון די גרעסטע פאַבריקן פון לאָדזש. לויט די דאַטן פון 1929*) זענען 31 גאָר גרויסע פאַבריקן (מיט מער פון 500 אַרבעטער אין יעדער) אין לאָדזש, האָבן געהערט ייִדן דווקא נאָר 8, אַביסל מער פון אַ פערטל, אָבער זיי האָבן באַשעפטיקט 19,666 אַרבעטער פון 36,822, ד. ה. 53,4 פּראָצענט! אויף איין ייִדישער פאַבריק האָבן געאַרבעט אין דורכשניט — 2458 אַרבעטער. אויף איין נים־ייִדישער פאַבריק — 761. די ייִדישע גאָר גרויסע לאָדזשער פאַבריקן זיינען געווען מער ווי דריי מאָל גרעסער ווי די נים־ייִדישע.

מיר האָבן קאָנסטאַטירט, אַז אַז אין יאָר 1885, אַז שפּעטער מיט כמעט 45 יאָר, זיינען די ייִדישע גרויסע פאַבריקן געווען גרעסער פון די נים־ייִדישע. דאָס צעשלאָגט אינגאַנצן די אַזוי פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז אין ייִדישע הענט געפינען זיך די קלענערע אונטערנעמונגען, אַ מיינונג, וואָס נעמט זיך דערפון, וואָס מען וואַרפט צונויף אין איין קופּע אַלע ייִדישע און אַלע נים־ייִדישע אונטערנעמונגען און מען רעכנט אויס אַ דורכשניט. די גרויסע צאָל ייִדישע קליינע אונטערנעמונגען איז מעכאַניש מבטל דעם אמתן כאַראַקטער פון די ייִדישע גרויסע אונטערנעמונגען. דער נאָר וואָס קאָנסטאַטירטער פאַקט וועגן דעם, אַז אין ייִדישע הענט געפינען זיך שוין פון לאַנג דווקא די גאָר גרויסע אונטערנעמונגען, ווערט באַשטעטיקט אויך פון דער „יק״א״־אַנקעטע פון 1898, פון דער איינציקער אַנקעטע, וואָס איז געוואָרן דער מקור פון דער נאָר וואָס דערמאָנטער פאַרשפּרייטער מיינונג וועגן דעם קלענערן כאַראַקטער פון די ייִדישע אונטערנעמונגען. אָט וואָס ס׳שטייט געשריבן אין די יק״אַ־מאַטעריאַלן**):

„אויב מען זאָל לאָזן אין אַ זייט די פאַבריקן אין פּולן פאַרנעם אָן שפּינערייען (ווייל צווישן זיי איז פאַראַן נאָר איין ייִדישע אונטערנעמונג אויף דריי נים־ייִדישע) און איבערגיין צו די גאַנצע מאַנופאַקטורן, וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז די צאָל ייִדישע אונטערנעמונגען מאַכט אויס 30,7 פּראָצענט פון אַלע אונטערנעמונגען, אָבער זייער פּראָדוקציע באַטרעפט 42,0 פּראָצענט פון דער פּראָדוקציע פון אַלע גאַנצע מאַנופאַקטורן.

„די מאַנופאַקטורן פון דעם מין זיינען די קאָלאָסאַלסטע פאַבריקן פון פּוילן, ווי צום ביישפּיל, די אַקציאָנערע געזעלשאַפטן פון ק. שייבלער, י. ק. פּאָזנאַנסקי, זאַווערצע, היינצל און קוניצער, קרושע און ענדער, ל. גייער, ש. ראָזענבלאַט, מ. זילבערשטיין און אַנדערע. דער ייִדישער אַנטייל מיט 30,7 פּראָצענט אין די דאָזיקע סאַמע גרעסטע פאַבריקן, וואָס זייער פּראָדוקציע מאַכט אויס בּאַ 89,0 פּראָצענט פון דער גאַנצער פּראָדוקציע פון דער פּוילישער טעקסטיל־אינדוסטריע, באַווייזט, אַז אויך די ייִדישע גרויסע פאַבריקן גייען אויף דעם וועג פון קאָנצענטראַציע און פון העכערן די טעכניק פון דער אַרבעט, ווי דאָס טוען די אונטערנעמונגען פון די גרינדער פון דער

*) Lodz, miasto pracy. Lodz 1929, S. 41—44.

**) Матеріалы объ экономическомъ положеніи евреевъ въ Россіи. С-Петербургъ 1904 г., т. II., Стр. 148.

פוילישער טעקסטיל־אינדוסטריע — פון די אויסלענדער. וואָס ס'איז שייך צו דעם פּראָדוקציע־דורכשניט פון 1 פאַבריק, איז דער דאָזיקער דורכשניט בײַ די יידישע אונטערנעמונגען העכער ווי בײַ די ניט־יידישע: די דורכשניט־פּראָדוקציע פון איין יידישער אונטערנעמונג באַטרעפט 163,0 פּראָצ. פון דער פּראָדוקציע פון 1 ניט־יידישער אונטערנעמונג. אויך די דורכשניט־צאָל אַרבעטער אויף איין יידישער פאַבריק איז העכער ווי אויף איין ניט־יידישער. אזוי האָט דערגרייכט די דורכשניט־צאָל אַרבעטער אויף איין ניט־יידישער פאַבריק 1520 און אויף איין יידישער — 2827, וואָס ס'מאַכט אויס 186 פּראָצענט פונם ניט־יידישן דורכשניט".

מיר האָבן, בכן, געבראַכט קלאָרע באַווייזן, אז אין 1885, אין 1898 און אין 1929 האָבן די יידן געהאַט אין זייערע הענט די גרעסטע פאַבריקן פון לאָדזשער טעקסטיל־ראַיאָן, אז דער דאָזיקער יידישער אַנטייל אין דער גאָר גרויסער טעקסטיל־אינדוסטריע איז פון 1885־טן יאָר באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן.

אז ניט די יידן האָבן געגרינדעט די לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע, פאַרשפּאָרט מען איינגטליך ברענגען א סך ראיות. נאָר א פּאָר פאַקטן. די ערשטע דאַמף־מאַשין אין לאָדזש האָט אַוועקגעשטעלט אין 1835־טן יאָר*) דער דייטשער פאַבריקאַנט גייער, וועלכער האָט אויסגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד פון ציטוי, און האָט אין 1829־טן יאָר געגרינדעט א בוימוואָל־שפּינערייַ**). דער צווייטער גרויסער גרינדער פון דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע איז געווען שייבלער, וועלכער האָט אויסגעוואַנדערט פון א דאָרף בײַ אַאַכען און האָט אין 1851 געגרינדעט זיין אונטערנעמונג***). מיט רעכט שרייבט דער אויטאָר פון נאָר וואָס ציטירטן בוך:

„די לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע איז א שאַפונג פון דייטשער קולטור און פון דייטשן גייסט; זי ליגט נאָך איצט אויך צום גרעסטן טייל אין דייטשע הענט. פון די אכציקער יאָרן אָבער האָבן די דייטשן געמוזט אָפּטרעטן א גאַנץ אָנגעזעענעם אָרט די פוילישע און רוסישע יידן. די פּאָליאַקן מאַכן ערשט איצט פּרוּוון קאָנקורירן מיט די דייטשן און יידן****)". פון מיינע שמועסן מיט די לאָדזשער פאַבריקאַנטן איז קלאָר געוואָרן, אז דערווייל קאָן מען ערנסט ניט רעדן וועגן א באַדייטנדיקער קאָנקורענץ פון פוילישע אונטערנעמער — אויב די פּאָזיציעס פון די דייטשן זיינען די לעצטע יאָרן אָפּגעשוואַכט געוואָרן, האָבן דערווייל דערפון געוווּנען מערסטנטיילס די יידן. און דער עיקר אינם העכסטן עטאַזש פון דער לאָדזשער טעקסטיל־אונטערנעמעריי פאַרנעמען די יידן אזא פעסטע און שטאַרקע פּאָזיציע, אז פאַר א קאָנקורענץ פון נייע אונטערנעמער אויף דעם געביט איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.

לאָמיר פונם העכסטן עטאַזש זיך אַראָפּלאָזן צום נידעריקסטן — צום יידישן אַרבעטער אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע. מיר האָבן ניט איינמאָל אויפגעקלערט און אויפגעוויזן, ווי פאַרשיידן ס'זיינען די שאַנסן פון יידישן אונטערנעמער און פון יידישן אַרבעטער אין דער אינדוסטריע — דער ערשטער ברענגט מיט זיך א נאַ־

*) F. Belschowsky: „Die Textilindustrie des Lodzer Rayons", Leipzig 1912. S. 18.
**) ibid S. 17.
***) ibid S. 20.
****) ibid S. 111.

ציאָנאַלע ירושה, וואס גיט אים צו פליגלען אין דער אונטערנעמעריי; דער צווייטער דאַרף ערשט פון דעם דאזיקן ירושה־הויקער פטור ווערן, כדי זיך אריינפאסן אין דער פראדוציר־ארבעט.

מיר האָבן פריער געזען, אז אין 1885־טן יאָר האָט די אָפיציעלע אויספאָרשונג אין לאדזש און אין לאָדזשער קרייז ניט געפונען גאר קיין יידישע ארבעטער אין אונטערנעמונגען מיט מער פון 25 ארבעטער. דא רעדט זיך וועגן אלערליי אונטערנעמונגען און ניט גראדע וועגן טעקסטיל־אונטערנעמונגען. די „דזשאינט“־אנקעטע פון 1921 האט פעסטגעשטעלט אין דער שטאט לאדזש יידישע אונטערנעמונגען מיט מער פון 20 ארבעטער 208*); אין די דאזיקע 208 יידישע אונטערנעמונגען זיינען געווען ארבעטער בכלל – 11,444; פון זיי יידישע 2391 אדער 21,0 פראצענט. יידישע אונטערנעמונגען מיט מער פון 30 ארבעטער זיינען געווען אין דער שטאט לאדזש — 136 מיט 9612 ארבעטער, פון זיי יידן – 1640 אדער 17,1 פראצענט. מיר וועלן זיין מיינען מיר, נאענט צום אמת, ווען מיר וועלן אנעמען, אז אין אונטערנעמונגען מיט מער פון 25 ארבעטער זיינען געווען בערך צוויי טויזנט יידישע ארבעטער, וואס האבן אויסגעמאכט בערך צוואנציק פראצענט פון אלע ארבעטער אין יידישע אונטערנעמונגען פונם דאזיקן טיפ. דאס איז געווים ניט קיין סך, אָבער מער פון גאָר ניט איז דאָס פאָרט, ניט וועגן ארויסשטויס פון יידישע ארבעטער פון דער לאדזער גרויס־אינדוסטריע אין וועלכער זיי זיינען קיינמאָל ניט געווען, קאָן זיין די רייד, נאָר וועגן א צו לאנגזאמען, צו נישטיקן ארייַנדריגען פון יידישע ארבעטער אין דער דאָזיקער אינדוסטריע.

די דאטן פון יק״א וועגן יידישע ארבעטער אין לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע אין 1898 זיינען אזעלכע: אין 97 יידישע אונטערנעמונגען מיט דאמף־קראפט זיינען געווען 10967 ארבעטער, פון זיי יידן 1184 אָדער 10,8 פראָצענט. אין 58 יידישע אונטערנעמונגען אָן דאמף־קראפט זיינען געווען 1881 ארבעטער, פון זיי יידן – 779 אָדער 41,4 פראָצענט.

אלע געבראכטע דאטן, הן וועגן די יידישע אונטערנעמונגען און הן וועגן די יידישע ארבעטער, זיינען ניט נאר פארגלייכבאר צווישן זיך, ווייל זיי זיינען געזאמלט געווארן לויט פארשיידענע מעטאדן. אונז גייט אבער דאך דא ניט אין פעסטשטעלן גענוי, צי דער פראצענט יידישע אונטערנעמונגען אדער יידישע ארבעטער האט זיך פארגרעסערט אויף אזוי פיל און אזוי פיל פראצענטן – אונז גייט דער עיקר אין פעסטשטעלן דעם אלגעמיינעם אנטוויקלונגס־גאנג. און מיר מיינען, אז מען קאן מיט א אבסאלוט רואיקן געוויסן אויפן גרונט פון אלע געבראכטע דאטן קאנסטאטירן, אז ניט נאר האבן פאר די לעצטע פופציק יאר יידישע אונטערנעמונגען אפגעהאלטן באדייטנדיקע נצחונות און פארכאפט וויכטיקע פאזיציעס אין דער אינדוסטריע, נאר אויך יידישע ארבעטער האבן אפגעהאלטן געוויסע נצחונות, קליינע, ווייניקע, נישטיקע אין פארגלייך מיט די נויטן פון די פאראימטע יידישע מאסן, וואס שטופן זיך און זיינען געצוווּנגען זיך צו שטופן אין דער אינדוסטריע, אבער דאך נצחונות, וועלכע קאנען מיט דער צייט פארברייטערט און מ[illegible]קטיפט ווערן.

*) „יידישע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען אין פוילן“, ווארשע 1923, ב. 2, ז. 23.

16. די וואַרשעווער יידן אין די לעצטע 150 יאָר.

די געשיכטע פון דער יידישער קהלה אין וואַרשע שפּיגלט אין זיך אָפּ אין דער פולסטער און אין דער בולטסטער מאָס די געשיכטע פון די יידן אין פוילן בכלל. אלע עטאַפּן, אלע עליות און ירידות פון פאַרשיידענע עפּאָכעס אין לעבן פון פוילישן יידנטום אין די לעצטע 150 יאָר; די ווירטשאַפטליכע אויפשטייגן און קריזיסן; די קולטורעלע גלגולים און קאַמפן; די פּאָליטישע ראַנגלונישן צווישן פוילישן נאַציאָנאַליזם און רוסלענדישער מלוכהשקייט; די דאָזיקע גאַנצע פאַרבן; און געשעעניש-רייכע אינעווייניקסטע און אויסערליכע יידישע געשיכטע פון פוילן פאַר די 150 יאָר פונם צעפאַלן און אויפשטייגן פון פוילן געפינט איר פולסטן אויסדרוק אין דער געשיכטע פון די יידן אין דער הויפּט-שטאָט. די אַנטוויקלונג פון די וואַר-שעווער יידן איז שטענדיק געגאַנגען פאַראויס, פאַרצייכנענדיק די טענדענצן פאַר די יידן פונם גאַנצן לאַנד, אָבער קיינמאָל איז דאָס ניט געווען קיין שפּרונג, קיין אָפּרייס פון דער ארומיקער באַזע, נאָר אַן אָרגאַניש מאַרשירן אין דער ערשטער רייע פון דעם פּראָגרעסיוון אַנטוויקלונגס-פּראָצעס, וואָס דאָס גאַנצע פוילישע יידנטום האָט דורכגע-מאַכט.

מיר קלייבן זיך דאָ ניט שרייבן די אַנטוויקלונגס-געשיכטע פון די וואַרשעווער יידן — מיר ווילן נאָר ברענגען אביסל מאַטעריאַל צו דער דאָזיקער געשיכטע, אויף וויפיל דאָס איז אונז נייטיק, כדי צו שאַפן די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו פאַרן אָפּשאַצן די לאַגע פון די נאָר לעצטע יאָרן.

שוין דער ריין צאָליקער וווּקס פון די יידן אין וואַרשע גיט אן אלגעמיין בילד פון די עטאַפּן, וואָס דאָס וואַרשעווער יידנטום האָט דורכגעמאַכט. די צאָל יידן אין וואַרשע איז געווען:

| | | אַבס. צאָל | % פון דער גאַנצער באַפ. |
|---|---|---|---|
| אין | 1781 | 3,532 | 4,5 |
| " | 1810 | 14,061 | 18,1 |
| " | 1846 | 44,149 | 26,7 |
| " | 1882 | 127,917 | 33,4 |
| " | 1914 | 337,074 | 38,1 |
| " | 1921 | 310,334 | 33,1 |
| " | 1929 | 327,493 | 30,2 |

נעמען מיר די אַבסאָלוטע צאָל יידן, זעען מיר, אז בערך האָט זיך די צאָל יידן אין יעדן צייט-אָפּשניט — 30—35 יאָר — פאַרדרייפאַכט; אין די ערשטע דרייסיק יאָר — 1781—1810 — האָט זיך די צאָל יידן אפילו פאַרפירפאַכט. פאַר דער גאַנצער צייט ביז דער מלחמה, פאַר 133 יאָר, האָט זיך די צאָל יידן 95 מאָל פאַרגרעסערט. די ניט-יידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַר דער זעלבער צייט פאַר-גרעסערט נאָר צען מאָל. קומט אויס, אז די יידישע באַפעלקערונג איז אין דער הויפּט-שטאָט פון פוילן געוואַקסן כמעט צען מאָל שטאַרקער, ווי די ניט-יידישע באַפעלקערונג, א פאַקט פון קאָלאָסאַלער וויכטיקייט. די דאָזיקע עפּאָכע

נעמט ארום די צייט פון ערב דעם ענדגילטיקן צעפאלן פון פוילן, ערב די לעצטע צוויי צעטיילונגען, ביז דעם צייט-פונקט וואס בילדעט א ווענדפונקט אין גורל פון פוילישן פאלק און דערמיט אויך אינם גורל פונם פוילישן יידנטום. באלד נאך דער מלחמה טרעפן מיר אין ווארשע, אין דער אויפגעשטעלטער קרוין-שטאט פון דער אויפגעלעבטער פוילישער מלוכה, ווייניקער מיט 26,740 יידן, ווי ערב דער מלחמה, ד. ה. א פארקלענערונג אויף גאנצע אכט פראצענט, בשעת בא דער ניט-יידישער באפעלקערונג איז פאר דער זעלבער צייט צוגעקומען 78,900 נפשות, וואס מאכט אויס א צוואקס אויף גאנצע 15 פראצענט. פאר 140 יאר — פון 1781 ביז 1921 — איז דאס דער איינציקער פאל, ווען די יידישע באפעלקערונג אין ווארשע האט זיך פארקלענערט, בשעת די ניט-יידישע האט זיך פארגרעסערט. דער דאזיקער פאקט איז דער קלארסטער און שטארקסטער רמז דערויף, אז מיטן אויפשטיין תחית-המתים פון פוילן איז פארגעקומען א קארדינאלע ענדערונג אין גורל פון גאנצן פוילישן יידנטום, אן ענדערונג, וואס איז ארגאניש פארבונדן מיט אט דעם פוילישן תחית המתים און קומט פון אים ארויס. ווארום דאס פאלן פון דער אבסאלוטער צאל יידן הויבט זיך טאקע אן ערשט נאך דער מלחמה, ווען פוילן ווערט זעלבשטענדיק. אין 1917-טן יאר*) זיינען געווען אין ווארשע 343,263 יידן, וואס האבן אויסגעמאכט גאנצע 41,0% פון דער באפעלקערונג. פאר פיר יאר — פון 1917 ביז 1921 — איז געווארן ווייניקער מיט העכער דרייסיק טויזנט יידן, בשעת בא ניט-יידן איז פארגעקומען אקוראט פארקערט: אין די ערשטע דריי מלחמה-יארן איז בא זיי געווארן ווייניקער מיט העכער פופציק טויזנט נפשות און פון 1917 ביז 1921 איז בא

*) אין 1917-טן יאר זיינען איינגעשלאסן געווארן אין שטאט ווארשע איניקע פאר-ערטער, וואס האבן געגעבן א צוואקס פון דער ניט-יידישער באפעלקערונג. אבער פון די ציפערן פון די פאר נאענטסטע יארן ווערט קלאר, אז ניט דאס האט געווירקט אויף דער פארגרעסערונג פון דער ניט-יידישער באפעלקערונג, וואס קומט צום אויסדרוק אין דער ציילונג פון 1921 און אין די שפעטערדיקע יארן. אזוי איז געווען אין ווארשע איינ-וווינער:

אין 1916 — 780,654; אין 1917 (מיט די פארערטער) — 837,234; אין 1918 — 758,411; אין 1919 — 820,180; אין 1920 — 945,155. קלאר, אז דער וווקס האט זיך אנגעהויבן נאכן אוועקגיין פון די דייטשן. זע:
Rocznik Statystyczny Warszawy 1928. Warszawa 1930. S. 16.

א ראיה לדברינו קאן מען געפינען אין דעם זעלבן יארבוך ז. 20, וו מ'ווערט געבראכט די סטאטיסטיק פון די אריינגעפארענע און ארויסגעפארענע לויט די רעליגיעס. דער רעזולטאט איז געווען אזא:

| | בא קריסטן | בא ניט-קריסטן (99% יידן) |
|---|---|---|
| 1924 | +16.989 | —1.816 |
| 1925 | +16.060 | —4.018 |
| 1926 | + 4.811 | —2.675 |
| 1927 | +13.017 | +2.310 |
| 1928 | +29.306 | +7.272 |

אלזא, ניט-יידן זיינען כסדר צוגעקומען און אין משך פון 5 יאר זיינען צוגעקומען מער פון 80 טויזנט נפשות. בא יידן האבן די ערשטע דריי יאר געגעבן א מינוס און די לעצטע צוויי יאר האבן געדעקט דעם דאזיקן מינוס.

זיי צוגעקומען מער פון 130 טויזנט נפשות. אָט דער דאָזיקער פאקט, וואָס גלייך מיטן אויפשטעלן פון זעלבשטענדיקן פוילן איז אין דער הויפט־שטאָט די ניט־יידישע באַפעלקערונג אויסגעוואקסן אויף העכער א פערטל און די יידישע באפעל־קערונג איז געפאלן אויף אכט פראָצענט רעדט קלאָרע דבורים, אז א נייע עפּאָכע איז אָנגעקומען אין לעבן פון פוילישן יידנטום. און אויך אין די ווייטערדיקע יאָרן איז דער פראצעס געגאנגען אין דער זעלבער ריכטונג. אמת, פאר די עטליכע יאר, פון 1921 ביז 1929, איז די אַבסאָלוטע צאָל יידן אויסגעוואקסן אויף אן ערך 27 טויזנט, אָבער די ניט־יידישע באַפעלקערונג איז נאָך שטארקער געוואקסן און דער פראָצענט יידן אין וואַרשע האָט געהאלטן אין ווייטערן פאלן. דער פראָצענט יידן לגבי דער גאנצער באַפעלקערונג פון ווארשע האָט געהאלטן אין איין אומאויפהער־ליכן שטייגן, האָט זיך פארזעקספאכט פאר דער צייט ביז דער מלחמה, האָט געהאלטן אין שטייגן אפילו בשעת מלחמה און האָט גענומען אומאויפהערליך פאלן פונם ערשטן טאָג אָן פון אויפשטעלן פון דער פוילישער זעלבשטענדיקייט און האָט זיך פארקלענערט פאר אָט די צען יאָר פון 40 אויף 30 פראָצענט, ד. ה. אויף א גאנץ פערטל.

סוף 18־טן יאָרהונדערט, אין 1790־טן יאָר, איז געווען אין ווארשע 6 גרעסערע באַנקירן און 9 קלענערע – אלע קריסטן[*].

אָט דער דאָזיקער פאקט איז שטארק כאראקטעריסטיש פאר ווארשע פון פאר דער לעצטער צעטיילונג פון פוילן — ווארשע איז געווען דער עיקר דער אַדמיניסטראטיווער און קולטורעלער צענטער פון דער פוילישער מלוכה; יידן האָבן נאָך גאר ניט געהאט קיין פריי וווינרעכט אין דער הויפט־שטאָט; הגם דער פוילישער האַנדל איז געווען דער עיקר אין יידישע הענט, זיינען אָבער די פינאנץ־אינסטיטוציעס און אויך די התחלות פון אן אינדוסטריע־אנטוויקלונג געווען ניט אין יידישע הענט: דאָ האָבן געהאט א האנט די דייטשן און אויך די גרויסע פוילישע פריצים. די פּאָטאָצקים האָבן געגרינדעט בענק; די זאַמאָיסקים האָבן געגרינדעט מאַנופאקטור־פאַ־בריקן; די אסטראווסקים האבן געגרינדעט די טוך־פאבריקן אין טאָמאַשאוו א. א. וו. די געציילטע רייכע יידן, ווי דער באקאנטער יעקב עפּשטיין, דער זיידע פון דער אזוי באַרימט געווארענער עפּשטיין־משפחה, וואָס האָט געשפּילט אין משך פון גאנצן 19־טן יאָרהונדערט א קאָלאָסאַלע ראָלע אין פוילישן עקאָנאָמישן לעבן, איז געווען א ליווראנט. – פון די ארמיי־ליוועראנטן הייבט זיך טאקע אן כמעט אין אלע לענדער די געשיכטע פון דער יידישער גרויס־בורזשואזיע.

ס׳גייען אוועק ארום 40 – 50 יאָר, און אין ווארשע שטייען די יידישע באַנקירן און די יידישע אינדוסטריעלער אין דער שפּיץ פון די גרעסטע אונטערנעמונגען. די פריצישע קאַפּיטאַלן ווערן אויסגענוצט, ווערן אריינגעצויגן אין קאַפּיטאַליסטישן שטראָם, וואָס האָט גענומען פארפלייצן קאָנגרעס־פוילן; אבער די פירער פון דעם דאָזיקן שטראָם, די גרינדער פון די נייע בענק, פון די נייע פאבריקן, פון די אייזנבאַן־חברות זיינען געווען יידן. אין 1833־טן יאר ווערט געגרינדעט די באנק פון לעאָפּאָלד קראָנענבערג, וואָס בילדעט ממש אן עטאַפּ אין דער גאנצער

*) Ignotus: Finansjera Warszawska. Warszawa 1926. S. 6.

עקאנאמישער געשיכטע פון קאנגרעס-פוילן. קראנענבערג באקומט אין פאכט די טאבאק-מאנאפאל און רעארגאניזירט ניט נאר דעם האנדל מיט טאבאק, נאר אויך די טאבאק-פראדוקציע; ער באקומט אין זיינע הענט די גרעסטע קוילן-גרובן און הייבט אויף אויף עטליכע מאל די פראדוקציע פון קוילן; ער בויט עטליכע באן-ליניעס און ציט צו צו די דאזיקע אונטערנעמונגען אויסלענדישן קאפיטאל, אין דער ערשטער רייע פון די ראטשילדס; ער גרינדעט דער ערשטער א פארזיכערונגס-געזעלשאפט און שאפט אגענטורן אין אלע שטעט פון רוסלאנד, אוקראינע, ליטע און ווייסרוסלאנד; און ועל כולם אנטוויקלט ער דאס באנק-וועזן, וואס ווערט פארפלאכטן און פארבונדן, פון איין זייט, מיט פעטערבורג און מאסקווע, און פון דער אנדער זייט, מיט בערלין און ווין. ערשט דורך קראנענבערגס פארצווייגטער ווירטשאפטלעכער טעטיקייט ווערט ווארשע, חוץ אן עקאנאמישער צענטער פאר קאנגרעס-פוילן, אויך א פינאנציעלער פארקניפ-צענטער צווישן מערב-אייראפע און רוסלאנד*).

אין די פערציקער יארן בויט איט הערמאן עפשטיין, א זון פון דערמאנטן יעקב עפשטיין, די ערשטע צוקער-פאבריק אין קאנגרעס-פוילן; ער בויט אויך די ווארשע-ווינער באן-ליניע; זיין ברודער יוזעף גרינדעט א באנק אין ווארשע; די איבעריקע צוויי ברידער עפשטיינס זיינען געווען גרויסע פאבריקאנטן. די אייניקלעך פון יעקב עפשטיין זיינען אויך געווען באנקירן און פאבריקאנטן. צווישן די ווארשעווער יידן, וואס האבן געשפילט די ערשטע פידל אין דער פינאנץ- און אינדוסטריע-וועלט פון קאנ-גרעס-פוילן, איז געווען נאך אנצורופן די וואוועלבערגס, ראזען, פרענקעל, ווערטהיים, די נאטאנסאנס, בלאך. אט די דאזיקע עטליכע פאמיליעס האבן געהאלטן אין זייערע הענט כמעט אינגאנצן דעם באנק-וועזן און באן-בוי, דעם פעסטסטן טייל פונם האנדל און ניט קיין קליינעם טייל פון דער פוילישער אינדוסטריע. לעאפאלד קראנענבערג האט געלאזט נאך זיין טויט (1878) צוואנציק מיליאן רובל — א קאלאסאל פארמעגן פאר יענער צייט.

לויט דער ציילונג פון 1843 זיינען געווען אין קאנגרעס-פוילן 880 יידישע קאפי-טאליסטן, באנקירן, גרויסע אונטערנעמער און פאכטערן; פון זיי אין ווארשע — 232 **) אדער מער פון א פערטל, ווען פון דער יידישער באפעלקערונג אין קאנגרעס-פוילן איז דעמאלט געווען אין ווארשע נאר 7,6 פראצענט. פון 20 יידישע באנקירן אין גאנץ קאנגרעס-פוילן זיינען געווען 13 אין ווארשע; פון 23 חלפנים זיינען געווען 20 אין ווארשע; פון 48 יידישע גרויסע גוטס-באזיצער — 39 אין ווארשע; פון 348 פערזאנען, וואס האבן געלעבט פון זייער קאפיטאל, זיינען געווען אין ווארשע 130 אדער 37,3 פראצענט.

די דאזיקע קליינע גרופע גרויס-בורזשואזיע האט, פארשטייט זיך, אויסגעמאכט א נישטיקן פראצענט פון דער יידישער באפעלקערונג, סך-הכל ארום צוויי פראצענט.

---

*) זע די גרויסע מאנאגראפיע וועגן קראנענבערגן, וו ס'איז געגעבן אן אלזייטיק בילד וועגן זיין ארבעט.
Leopold Kronenberg. 1812—1878. Warzawa 1922

**) ע. נ. פרענק, די צאל יידן און זייערע באשעפטיקונגען אין קעניגרייך פוילן. „בלעטער פאר יידישע דעמאגראפיע, סטאטיסטיק און עקאנאמיק". בערלין 1923. ה. 3. ז. 92—187.

און שוין דעמאלט איז ווארשע געווען א שטאט וו ס׳זיינען געווען א סך בעלי-מלאכות, קליינע קרעמערלעך, א סך שווארץ-ארבעטער און דינסטן, א גרויסע אָרימע מאסע, און אנגעלאָפענע פון דער פּראָווינץ, וואס האט געזוכט זיך אריינצופּאסן אין די נייע גרויס-שטאָטישע באַדינגונגען.

## טאַבעלע I

## די פאַרטיילונג פון די ווארשעווער עקאָנאָמיש-אַקטיווע יידן לויט פּראָפעסיעס (1843)(*)

| פּראָפעסיעס | אבסאל. צאָל | פּראָצענט |
|---|---|---|
| 1) קאפיטאליסטן, באנקירן, אונטערנעמערס, פּאָסעסאָרן . | 232 | 2,2 |
| 2) אַרענדארן און פאַכטערס . . . . . . . . . . . . | 119 | 1,1 |
| 3) שענקער און רעסטאָראַטאָרס . . . . . . . . . . . | 394 | 3,8 |
| 4) קרעמער, הענדלער, קאָמיסיאָנערן . . . . . . . . | 1765 | 17,0 |
| 5) קליינע אונטערנ., בעלי-מלאכות, מייסטערס, ארבעטער | 3496 | 33,6 |
| 6) משרתים און דינסטן . . . . . . . . . . . . . . | 1453 | 14,0 |
| 7) בעלי-עגלות און טרעגער . . . . . . . . . . . . | 555 | 5,3 |
| 8) ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטע . . . . . . . | 310 | 3,0 |
| 9) כלי-קודש . . . . . . . . . . . . . . . . . | 184 | 1,8 |
| 10) טאָג-לוין-אַרבעטער . . . . . . . . . . . . . | 1706 | 16,4 |
| 11) פאַרשיידענע פּראָפעסיעס . . . . . . . . . . . | 185 | 1,8 |
| **סך-הכל** . . . . . . . . . . . . . . . . . | **10.399** | **100,0** |

פון טאַב. 1 זעען מיר, אז שוין דעמאלט האט ווארשע געהאט א גרויסע ארבעטנ-דיקע מאסע. רעכענען מיר פאר אזעלכע אפילו נאר די גרופּן פון 5 ביז 8, באקומען מיר, אז העכער 55 פּראָצ. פון דער יידישער באפעלקערונג אין ווארשע האט געהערט צו די ארבעטנדיקע עלעמענטן. ס׳איז אָבער גאָר קיין ספק ניט, אז מען קאָן נאָך אהער צורעכענען א געוויסן טייל פון דער גרופּע צען, וווהין ס׳זיינען מסתמא אריין ניט ווייניק לופט-מענשן און קאָנטראַבאַנדיסטן, אָבער אויך ניט ווייניק שווארץ-ארבעטער. אָט די דאָזיקע גרויסע מאַסע איז געווען א גוטער און ביליקער מאטעריאל פאר דער יידישער קליין-אינדוסטריע, וואָס האָט זיך גענומען אינגיכן אנטוויקלען אין גאָר גרויסע מאָסשטאַבן אין ווארשע. ס׳זיינען אָבער פאראן ראיות, אז אויך אין די פאבריקן זיינען שוין דעמאלט געווען יידישע ארבעטער. אין דער וואכנשריפט „ווארשויער יודישע צייטונג“, וואס איז ארויסגעגאנגען אין ווארשע אין 1867, ווערט דערציילט:

„די פאבריק פון הערן צוקערוואר (אַן אייזן-פאַבריק — י. ל.) עקזיסטירט שוין זייט 20 יאָרע, אים יאָרע 1848, אלס עס זיינען ענטשטאנען פילע צוקער-פאַבריקן אים לאַנדע, איזט דיזע פאבריק פערגרעסערט וואָרדן... די פאבריק בע-

*) דאָרטן.

שעטיקט איבער 200 פערזוינען, בלויז יידן אונד פערפערטיקט יערליך וואַרע לערך פאָן 200,000 זילבער רובל". דער מחבר פונם ארטיקל איבער דער דערמאָנ־טער פאבריק, י. גראַף, שרייבט ווייטער:

„ווען מאַן גייט דורך פילע גאַסן אין וואַרשוי אונד מאַן זיט מער נישט נאָר איין האנדל אין דען אנדערן דוכט צוזאַמענגעדריקט אונד די קאָנקורענץ ווירד מיט יעדעם טאָג גרעסער... מאַכט עס איין גרויס פערגניגן איינע צייט צו פערווײלן אין דער פאבריק דעם הערן צוקערוואַר אונד זיך צו איבערצייגן דאַס דער יודע איזט צו עטוואַס מער פעיק ווי צום האנדל. די דאַמפּמאַשינע רוישט אונז' ועצט אלע אנדערע מאַשינען אין בעוועגונג, די ארבייטער שטייען יעדער בײַ זיינער ארבייט, אונד בײַ זיינער מאַשינע, גלייך ער זאָלט געוועזן איין טייל פון דער מאַשינע. איין אונגעהויערעס העמערן אונד רוישן, דאַס די ערדע אויף דעם גאַנצן הויף ציטערט, איין שרעקליכער לערם. אבער דיזער לערם האַט אויף אונז איינען ווייט בעסערן איינדרוק געמאַכט, ווי די שענסטע מוזיק, ווי אלע קאָנצערטן אין דער וועלט"*).

דער זעלבער י. גראַף באַשרייבט „די טאַבאַק־פאַבריק דער געברידער שאַפּיראָ אין וואַרשע", וועלכע עקסיסטירט קוים א יאָר און האָט שוין „פאַר 150 טויזנט רובל פּראָדוקט בעארבייטעט' 120 יודן זינד דאָרט באַשעפטיקט" און נאָך א פאַבריק פון י. פּיק, וועלכער, „שיקט זיינע ארבייטן נאָך פעטערבורג אונד נאָך גאַנץ רוסלאַנד". און אין דער פאַבריק „גרעסטענטיילס יודען ארבייטן"**).

די דאָזיקע ציטאַטן וואַרפן נאָר א נייעם שיין אויף דער עקאָנאָמישער געשיכטע פון יידן אין פּוילן — זיי ווייזן, אז די ביאַליסטאָקער יידישע ארבעטער, וועגן וועלכע מיר האָבן אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלעך געבראַכט מאַטעריאַלן, זיינען ניט געווען אין די 60־ער יאָרן די איינציקע. אין אלע גרעסערע שטעט, ווייזט אויס, וווּהין ס'זיינען זיך אָנגעלאָפן גרעסערע יידישע מאַסן פון דער פּראָווינץ, האָבן יידן זיך אריינגעריסן אויך אין די פאַבריקן און ניט נאָר אין די וואַרשטאַטן. ס'איז אפילו מעגליך, אז די אַנטוויקלונג איז געגאַנגען אויף אזא אופן: די יידן האָבן צוערשט פאַר־כאַפּט ערטער אי אין דער פאַבריק־אינדוסטריע, אי אינם האַנטוועַרק; די אַנטוויקלונג פונם האַנטוועַרק אין די ארבעט־באַדינגונגען זיינען דעמאָלט געווען א סך מער צוציִענדיק פאַר יידן, ווי די פאַבריק־ארבעט, און די יידן האָבן זייערע ערטער אין די פאַבריקן אָפּגעטראָטן די פּויערישע דאָרפישע מאַסן, מיט וועלכע ס'איז געווען שווער צו קאָנ־קורירן. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען די גרויסע אויסוואַנדערונגס־מעגליכקייטן, וואָס האָבן אָפּגעשוואַכט דעם קאָנקורענץ־דראַנג פון די יידישע ארבעטער פאַר אן אָרט אין דער פאַבריק; שפּעטער האָט זיך די לאַגע געענדערט און האָט געצוווּנגען די יידישע מלאָכה־ארבעטער אויפהויבן א קאַמף פאַר אן אָרט אין דער פאַבריק — זיי האָבן אָבער שוין געטראָפן א געדיכטע באַזעצטע פרעמדע ארבעטער־מאַסע, וווּהין ס'איז ניט גרינג זיך אריינצורייסן, און פון דער צווייטער זייט, א קעגנערשאַפט מצד דעם

*) די אלע געבראַכטע ציטאַטן זיינען גענומען פונם ארטיקל פון נ. אויסלענדער: „וואַרשעווער מעכאַבּרים אין די 50־ער — 60־ער יאָרן" אין ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך. מאָסקווע, כאַרקאָוו, מינסק. 1930, ז. 192. (צעשפּרייט פון מיר — י. ל.)

**) דאָרטן.

בעל־הבית, וואָס האָט געהאַט ניט ווייניק מאָטיוון צו פילן זיך בעסער און זיכערער מיטן ווייניק אנטוויקלטן און מסתפק במועטנדיקן ניט־יידישן דאָרפישן ארבעטער, ווי מיטן שטאָטישן, קולטורעלערן און פאָרווערטס־שטרעבנדיקן יידישן ארבעטער.

די דאָזיקע סכעמע נויטיקט זיך נאָך אין באַווייזן, אָבער זי לייגט זיך אויפן שכל, ווען מען נעמט אין באטראכט די דערוווייל, ליידער, קנאפּע ידיעות וועגן יידישע ארבעטער אין דער פאבריק־אינדוסטריע צום אָנהויב פון איר אויפקומען אין די שטעט.

מיר האָבן אויבן געבראכט א טאבעלע וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער פארטיילונג בּאַ די ווארשעווער יידן אין 1843. ס׳איז אינטערעסאַנט אָנצווייזן אויף אייניקע פּרטים, וואָס באַלייכטן דעם באַזונדערן כאראקטער פון די פּראָפעסיעס בּא די יידן פון אזא שוין דעמאָלט גרויסער שטאָט, ווי ווארשע. פון 689 העפטערס און העפטערקעס אין גאנץ פוילן זיינען געווען אין ווארשע אליין 663; טאנדעטניקעס זיינען געווען 126 פון 448; גארבער 109 פון 216; נייטארנס 62 פון 153; אבער שמידן נאר 3 פון 452; צירולניקעס (פעלדשערס) נאָר 9 פון 1249; טרעגערס גאנצע 109 פון 243; אקושערקעס 22 פון 67; דאָקטוירים 11 פון 37.

ליבעראלע פּראָפעסיעס זיינען נאָך דעמאָלט געווען גאר ווייניק בּאַ יידן — אין 1829־טן יאָר זיינען אין ווארשעווער אוניווערסיטעט געווען 733 סטודענטן און פון זיי נאָר 4*) יידן = 0,5 פּראָצענט; אין 1867 זיינען געווען אין אוניווערסיטעט 1151*) סטודענטן און יידן 115 אדער צען פּראצ.; אין 1896 — 1004 סטודענטן און פון זיי יידן 193 אָדער 19,2 פּראָצענט**); אין 1928 — 9181 סטודענטן און פון זיי יידן — 2182 אָדער 23,8 פּראָצענט. פון 4 סטודענטן ביז העכער צוויי טויזנט, חוץ דעם נאָך סטודענטן אין טעכניקום, אין האנדלס־אינסטיטוט און אין דער דענטיסטן־שול; פון 0,5 פּראָצענט ביז כמעט א פערטל פון אלע סטודענטן — אָט די דאַטן מאַכן קלאָר דעם וווקס פון ליבעראלע פּראָפעסיעס בא יידן אין פוילן בכלל און פון זייער אָנטייל אין דער אלגעמיינער צאָל ליבעראלע פּראָפעסיעס בפרט. אין 1843־טן יאָר זיינען געווען אין ווארשע סך־הכל עלף יידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן אויסגע־מאכט מסתמא גאר א נישטיקן פּראָצענט פון אלע דאָקטוירים. אין 1926־טן יאָר זיינען געווען יידישע דאָקטוירים אין ווארשע מער פון ניין הונדערט און זיי האָבן אויסגעמאכט מער ווי א העלפט פון אלע מעדיצין־דאָקטוירים אין ווארשע.

גענויערע און פּינקטליכערע ידיעות וועגן יידן אין ווארשע, זייערע פּרא־פעסיעס און זייער אנטייל אין אַרומיקן עקאנאמישן לעבן האבן מיר פארן יאָר 1882, ווען עס איז פאָרגעקומען א פאָלקס־ציילונג. אמת, אויך די דאזיקע דאטן האבן גרויסע חסרונות — ס׳זיינען ניט אויסגעטיילט די עקאנאמיש־אקטיווע און מיר האָבן אויף אזא אופן נאָר די דאטן וועגן די חיונה־קוואַלן, און חוץ דעם פעלט די סאָציאלע גלידערונג, אָבער אין פארגלייך מיט די דאַטן פון 1843 שטעלן זיי מיט זיך פאָר א באַדייטנדיקן פּראָגרעס. די ציילונג פון 1897 גיט אונז שוין די פארטיילונג פון די עקאָנאָמיש־אקטיווע, אָבער די סאָציאַלע גלידערונג פעלט נאָך אליץ. און ענדליך, די ציילונג פון 1921 גיט אונז שוין געווים דעם בעסטן סטאַטיסטישן

*) Студницкій, Польша въ политическомъ отношеніи. Стр. 101

**) С. В. Познеръ, Евреи въ общей школѣ. С-Петербургъ 1914, стр. 55.

מאַטעריאַל, אָבער אויך די דאָזיקע די צײלונג האָט גרויסע חסרונות, ווײל זי איז דאָך פאָרגעקומען עטליכע חדשים נאָך דער מלחמה מיט רוסלאַנד, אײדער דאָס זעלבּ־שטענדיקע פּוילן איז וויפיל ס'ניט איז געקומען צו זיך און אײדער ס'האָט באַוויזן אויפצושטעלן דעם האַנדל און אינדוסטריע. קלאָר, אַז די דאָזיקע אַלע דרײ צײלונגען זײנען שווער צו פאַרגלײכן, ווײל זײ האָבן דעם מאַטעריאַל געזאַמלט לויט פאַרשײדענע סיסטעמען און באַאַרבעט לויט באַזונדערע מעטאָדן. אָבער דאָך מײנען מיר, אַז אַזאַ פאַרגלײך קאָן אונז געבן אַ מער אָדער ווײניקער נאָענטע, הגם ניט פּינקטליך, בּילד פון די טענדענצן, וואָס זײנען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן.

לאָמיר פאַרגלײכן דעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד בּאַ יידן און ניט־יידן פאַר דרײ פּעריאָדן (1882, 1897 און 1921).

טאַבעלע II.

די פּראָפעסיאָנעלע גלידערונג בּאַ די וואַרשעווער יידן[1]:

| פּראָפעסיעס | בּאַ יידן 1882 | בּאַ יידן 1897 | בּאַ יידן 1921 | בּאַ ניט־יידן 1882 | בּאַ ניט־יידן 1897 | בּאַ ניט־יידן 1921 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| האַנדל און קרעדיט | [2] 43,1 | [4] 35,8 | [5] 36,0 | [2] 6,4 | [4] 10,8 | [5] 13,5 |
| אינדוסטריע און האַנטווערק | [2] 29,7 | [4] 38,2 | [5] 40,2 | [2] 35,7 | [4] 33,0 | [5] 35,5 |
| ליבעראַלע פּראָפעסיעס | [3] 1,4 | [3] 0,8 | [3] 2,0 | [3] 3,0 | [3] 2,3 | [3] 3,1 |
| באַאַמטע | 0,1 | 0,1 | 0,8 | 4,7 | 2,5 | 8,5 |
| קאָמוניקאַציע (פּאָסט, טעלעגראַף, אײזנבּאַן) | 0,2 | 0,1 | 0,1 | 3,5 | 2,4 | 7,8 |
| טראַנספּאָרט | 2,2 | 2,4 | 3,6 | 1,9 | 1,7 | 1,5 |
| הויז־דינסט און שוואַרץ־אַרבעט | 12,8 | 12,5 | [6] 7,9 | 28,2 | 20,0 | [6] 11,3 |

אײנס איז געוויס קלאָר פונם דאָזיקן פאַרגלײך — בּאַ יידן איז אויסגעוואַקסן די וואָג פון דער אינדוסטריע און האַנטווערק, פון די ליבעראַלע פּראָפעסיעס, פונם טראַנס־פּאָרט; ס'איז געפאַלן די וואָג פונם האַנדל און פון דער הויז־דינסט. באַזונדערס שטאַרק איז אויך געשטיגן די וואָג פון דער אינדוסטריע און געפאַלן די וואָג פון האַנדל אין דער צײט פון 1882 בּיז 1897. ס'איז אָבער נאָר קײן ספק ניט, אַז דער דאָזיקער פּראָצעס איז אײנס זעלבּן טעמפּ אויך געגאַנגען ווײטער און וואָלטן מיר געהאַט דאַטן

1) בּאַ די דאַטן פון 1882 האַנדלט זיך וועגן פּרנסה־קוואַלן און בּאַ די דאַטן פון 1897 און 1921 — וועגן עקאָנאָמיש־אַקטיווע.

2) די „העכערע אָנגעשטעלטע", אין דער צײלונג פון 1882, האָבן מיר פאַרטײלט אויף אַזאַ אופן: צוויי דריטל פאַרן האַנדל און אײן דריטל פאַר דער אינדוסטריע.

3) נאָר אַדוואָקאַטן, מעדיצינער, אַפּטײקערס, ליטעראַטן און קינסטלער.

4) אין דער צײלונג פון 1897 זײנען די אָנגעשטעלטע אָנגעגעבן אינאײנעם מיט דער דינערשאַפט. מיר האָבן גענומען אײן דריטל פון דער דאָזיקער צאָל פאַר אָנגע־שטעלטע און פון דעם פאַרעכנט צוויי דריטל פאַרן האַנדל און אײן דריטל פאַר דער אינדוסטריע.

5) צוגערעכנט אויך די אַרבעטלאָזע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

6) צוגערעכנט אַ טײל אַרבעטלאָזע.

פארן יאר 1914, וואלטן מיר דאס געוויס געקאנט זען; די מלחמה און די אינפלאציע האָבן די דאָזיקע אינדוסטריאליזירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג איבערגעריסן און מסתמא זי נאָך אָפּגעוואָרפן אויף א פּאָר פונקטן צוריק און נאָר דערמיט דערקלערט זיך, וואָס דער צייט-אָפּשניט פון 1897 ביז 1921 גיט א סך א קלענערן צוּוואקס פון די אינדוסטריע-עלעמענטן, ווי דער ערשטער צייט-אָפּשניט.

אנדערש איז געגאנגען די אנטוויקלונג באַ דער ניט-יידישער באַפעלקערונג. די וואָג פון האנדל איז באַ איר נאָר שטארק געוואקסן און האָט זיך מער ווי פארדאָפּלט פאר דער גאנצער גענומענער עפּאָכע (1882—1921). די וואג פון אינדוסטריע און האנטווערק איז זעהר לאנגזאַם געוואקסן; פארדאָפּלט האָט זיך די וואָג פון די באַאמטע. רעכנט מען צו צו די באַאמטע די באַשעפטיקטע אין קאָמוניקאַציע (פּאָסט, טעלעגראף און אייזנבאן), באקומט זיך, אז פון די דאזיקע צוויי גרופּן מלוכה-באַשעפטיקונגען האָבן געלעבט:

| | באַ יידן | בא ניט-ייד |
|---|---|---|
| אין 1882 | 0,3 | 8,2 |
| אין 1921 | 0,9 | 16,3 |

אָט אין די דאָזיקע ציפערן קומט אַם שטארקסטן צום אויסדרוק די שוואכקייט פון דער יידישער מינדערהייט. בא ניט-יידן זיינען געווען באַזאָרגט מיט מלוכה-ארבעט, וואָס ווייסט כמעט ניט פון קיין קריזיסן און האָט א גרעסערע פּאָליטישע וואָג, ווי פּריוואטע ארבעט, בערך א צוועלפטל פון דער ניט-יידישער באַפעלקערונג אין 1882 און א גאנץ זעקסטל אין 1921, בשעת בא יידן איז די צאָל פון די דאָזיקע באַשעפטיקטע ניט דערגאנגען אפילו אין 1921 ביז א גאנצן פּראָצענט. באַ יידן זיינען געווען באַשעפטיקטע באַ מלוכה-ארבעט 27 מאָל וויניקער ווי בא ניט-יידן אין 1882 און 18 מאָל וויניקער אין 1921. געפאלן שטארק באַ די ניט-יידן איז די גאר לעצטע קאַטעגאריע, די אם ערגסטן באצאלטע — הויז-דינסט און שווארץ-ארבעט, וואָס האָט זיך בא ניט-יידן פארקלענערט כמעט דריי מאָל, אָבער בא יידן בערך נאָר אויף א דריטל.

ווארפט מען אפילו נאָר אויבן-אויף א בליק אויף דער נאָר וואָס אנאַליזירטער טאַבעלע, איז גרינג צו באַמערקן, אז דאָס סאמע כאראקטעריסטישע אין איר איז דאָס, וואָס זי ווייזט קלאָר די אויסגלייך-טענדענץ פון די ביידע באַפעלקערונגס-גרופּן, א טענדענץ, וואָס גייט פון ביידע צדדים און מאכט אלץ מער און מער ענליך צווישן זיך די סאָציאַלע סטרוקטור פון יידן און ניט-יידן. און, באמת, — אין 1882-טן יאָר איז געווען באַ יידן באַשעפטיקטע אין האַנדל זיבן מאָל מער ווי בא ניט-יידן; אין 1921 שוין נאָר צוויי און א האלב מאָל מער. אין 1882 איז געווען בא ניט-יידן הויז-דינסט און שווארץ-ארבעט מער ווי צוויי מאָל א העכערער פּראָצענט און אין 1921 נאָר וויניקער פון אנדערטהאלבן מאָל מער. געוויס איז נאך איצטער אויך א גרויסער תהום צווישן דער סאָציאַלער סטרוקטור פון יידן און ניט-יידן און דער דאָזיקער תהום ווערט בולטער און אָנזעעוודיקער וואָס נאענטער און קאָנקרעטער מען גייט צו צו די סעקטאָרן פון יעדןווירטשאפט-צווייג, אין וועלכע ס'זיינען געוויינליך קאָנצענטרירט די באַזונדערע פעלקער-גרופּן. די טענדענץ אָבער טרייבט צו אן אויסגלייך, צו אָפּווישן דעם דאָזיקן תהום, וואָס האָט געשאפן, חוץ די געאָגראַפישע, נאָך סאָציאַלע געטאָס.

זעלבסטפארשטענדליך, אז די, אזוי צו זאָגן, נאטירליכע שטרעבונג צו געאָ־גראַפישער און פּראָפעסיאָנעלער קאָנצענטראַציע, וואָס אנטפלעקט זיך בײַ אלע פעל־קער, און מיט א באַזונדערער קראַפט בײַ יידן, וועט בלײַבן אויך אויף ווייטער.

לאָמיר זיך אומקערן צו די דאַטן פון 1882 און פון 1897, וואָס גיבן אונז אזוי פיל אינטערעסאנטן מאַטעריאַל. די רוסן (פּראַוואָסלאַווע) פארנעמען גאַר א באַזונדער אָרט — 30 פּראָצענט פון אלע רוסן זײַנען מיליטער־לײַט; 26,9 פּראָצענט געהערן צו באַאַמטע און פרײַע פּראָפעסיעס. אָט די דאָזיקע צוויי גרופּן באַשעפטיקונגען האָבן אויסגעמאכט:

| 1897 % | 1882 % | |
|---|---|---|
| 73,8 | 56,9 | 1) בײַ רוסן |
| 15,0 | 12,0 | 2) בײַ דײַטשן |
| 6,3 | 9,1 | 3) בײַ פּאָליאַקן |
| 4,0 | 5,1 | 4) בײַ יידן |

מיר וועלן צוליב דעם פארגלײַכן נאָר די יידן מיט די דײַטשן און פּאָליאַקן. אין האנדל זײַנען געווען באַשעפטיקט*):

| 1897 | 1882 | |
|---|---|---|
| 31,3% | 39,6% | בײַ יידן |
| 8,8% | 8,8% | בײַ דײַטשן |
| 7,4% | 5,0% | בײַ פּאָליאַקן |

דער צוּוואַקס איז, זעהט מען, בײַ די פּאָליאַקן און ס׳איז גאַר קיין ספק ניט, אז דער צוּוואַקס בײַ די ניט־יידן אין 1921 וואָס מיר האָבן העכער קאָנסטאַטירט, גייט אויך אויפן חשבון פונם מערהייט־פאָלק.

אין אינדוסטריע און האנטווערק זײַנען געווען באַשעפטיקט*):

| 1897 | 1882 | |
|---|---|---|
| 36,0 | * 28,0 | בײַ יידן |
| 34,8 | 42,2 | בײַ דײַטשן |
| 36,4 | 35,6 | בײַ פּאָליאַקן |

אויך בײַ די פּאָליאַקן איז די אינדוסטריע אויסגעוואַקסן, אבער בײַ די יידן אין א סך א שטאַרקערער מאָס.

מיר האָבן ביז אהער גערעדט וועגן דעם פּראָפעסיאָנעלן בוי בײַ פארשיידענע פעלקער. לאָמיר איצטער זען דעם אָנטייל פון די פארשיידענע פעלקער, די וואָג פון פארשיידענע פעלקער אין באַזונדערע ווירטשאַפטליכע צווײַגן.

פון הונדערט, וואָס האָבן געהאַט חזקה פון האנדל׳ זײַנען געווען:

| ניט־יידן | יידן | |
|---|---|---|
| 20,7 | 79,3 | אין 1882 |
| 37,9 | 62,1 | אין 1897 |
| 40,0 | 60,0 | אין 1921 |

*) אָן די אויסבעסערונגען, וואָס זײַנען אָנגעוויזן בײַ טאַב. 2.

אט דא טרעטן ארויס קלאר די געווינסן פון דער פוילישער באפעלקערונג אינם האַנדל: פאר פערציק יאָר האָט זיך איר אָנטייל אין האנדל פון ווארשע פארדאָפּלט, ווען דער יידישער אָנטייל האָט זיך פארקלענערט בערך אויף א פערטל. פארדעכטיק איז אָבער, וואָס כמעט דער גאנצער געווינס פון דער פוילישער באַפעלקערונג פאלט גראדע אויף דעם ערשטן צייט־אָפּשניט, ווען ס'קאָן זיך דוכטן, אז דוקא אין די לעצטע יאָרן פאר דער מלחמה ווי אויך באַלד נאָך דער מלחמה האָבן פּאָליאַקן ארויסגעוויזן דעם שטארקסטן דראנג צו די פון יידן פארנומענע האנדלס־פאזיציעס.

ס'קאָן דעריבער זיין, אז אין דער אמתן זיינען די געווינסן פון די פּאָליאַקן ניט געווען אזוי גרויס. מיר מיינען אָבער, אז די טענדענץ פון געווינען האנדלס־פּאָזיציעס דורך דער פוילישער באפעלקערונג איז ריכטיק פעסטגעשטעלט.

מיר האָבן שוין עטליכע מאָל איבערגעחזרט, אז די דאַטן פון די פארשיידענע צייט־פונקטן זיינען אזוי פארשיידן געזאמלט און פארשיידן באַארבעט געווארן, אז באַם פארגלייכן דאַרף מען זעהר פּאָרזיכטיק זיין. ס'קאָן זיך העכסטנס רעדן נאָר וועגן אָנטאַפּן די אלגעמיינע טענדענצן פון דער אנטוויקלונג בא יידן און ניט־יידן. אט זעען מיר, למשל, אין די דאטן פון 1882־טן יאר, אז פון הונדערט, וואָס האָבן געלעבט פון קרעדיט, זיינען געווען 86,2 פּראָצענט יידן און אין 1897 — פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע נאָר 10,5 יידן, און גיט מען צו די עקאָנאמיש־פּאַסיווע באקומט מען 16,5, אליין פינף מאל ווייניקער, ווי אין 1882. קלאר, אז דאָ שטימט עפּעס ניט און ס'שטעקט מסתמא אין דעם, וואָס מ'האָט אויף א פאר־שיידענעם אופן באַצייכנט דעם באַגריף „זעלבשטענדיק", ווייל איןביידע ציילונגען זיינען די אנגעשטעלטע גערעכנט געווארן באזונדער. דאס ווערט באזונדערס קלאר, ווען מיר נעמען די דאטן פון 1921, וועלכע גיבן אונז בעסערע מעגליכקייטן. אזוי האָבן יידן אויסגעמאכט אין געלט־האנדל אין 1921:

1) פון הונדערט, וואָס האָבן חיונה פון דעם צווייג . . 15,0 פּראָצענט
2) " " עקאָנאָמיש־אַקטיווע . . . . . . . 12,2 "
3) " " בעלי־בתים . . . . . . . . 65,8 "
4) " " אָנגעשטעלטע . . . . . . . . 11,4 "
5) " " אַרבעטער . . . . . . . . . 2,3 "

פון די דאָזיקע ציפער ווערט קלאָר, אז די דאַטן פון 1882 באַציען זיך נאָר אויף די בעלי־בתים פונם קרעדיט־האנדל — דער פּראָצענט יידן איז טאקע געפאלן, אָבער ניט אזוי שטארק, פאר 40 יאָר בערך אויף א פערטל.

אינטערעסאנט איז פעסטצושטעלן דעם פּראצענט יידן אין איינצלנע אפּטיילן פונם האנדל אָדער אינדוסטריע אין פארשיידענע צייטן. אזוי האָבן יידן אויסגעמאכט:

| | 1882 [1] | 1897 [2] |
|---|---|---|
| אין הויזירעריי . . . . . . . . . . | 86,2 | 87,8 |
| רעסטאָראַנען, האָטעלן און שענקען . . . . . | 62,0 | 31,6 |
| אין האנדל מיט תבואה, זריעה און פי . . . . . | 91,9 | 55,5 |

1) פון אלע, וואָס האָבן חיונה.
2) פון אלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע.

| | | |
|---|---|---|
| אין האנדל מיט האָליץ און קוילן . . . . . . | 76,7 . . | 42,5 |
| אין האנדל מיט מאַנופאקט., גאַלאַנט. און מאָדע־געש. | 84,8 . . | 68,5 |

מען קאָן קומען צום שלוס, אז אינם גאָר קליינעם האַנדל האָבן די יידן איינגע־האלטן אלע זייערע פּאָזיציעס; אם שטארקסטן האָבן זיי פארלאָרן בּאַ די שענקען און רעסטאָראַנען — דאָס איז א בּאַקאַנטער פאקט אויך פון אנדערע שטעטן; שטארק פארלארן האבן אויך יידן אין האנדל מיט האליץ און תבואה און א סך ווייניקער באם מסחר מיט מאַנופאקטור, גאלאנטעריי וכדומה.

בּאַ דער אינדוסטריע קאָנען מיר פארגלייכן אלע דריי צייט־פּונקטן. צוערשט וועגן אָנטייל פון יידן אין בּאַזונדערע אינדוסטריע־צווייגן. פון הונדערט בּאַשעפטיקטע זיינען געווען יידן:

| | 1882 (1 | 1897 (2 | 1921 (2 |
|---|---|---|---|
| בּאַקליידונג . . . . . | 33,9 . . | 32,1 . . | 44,3 |
| מעטאל און מאשינעס*) | 18,5 . . | 13,2 . . | 12,0 |
| איידל־מעטאל . . . . | 51,9 . . | 31,5 . . | 52,3 |
| טעקסטיל־אינדוסטריע . | 68,0 . . | 44,2 . . | 45,8 |
| כעמישע אינדוסטריע . | 37,5 . . | 17,5 . . | 26,3 |
| פּאַפּיר־אינדוסטריע . . | 43,1 . . | (** . . | 55,3 |
| האָליץ־אינדוסטריע . . | 23,4 . . | 21,4 . . | 33,5 |
| שפּייז־אינדוסטריע . . | 34,0 . . | 25,9 . . | 33,2 |
| פּאָליגראַפישע אינדוסטריע | 21,0 . . | 31,8 . . | 19,9 |
| בּוי־אינדוסטריע . . | 12,0 . . | 12,6 . . | 10,8 |

אזוי ווי די דאטן פון 1882 נעמען ארום די גאנצע בּאַפעלקערונג (מיט די עקאָנאָמיש־פּאַסיווע) און אזוי ווי בּאַ יידן לעבן די ארבּעטער מיט דער פאמיליע אין דער גרויסער שטאָט א סך אין א גרעסערער מאָס ווי בּאַ ניט־יידן, איז געוויס דער פּראָצענט פון 1882 אביסל צו א הויכער. פארגלייכט מען די דאטן פון 1897 מיט די דאטן פון 1921, וואָס זיינען פון איין כאראקטער, זעט מען, אז יידן האָבן אין דער אינדוסטריע געוואונען א סך פּאזיציעס. פון צען אינדוסטריע־צווייגן האבן זיי גע־האַט קליינע מינוסן אין דריי, אָבער דערפאר פּליוסן אין 7 צווייגן: אין דער בּאַקליי־דונג א פּליוס אויף מער פון א דריטל; אין דער האָלץ־אינדוסטריע אויף א העלפט; אין דער שפּייז־אינדוסטריע אויף מער פון א פערטל. נאָר אפילו א פארגלייך מיט 1882 ווייזט, אז אין אינדוסטריע האָבן יידן פארנומען נייע פּאָזיציעס — בּאַזונדערס אין די צוויי צווייגן, וואָס בּאַשעפטיקן גרויסע מאסן יידן: אין דער בּאַקליידונג און אין דער האָליץ־אינדוסטריע.

## 17. ווערן יידן ארויסגעשטויסן פון ווארשעווער האנדל און אינדוסטריע?

צי זיינען יידן די לעצטע יאָרן ארויסגעשטויסן געוואָרן פון האַנדל, פון אינדוס־טריע אָדער פון איינצלנע צווייגן פון די דאָזיקע ווירטשאפט־אָפּטיילן? א קלאָרע

1) פון אלע, וואָס האָבן חיונה. 2) פון אלע עקאָנאָמיש־אקטיווע.

*) אָן איידל־מעטאל. **) גייט אריין אין פּאָליגראפיע.

תשובה אויף דער דאזיקער פראגע וועט ערשט געבן די נאענטסטע פאלק-ציילונג. אויפן שכל לייגט זיך, אז גראד אין ווארשע וואלט געווים געמוזט פאר די לעצטע יארן זיך פארקלענערן דער אנטייל פון יידן באזונדערס אין האנדל, ווייל אין ווארשע זיינען דאך קאנצענטרירט די אלע גאנין-מלוכהדיקע און טיילווייז-מלוכהדיקע מאנאפאלן און סינדיקאטן, וווהין קיין ייד ווערט ניט צוגעלאזן. בא דעם דוחק אין צאלן, וואס זאלן באלייכטן די דאזיקע פאר אונז קארדינאלע פראגע, מוזן מיר זיך באנוצן מיט די ניט לאנג פארעפנטליכטע ציפער פון דער האנדלס- און אינדוסטריע-קאמער, הגם זיי האבן גרויסע חסרונות: ערשטנס, נעמען זיי ארום נאר די עלעמענטן, וואס האבן וואל-רעכט צו די קאמערן; צווייטנס, זיינען זיי א רעזולטאט ניט פון פעסטגעשטעלטע לויט דער נאציאנאליטעט אדער אמונה דאטן, נאר פון אויסציילן אויפן גרונט פון די נעמען פון די וויילער. אז באם פעסטשטעלן די נאציאנאליטעט לויטן נאמען, קאנען פארקומען טעותן, איז קלאר. מיר מיינען אבער, אז א סך מער יידן האבן פוילישע נעמען, ווי פאליאקן יידישע נעמען — און די טעותן האבן געווים געבראכט גיכער צו א פארקלע-נערונג פון דעם פראצענט יידן, ווי צו א פארגרעסערונג.

באם באארבעטן דעם מאטעריאל האט מען אלע וויילער צעטיילט אין צווי קא-טעגאריעס. נאר גרויסע הענדלער און פאבריקאנטן און גרויסע באנקירן אין איין גרופע; מיטעלע און קלענערע אין א צווייטער גרופע.

יידן אין האנדל און אינדוסטריע אין ווארשע*)

| ווירטשאפט-אפטייל | 1928 | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | ערשטע קאטעגאריע | | | צווייטע קאטעגאריע | | |
| | אינגאנצן | דערפון — יידן | | אינגאנצן | דערפון — יידן | |
| | | אבסאלוט | % | | אבסאלוט | % |
| אינדוסטריע . . . . . | 42 | 8 | 19,0 | 4103 | 2138 | 52,1 |
| האנדל . . . . . . . | 3878 | 2076 | 53,5 | 18097 | 9858 | 54,5 |
| בענק . . . . . . . | 92 | 28 | 30,4 | 30 | 18 | 60,0 |
| **צוזאמען . . . .** | **4012** | **2112** | **52,6** | **22230** | **12014** | **54,0** |

צווישן דער ערשטער קאטעגאריע אונטערנעמער מאכן יידן אוים מער פון 52 פראצענט: דעם העכסטן פראצענט מאכן זיי אוים אינם גרויס-האנדל — 53,5; דעם קלענסטן אין דער גרויס-אינדוסטריע — סך הכל 19,0; אין די גרויסע בענק מאכן יידן אוים העכער דרייסיק פראצענט. צווישן די מיטעלע און קלענערע אונטערנעמער מאכן שוין יידן אוים 54,0 פראצענט: דעם העכסטן צווישן די מיטעלע באנקירן — גאנצע 60 פראצענט; דעם קלענסטן ווידער אין דער אינדוסטריע, אבער דאך א גענוג הויכן פראצענט — 52,1. לייגט מען צונויף ביידע קאטעגאריעס אונטערנעמער, באקומט מען, אז יידן האבן אין 1928-טן יאר אויסגעמאכט אין ווארשע:

*) Kwartalnik Statystyczny, T. VIII. 1931 S. 94 98.

| | |
|---|---|
| אין אינדוסטריע | 51,8 |
| אין האנדל | 54,3 |
| אין באַנק־וועזן | 37,7 |
| צוזאַמען | 53,8 |

אזוי ווי דאָ זיינען געציילט געוואָרן נאָר די אונטערנעמער, קאָן מען די דאָזיקע צאָלן פארגלייכן מיט די זעלבשטענדיקע, דאָס הייסט מיט די בעלי־בתים פון דער ציילונג פון 1921. פארשטייט זיך, אז אזא פארגלייך מוז אויספאַלן לרעה פון די יידן, ווייל בא דער ציילונג פון 1921 זיינען צווישן דאָך זעלבשטענדיקע געציילט געוואָרן אויך די קלענסטע קרעמערלעך און די קלענסטע האנטווערקערלעך, וועלכע זיינען בא יידן א סך מער, ווי בא ניט־יידן, ווען בא די מאַטעריאלן פון דער האנדלס־ און אינדוסטריע־קאַמער זיינען גענומען געוואָרן נאר די, וואָס האָבן וואל־רעכט אין די דאָזיקע קאַמערן. פונדעסטוועגן קאָן מען אָנעמען, אז די טענדענץ וועט אונז אזא פארגלייך דאָך געבן.

דער פראָצענט יידן איז געווען:

| | האַנדל | אינדוסטריע |
|---|---|---|
| צווישן די זעלבשטענדיקע פון 1921 | 73,0 | 45,0 |
| צווישן די וויילער פון די קאַמערן אין 1928 | 54,3 | 51,8 |

פריער פון אלץ מוזן מיר באַמערקן, אז די דאָזיקע ציפער באַשטעטיקן די פון אונז שוין פעסטגעשטעלטע טענדענץ: יידן געווינען נייע פאזיציעס אין דער אינדוסט־ריע; ניט־יידן אין האנדל. פאר די יאָרן פון 1921 ביז 1928 האָט זיך דער אָנטייל פון יידן אין דער אינדוסטריע פארגרעסערט מיט כמעט זיבן פונקטן. וואָלטן מיר נאָך געהאט דאַטן פאר די גאר קליינע זעלבשטענדיקע באשעפטיקטע אין דער אינדוסריע וואָלט דער פראָצענט יידן געווים געווען נאָך גרעסער. אין האנדל האָבן יידן פאר־לאָרן כמעט 19 פונקטן — אין דער אמתן מסתמא א סך ווייניקער, ווייל ס׳פעלן פארן יאָר 1928 די גאָר קליינע קרעמערלעך און הענדלערלעך, וואָס וואָלטן דעם פראָצענט יידן געווים פארגרעסערט. אָבער, ווי געזאָגט, דאָ גייט אונז ניט אין דער פינקטליכקייט און גענויקייט פון די אָנגעצייכנטע פראָצעסן, נאָר אין זייער אלגעמיינער טענ־דענץ, און די דאָזיקע טענדענץ איז קלאָר פעסטגעשטעלט: אויך אין די גאר לעצטע יאָרן רייסן זיך יידן אלץ שטארקער אריין אין דער אינדוסטריע, בשעת אינם האנדל טרעטן זיי אָפּ פאָ־זיציעס די ניט־יידן.

מיר האָבן, בכן, אין ווארשע קאָנסטאטירט דעם זעלבן פאקט, וואָס אין לאָדזש. מיר האָבן ווייניק דאַטן צו באַהאַנדלען די דאָזיקע פראגע פאר דער פראָווינץ. די דאַטן פון דער זעלבער קאמער ווייזן, אז אין דעם קרייז פון ווארשעווער וואָיעוודסטווע האָט זיך דער פראָצענט יידן פארקלענערט סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין האנדל.

דער פראָצענט יידן אין ווארשעווער קרייז איז געווען:

| | האַנדל | אינדוסטריע |
|---|---|---|
| צווישן די זעלבשטענדיקע פון 1921 | 73,7 | 32,8 |
| צווישן די וויילער פון די קאַמערן אין 1928 | 58,2 | 27,5 |

נעמט מען אין אכט דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן די גאָר קליינע קרעמער־לעך און האַנטווערקערלעך, וועט מען מוזן קומען צום אויספיר, אז אין קרייז ווארשע האָט זיך דער פּראָצענט יידן אין דער אינדוסטריע געוויס ניט פארקלענערט, בשעת דער פּראָצענט הענדלער האָט זיך געוויס אויף אייניקע פונקטן פארקלענערט.

וועגן דעם וווּקס פון יידן אין דער אינדוסטריע פון ווארשע, וווּקס ניט נאָר פון אונטערנעמער, נאָר אויך פון יידישע אַרבעטער, באַקומט מען ערשט א פארשטעלונג ווען מען פארגלייכט די לאַגע פאר א גרעסערן צייט־אָפּשניט. צום גליק, פארמאָגן מיר גאַנץ זיכערע און גענויע ידיעות וועגן יידן אין דער גרויס־אינדוסטריע פון ווארשע פארן יאָר 1885. מיר האָבן שוין דערמאָנט בנוגע לאָדזש די אָפיציעלע ציילונג פון דער גרויס־אינדוסטריע אין אייניקע טיילן פון קאָנגרעס־פוילן אין 1885, וואָס האָט ארומגענומען אלע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען מיט מער פון 25 ארבעטער. אזעלכע אונטערנעמונגען זיינען געווען דעמאָלט אין ווארשע 146; פון זיי האָבן געהערט*):

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּאָליאַקן | 57 | 39,0 | פּראָצענט. |
| אויסלענדער | 49 | 33,6 | „ „ |
| יידן | 33 | 22,6 | „ „ |
| אַקציאָנערע געזעלשאַפטן | 7 | 4,8 | „ „ |
| סך־הכל | 146 | 100,0 | פּראָצענט |

וועגן די אַקציאָנערע געזעלשאַפטן זאָגט דער מחבר, אז זיי זיינען געגרינדעט דער עיקר פון יידן מיט אויסלענדער בײַ גאָר א קליינעם אָנטייל פון פּאָליאַקן. צווישן די אויסלענדער, דער עיקר דייטשן, זיינען מסתמא אויך געווען עטליכע יידן. מען קאָן, בכן, רעכענען, אז יידן פאבריקאַנטן האָבן אויסגעמאַכט בערך 27 — 28 פּראָצ. פון אלע פאַבריקאַנטן מיט מער פון 25 ארבעטער אויף אן אונטערנעמונג.

אויף די דאָזיקע 146 פאבריקן זיינען געווען 370 פארוואַלטערס און טעכניקערס. פון זיי זיינען געווען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּאָליאַקן | 237 | 64,1 | פּראָצענט |
| אויסלענדער | 87 | 23,5 | „ |
| יידן | 46 | 12,4 | „ |
| צוזאַמען | 370 | 100,0 | „ |

דאָ זיינען שוין יידן צוויי מאָל ווייניקער, ווי צווישן די בעלי־בתים פון די פאַבריקן. סך־הכל איין אכטל פון אלע פארוואַלטערס און טעכניקערס זיינען געווען יידן, און ווען מיר זאָלן אָננעמען, אז אויך צווישן די אויסלענדער, דער עיקר דייטשן, זיינען געווען עטליכע יידן, וועט אפשר זיין יידן בײַ 15 פּראָצענט.

איצטער לאָמיר זען, וויפיל זיינען געווען יידישע ארבעטער. אויף אלע 146 פאבריקן זיינען געווען 12,963 ארבעטער. פון זיי זיינען געווען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּאָליאַקן | 10,933 | 84,4 | פּראָצענט |
| יידן | 1465 | 11,3 | „ |
| אויסלענדער | 565 | 4,3 | „ |
| סך־הכל | 12,963 | 100,0 | פּראָצענט |

*) „Варшавскій Дневникъ“, 1886, № 155.

דער פּראָצענט יידישע אַרבעטער איז נאָך קלענער, ווי דער פּראָצענט פּאַר־וואַלטערס און טעכניקערס, און אַזוי ווי צווישן די אויסלענדישע אַרבעטער איז געווים ניט געווען קיין יידן, קומט אויס, אַז יידישע אַרבעטער איז געווען צוויי און אַ האַלבן מאָל ווייניקער, ווי יידישע פאַבריקאַנטן.

באַ וועמען האָבן געאַרבעט די יידישע אַרבעטער? פון 1465 יידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט:

| | |
|---|---|
| באַ יידישע פאַבריקאַנטן . . . . . . . . . | 1200 |
| באַ אויסלענדישע פאַבריקאַנטן . . . . . . . | 253 |
| באַ פּוילישע פאַבריקאַנטן . . . . . . . . . | 8 |
| באַ אַקציאָנערע געזעלשאַפטן . . . . . . . | 4 |
| סך־הכל . . . . . . . . . . . . . | 1465 |

82 פּראָצענט פון אַלע יידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט אויף די יידישע פאַב־ריקן. אַלע איבעריקע האָבן געאַרבעט באַ אויסלענדישע פאַבריקאַנטן מסתמא אויך באַ יידן. אינטערעסאַנט איז, וואָס אין די פאַבריקן, וועלכע האָבן געהערט צו די אַקציאָנערע געזעלשאַפטן, איז כמעט ניט געווען קיין יידישע אַרבעטער, הגם זיי האָבן גע־הערט דאָס רוב צו יידן.

כדי פעסטצושטעלן, באַ וועלכער נאַציע זיינען געווען די גרעסטע פאַבריקן וועלן מיר אויסרעכענען די דורכשניטליכע צאָל אַרבעטער אויף איין פאַבריק באַ פאַברי־קאַנטן פון פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס. אויף איין פאַבריק איז געווען אַרבעטער:

| | |
|---|---|
| באַ די אַקציאָנערע פאַבריקן . . . . . . . . | 393,0 |
| באַ די פאַבריקן פון אויסלענדער . . . . . . | 88,8 |
| באַ די יידישע פאַבריקן . . . . . . . . . | 71,0 |
| באַ די פּוילישע פאַבריקן . . . . . . . . | 61,5 |

אַזוי ווי די אַקציאָנערע פאַבריקן זיינען געווען דאָס רוב יידישע און צווישן די אויסלענדישע פאַבריקאַנטן זיינען אויך געווען אייניקע יידן, קאָן מען מיט אַ רואיק געוויסן קומען צום אויספיר, אַז אין יידישע הענט זיינען דעמאָלט געווען די גרעסטע פאַבריקן. מיר האָבן געזען, אַז לויט די דאַטן פון 1928 האָבן יידן צווישן די פאַב־ריקאַנטן פון דער ערשטער קאַטעגאָריע אין וואַרשע אויסגעמאַכט נאָר 19,0 פּראָצענט. פאַרשטייט זיך, אַז די מאַטעריאַלן זיינען זעהר פאַרשיידן און שווער צו פאַרגלייכן — דאָך איז זעהר מעגליך, אַז צווישן די גאָר גרויסע אונטערנעמער אין וואַרשע האָבן יידן איצט אַ קלענערן פּראָצענט ווי צוריק מיט 45 יאָר.

לאָמיר איצטער אַביסל גענויער זיך אָפּשטעלן אויף די יידישע אַרבעטער. אין די גאָר גרויסע פאַבריקן פון די אַקציאָנערע געזעלשאַפטן זיינען יידן כמעט גאָר ניט גע־ווען. אין די יידישע פאַבריקן זיינען געווען 2343 אַרבעטער; פון זיי יידן — 1200 אָדער 51,2 פּראָצענט. ס׳באַקומט זיך אַ גאַנץ הויכער פּראָצענט. אין דער אמתן איז דאָס ניט אַזוי, אט וואָס ס׳שרייבט דער מחבר פון אַרטיקל: „פון 1465 יידישע אַרבעטער זיינען 1407 (96,0 פּראָצענט) באַשעפטיקט אין די טאַבאַק־פאַבריקן און 56 אין די טיפּאָגראַפיעס, אַזוי אַז די דאָזיקע צוויי אינדוסטריע־צווייגן נעמען צו אַלע יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרנומען אויף גרויסע פאַבריקן. אין אַלע איבעריקע אינדו־סטריע־צווייגן טרעפן זיך יידישע אַרבעטער ווי אַ זעלטענע צופעליקע דערשיינונג. די

יידן גייען גערן אין טאַבאַק-פאַבריקן און אין דרוקערייען, ווייל, ווייזט אויס, די ארבעט אויף די דאָזיקע פאבריקן פאָדערט די קלענסטע פיזישע אָנשטרענגונג, צו וואָס זיי האָבן ניט קיין גרויס חשק. מיר מיינען אָבער ניט, אז דאָ שפּילט א ראָלע די, אזוי צו זאָגן, אריסטאָקראטישע פאראכטונג צו פיזישער ארבעט; די בכלל שוואכע, אָפט אפילו קרענקליכע יידישע באפעלקערונג נעמט זיך ניט פאַר קיין אנדערע ארבעטן, פּשוט ווייל זי האָט ניט גענוג כח דערצו. מיר רעקאָמענדירן דעם דאָזיקן פאקט דער אויפמערקזאַמקייט פון די רייכע יידן-פילאַנטראָפּן, וואָס נעמען אויף זיך גערן די ראָלע צו שיצן די אינטערעסן פון זייערע פאלקס-אייגענע. די קאָלאָסאַלע צאָל יידן, וואָס ארבעטן אויף די טאַבאַק-פאַבריקן, ווו דער ארבעט-לוין איז קלענער, ווי אין א סך אנדערע פּראָדוקציעס, באווייזט, אז די אָרימע יידישע מאסן נויטיקן זיך אין פיזישער ארבעט, פון וועלכער זיי אנטלויפן ניט"*).

אין א צווייטן ארטיקל, אין וועלכן דער „ווארשאווסקי דניעווניק" טענעט זיך אויס מיטן „וואָסכאָד", וואָס ער האָט געפונען א תירוץ אויף צו פארענטפערן די יידישע פאבריקאנטן, פארוואָס זיי נעמען ניט אָן קיין יידישע ארבעטער, ארויסרוקנדיק דעם שבת, שטייט געשריבן:

„די דאָזיקע דערקלערונג ווערט אָפּגעלייקנט דורך די דאַטן וועגן יענע פאבריקן, אין וועלכע ס'ארבעטן יידן. אָט זיינען צאָלן וועגן ארבעטער אין די ווארשעווער טאַבאַק-פאַבריקן, געזאמלט אין מערץ 1885-טן יאָר: אויף דער פאבריק פון פרוכטמאן זיינען געווען 42 קריסטן און 42 יידן; אויף דער פאבריק פון ברין 42 קריסטן און 60 יידן; אויף דער פאבריק „אוניאָן" — 269 קריסטן און 175 יידן; אויף דער פאבריק פון ווערנער און מילער — 160 קריסטן און 33 יידן; אויף דער פאַבריק פון ערנפריד — 9 קריסטן און 105 יידן; בא די ברידער פּאָליאַקעוויטש — 31 קריסטן און 739 יידן; אויף דער פאבריק פון גאלדשטויב — 58 קריסטן און 105 יידן. ווי מיר זעען, מאכן די יידן אויס אין די טאבאק-פאַבריקן אין אייניקע פאלן א מינדערהייט, אָבער אָפטער א מערהייט, און דאָס שטערט אבסאָלוט ניט, אז די ארבעט אין די פאבריקן זאָל גיין נאָרמאַל. נאָר אויב אפילו דער שבת זאָל שטערן דער פּראָדוקציע, פארוואָס טוען ניט נאך די יידישע קאפּיטאליסטן יענע טאבאק-פאבריקאנטן, בא וועלכע ס'ארבעטן נאָר יידן. און דאָס זיינען ניט קיין קליינינטשקע פאבריקלעך: בא וויינבערגערן האָבן געארבעט 31, בא שפּילריינען — 48 און בא מאָרדפאַפּערן 69, אויסשליסליך יידן**)".

די ציַיטונג זאגט ווייטער, אז קיינער וועט ניט קאָנען האבן קיין טענות און תרעומות אויף די יידישע פאַבריקאנטן, וואָס וועלן צונעמען נאָר יידישע ארבעטער, ווייל שרעקליך גרויס איז די צאָל פון די יידישע פּראָלעטאַריזירטע מאַסן, „וואָס ליידן נויט און גייען אונטער מאָראַליש דער עיקר פון ארבעטלאָזיקייט" און שרייבט ווייטער:

„די גלייכגילטיקייט פון די יידישע גבירים צו דער וויכטיקער פראגע וועגן צוציען מעגליך א גרעסערע צאָל יידישע אָרימע מענשן צו ארבעט אין די אינדוסטריע-אונטערנעמונגען ווערט באַשטעטיקט דורך פאָלגנדיקע פאקטן: די ארבעט פון א זעצער איז צוגענגליך פאר יעדן יידן, וואָס קאָן לייענען, מעג ער אפילו זיין ווי שוואך. אָבער וואָס זעען מיר אין די דרוקערייען, וואס געהערן יידן? אין איינער פון זיי איז אויף

*) דאָרטן.

**) „Варшавскій Дневникъ", 1886, № 158.

59 קריסטליכע זעצער פאראן איין ייד; אין דער צווייטער אויף 35 קריסטן 2 יידן; אין דער דריטער אויף 26 קריסטן קיין איין ייד ניט. דאָס זעלבע מערקן מיר אויף אנדערע פאבריקן, וואָס געהערן יידן: אויף דער מעטאל-פאבריק פון שמעון הענדעלמאַן האָבן געארבעט 45 קריסטן און קיין איין ייד ניט; אויף דער דראָט-פאבריק פון מאיר וואָליאַנאָווסקי — 32 קריסטן און קיין איין ייד ניט; אויפן ציגל-זאַוואָד פון אהרון צווילינג — 70 קריסטן און קיין איין ייד ניט; אויפ ציגל-זאַוואָד פון אַהרון גאָלדבערג — 30 קריסטן און קיין איין ייד ניט. און דוקא באַם דייטש אַ. פאבער אויף דער פאבריק פון גומי-זאכן האָבן געארבעט 78 קריסטן און 15 יידן. אויף א מעטאל-פאבריק האבן געארבעט צוזאמען 25 קריסטן און 15 יידן, און אזא גרויסע צאָל ארבעטער, וואָס האַלטן שבת, האָט ניט געשטערט, ווי ס'ווייזט אויס, דעם נאָרמאַלן גאנג פון דער פראָדוקציע*).

די דאָזיקע לאַנגע ציטאטן לערנען אונז זעהר א סך. ראשית, אז דאָס ביסל יידישע ארבעטער, וואָס זיינען אין 1885-טן יאָר געווען אין די גרויסע פאַבריקן, זיינען געווען כמעט נאָר אין די טאבאַק-פאַבריקן, ווו מערסטנטייל'ס האָבן געארבעט פרויען. די יידישע פרוי, וואָס איז געקומען פונם פראָווינץ-שטעטל אָן בילדונג, אָן א פאַך, הילפלאָז און שוצלאָז, איז געווען דער בעסטער עלעמענט פאר די טאַבאַק-פאַבריקן, ווו ס'זיינען געווען די ערגסטע ארבעטס-באדינגונגען און די קלענסטע לוין-צאָלונגען. אזוי אז מען קאָן קומען צום אויספיר, אז אויך אין ווארשע, ווי מיר האָבן דאָס געזען באַ לאָדזש, זיינען קיין יידישע ארבעטער אין דער גרויס-אינדוסטריע, אפילו אין דער, וואָס איז געווען אין יידישע הענט, כמעט לחלוטין ניט געווען.

פארגלייכן מיר מיט דער דאָזיקער לאַגע די דאַטן פון דער דזשאָינט-אַנקעטע פון 1921. אין יידישע פאבריקן מיט מער פון 20 ארבעטער אין יעדער זיינען געווען אין 1921-טן יאָר 3871 ארבעטער; פון זיי יידן 2491 אָדער 64,3 פראָצ.; אין יידישע פאַבריקן מיט מער פון 30 ארבעטער זיינען געווען 2676 ארבעטער; פון זיי יידן — 1703 אָדער 63,7 פראָצענט. מיר וועלן זיין נאָר נאָענט צום אמת, ווען מיר וועלן אָננעמען, אז בערך זיינען געווען יידישע ארבעטער אין יידישע פאַבריקן מיט מער פון 25 ארבעטער אַ פאָר טויזנט, וואָס האָבן אויסגעמאכט בערך 55 פראָצענט פון אלע ארבעטער אין די יידישע פאַבריקן. דאָס אינטערעסאנטעסטע איז צו זען, אין וועלכע אינדוסטריע-צווייגן זיינען די דאָזיקע פאָר טויזנט יידישע ארבעטער פון דער גרויס-אינדוסטריע געווען באַשעפטיקט. די 2491 יידישע ארבעטער אין די פאַבריקן מיט מער פון 20 ארבעטער האבן זיך געטיילט לויט די אינדוסטריע-צווייגן אויף אזא אופן. (טאַבעלע אויף דער 151-טער זייט).

מיר זעען, אז דאָס ביסל יידישע גרויס-אינדוסטריעלע ארבעטער זיינען פארטיילט אין עטליכע אינדוסטריע-צווייגן און ניט ווי אין 1885, ווען זיי זיינען געווען נאָר אין צוויי צווייגן, אי דאָס אויף מער פון ניינציק פראָצענט אין דער טאַבאַק-אינדוסטריע. אין דער שפּייז-אינדוסטריע, וואָס נעמט שוין אריין אויך די טאַבאַק-אינדוסטריע, איז טאַקע פארנומען די גרעסטע צאָל יידישע ארבעטער, אָבער דאָך נאָר אביסל מער פון א דריטל פון אלע יידישע ארבעטער אין פאבריקן מיט מער פון 20 ארבעטער. פון די 911 ארבעטער אין דער שפּייז-אינדוסטריע זיינען געווען נאָר 305 אין דער טאַבאַק-

*) ibid.

| אינדוסטריע־צווייג | אבסאָלוטע צאָל יידן | % פון אלע באַשעפטיקטע | % פון אלע יידישע ארב. |
|---|---|---|---|
| מעטאל־אינדוסטריע | 427 | 78,8 | 17,2 |
| מאשינען און אַפּאַראַטן | 119 | 51,7 | 4,8 |
| באקלייד־אינדוסטריע | 416 | 67,5 | 14,8 |
| טעקסטיל־ " | 295 | 60,0 | 11,9 |
| שפייז־ " | 911 | 68,9 | 36,6 |
| לעדער־ " | 124 | 59,9 | 5,1 |
| גראַפיק־ " | 118 | 82,5 | 4,9 |
| פארשיידענע " | 81 | 47,1 | 4,7 |
| צוזאַמען | 2491 | 64,3 | 100,0 |

אינדוסטריע. אלזאָ, אין דער טאבאק־אינדוסטריע זיינען געווען אין 1921 נאָר ווייניקער פון אן אכטל פון אלע יידישע ארבעטער אין דער גרויס־אינדוסטריע, בשעת אין 1885 האָבן מער פון נייןציק פּראָצענט געארבעט אינם דאָזיקן שעדליכן און שלעכט באַצאָלטן פּראָדוקציע־צווייג. אין 1885־טן יאָר זיינען גאָר קיין יידישע ארבעטער ניט געווען אין די גרעסערע מעטאַל־פאַבריקן; אין 1921 זיינען דאָך שוין געווען עטליכע הונדערט יידישע ארבעטער אין אזעלכע פאבריקן. דאָס איז ווייניק, נישטיק, שרעקליך — געוויס! אָבער מער פון גאָר ניט איז דאָס דאָך!

פון די העכער געבראכטע ציטאַטן פונם האלב־אנטיסעמיטישן „ווארשאַווסקי דניעווניק“ זעען מיר נאָך, אז צוריק מיט 45 יאר איז שוין געשטאַנען שאַרף די פראגע וועגן יידישע ארבעטער אין דער גרעסערער אינדוסטריע; אז די יידישע בורזשואַזיע האָט שוין דעמאָלט אזוי ציניש און ברוטאל אויסגעמיטן יידישע ארבעטער, אז א האלב־אַנטיסעמיטישער אָרגאַן האָט איר געמוזט זאָגן מוסר און אפילו אָפּשלאָגן די אטאקעס פונם „וואָסכאָד“־פּארטיידיקער פון די ציניש מעשים פון דער יידישער בורזשואזיע; אז, ענדליך, דאָרטן, ווו יידן האָבן צוגעשטעלט ביליקע און געהאָרכזאמע הענט, ווי פרויען־ארבעט פאר דער טאבאק־אינדוסטריע, האָט מען זיך מיטן שבת־האלטן געגעבן אַן עצה.

***

צוליב דרוק־סיבות מוזן מיר איבעררייסן אונזער ארבעט איידער מיר האָבן אויסגענוצט דעם גאנצן געזאמלטן מאַטעריאַל. מיר זיינען דעריבער אויך געצוווּנגען זיך אָפּזאָגן פון באַהאַנדלען די אלע שווער־וואָגיקע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וואָס מיר האָבן פאָרמולירט אין ערשטן קאַפּיטל. מיר מיינען אָבער, אז פונם גאנצן געבראכטן מאטעריאל און פונם גייסט, אין וועלכן די ארבעט איז געשריבן, וועט דער לעזער דאָך באַקומען א געוויסע תשובה אויף די אָנגעווייטיקע פראגן, וואָס שטייען פארן פוילישן יידנטום.

מיר האָבן געוויזן אין איר גאנצער נאקעטקייט און שווידערליכקייט די טרויעריקע ווירקליכקייט פון פוילישן יידנטום; מיר האָבן געוויזן ווי דער איצטיקער פּאָליטישער רעזשים רינגלט ארום די יידן מיט אייזערנע גראַטעס און מאַכט אלץ שמעלער און שמעלער דעם סאָציאַלן פּלאַץ, אויף וועלכן זיי זיינען צונויפגעשרומפּט און צונויפגעפּרעסט, און מאכט אלץ ענגער און ענגער דאָס סאָציאַלע געטאָ, און מאכט אלץ שטיקנדיקער און שטיקנדיקער די לופט. ווי פארשפּאַרט אין א שטייג פילט זיך די יידישע באַפעלקערונג׳ וואס קאַן ניט ארויס פון לאַנד׳ ווייל ס׳איז ניטא וואוהין, און קאַן ניט

ארויס פון סאָציאַלן געטאָ, פונם קליין־האנדל און קליין־האנטווערק, ווייל זי טרעפט אָן אומעטום אויף אַן אייזערנער צוים, מיט וועלכער מ'האָט פאר איר פארשפאַרט יעדן נייעם לעבנס־צוויינ. ווייל מען האָט איר פארשטעלט דעם וועג פאר די נאטירליך אריבערגע־וואקסענע איבער די ראַמען פונם סאָציאַלן געטאָ לעבנס־פאָרמען. אָט די אייזערנע צוים שניידט זיך איין אין פלייש און בלוט פון יעדן יידן, וויקלט זיך ארום זיין האלז און ווארגט אים און וואַרגט, ממש ביז דערשטיקט צו ווערן. און מיד און צעבראכן, דערשלאָגן און מוטלאָז שטייט דאָס פוילישע יידנטום אינגאנצן אליין, איינזאם אינם אויפגעלעבטן פוילן; איזאָלירט פון דער ארומיקער באפעלקערונג; און אן אמתן אינטימען נשמה־קאָנטאַקט, אפילו מיט די אונטערגעדריקטע קלאַסן, וואָס ליידן ניט ווייניקער פון די אָרימע יידישע מאַסן — און די זעלבסטמאָרד־מגפה שניידט איר גרויסן שניט, רייסט קרבנות פון אלע קלאַסן און פון אלע שיכטן, פרומע און פריי־דענקענדיקע, ארבעטלאָזע ארבעטער, באַנקראָטירטע און ערב־באַנקראָטירטע סוחרים, לערערס און לערערקעס, סטודענטן און ארבעטלאזע אינזשענערן, פרויען, יונגט און אלטע לייט, מענער אין די בעסטע יארן — מענשן פון אלע קלאַסן און יארן. און פון יעדער זעלבסטמארד־געשיכטע איז גרינג ארויסצולייענען, אז הינטער יעדן יידישן זעלבסטמערדער שטייט א גרויסע רייע זעלבסטמאָרד־קאַנדידאַטן, נשמה־טויטע, אָבער נאָך קערפער־לעבעדיקע, שוין פון זיך זעלבסט פארמשפּטע אויף אונטערגאנג, אָבער אָן דעם נויטיקן מוט אויף צוצופּאַסן דעם גוף צו דער נשמה. אָט די דאָזיקע זעלבסטמאָרד־קאַנדידאטן, אָט די דאָזיקע ערב־מתים — זיי זיינען איצט פאראַן אין די טויזנטער צווישן די פוילישע יידן און זיי פארסמען נאָך מער די לופט, פאַרגרעסערן די פארצווייפלונג, מאַכן געדיכטער דעם יאוש און שאַפן יענע אויסזיכטלאָזע, האָפענונגלאָזע שטימונג, וואָס גראָבט אונטער די וואָרצלען פונם יידישן בוים.

דאָס אליין איז די קעגנווארט פון די ברייטע יידישע מאסן — פון די ברייטסטע יידישע מאסן, אָבער ניט פון גאנצן פוילישן יידנטום. מיר האָבן געוויזן, אז ס'זיינען פאראַן עקאנאמישע שפּיצן באם פוילישן יידנטום, וואס האבן אפילו אין די לעצטע יאָרן פארכאפּט גוטע פּאָזיציעס אין עקאָנאָמישן לעבן פונם ארום. מיר האָבן מיט א כיון געמאכט ווייטע עקסקורסיעס אין דער געשיכטליכער אנטוויקלונג פון פוילישן יידנטום און האָבן, גלויבן מיר, באַוויזן, אז ניט נאָר איינצלנע יידן, נאָר דאָס גאנצע פוילישע יידנטום האָט דאָך פראָגרעסירט, האָט דאָך געשאַפן נייע לעבנס־צווייגן, האָט אויסגעקעמפט נייע פּאָזיציעס, האָט ניט גרינג אָפּגעטראָטן פארנומענע פּאזיציעס און איז אויך איצט ניט אזוי שוואך, אז מען זאל פארלירן אינגאנצן דעם מוט און אריינפאלן אין ענדלאָזן יאוש. מיר האָבן געוויזן, אז אין יידישע הענט געפינט זיך אזא גרויסער טייל פון גאנצן עקאָנאָמישן לעבן פון לאנד און דערצו אזא צענטראלער און פילבאַדער טייל, אז מען קאָן ניט לאנגע יארן רואינירן און ברעכן איינצלנע גלידער און ניט אָנטאָן דערביי קיין גרויסע צרות דעם גאנצן קערפּער. אָט אין דעם דאָזיקן אומאויפהערליכן פראגרעסירן פונם יידישן לעבן, לאנגזאמען, ציק־צאקיקן, קוים־קוים באמערקבארן, אָבער דאָך צווייפללאָזן; אָט אין דער דאָזיקער געמיינזאמקייט פון די יידישע עקאָנאָמישע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פון דער ארומיקער מערהייט — אין דעם אלעם קאָן מען ניט נאָר נחמה און טרייסט געפינען, נאָר אויך מיטלען און וועגן צום ווייטערן קאַמף.